ווערא פיגנער

# מעמוארען

פון רוסישען איבערזעצט
פון
**מ. אשעראוויטש**

פאררעדע פון אב. קאהאן.

צווייטער באנד.



ארויסגעגעבען פון
**פארלאג „וועקער״**
175 איסט בראדוויי, ניו יארק
1925

# אינהאַלט

# פאָרוואָרט צום צווייטען באַנד.

אין מאָנאַט דעצעמבער, 1921, איז ארויס פון דרוק דער ערשטער באַנד פון מיינע „מעמוארען", און מיט דריי טעג שפּעטער האָב איך באַקומען פון אויסלאַנד די מאַנוסקריפּטען, וואָס איך האָב דאָרטען איבערגעלאָזען נאָך אין 1915.

אַ טייל פון די דאָזיגע מאַנוסקריפּטען, וואָס איך האָב אין אויסלאַנד איבערגעלאָזען, האָבען געדאַרפט אריינגעהן אין ערשטען באַנד און זיינען ניט אריין, ווייל עס איז שוין געווען צו שפּעט; און די אַנדערע זיינען מיר שטאַרק צונוץ געקומען, ווייל אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיי געקראָגען באַלד נאָכדעם, ווי דער ערשטער באַנד איז ערשינען, האָב איך אין מאָנאַט מאַי שוין געקענט אַוועקגעבען דרוקען דעם צווייטען באַנד, וואָס איך האָב אַ נאָמען געגעבען „ווען דער זייגער פון לעבען האָט זיך אָפּגעשטעלט", און וואו איך באַשרייב דאָס לעבען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

אין די מאַנוסקריפּטען, וואָס איך האָב איבערגעלאָזען אין אויסלאַנד, זיינען געווען קאַפּיטלען, וועלכע האָבען מיר געשיינט צו זיין די וויכטיגסטע, אָבער אין דער זעלבער צייט וואָלט מיר געווען זעהר שווער, און אפשר טאַקע אוממעגליך, זיי אָנצושרייבען נאָך אַמאָל, ווייל די רעוואָלוציע פון 1917 האָט אינגאַנצען געענדערט ניט נאָר די באַדינגונגען פון אונזער לעבען, נאָר אויך די שטימונג, וואָס מיר האָבען פריהער געהאַט.

צווישען יענע קאַפּיטלען איז געווען דער אָנפאַנג פון דעם בוך „דער ערשטער טאָג", וואו איך שילדער אַלעס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט יענעם טאָג, ווען מען האָט מיך פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אריבערגעפיהרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. דעם דאָזיגען קאַפּיטעל האָב איך אָנגעשריבען נאָך אין 1910 און די גאַנצע צייט האָב איך דאָרט קיין איין וואָרט ניט איבערגעמאַכט. דאָס איז, אייגענטליך, געווען דער אָנפאַנג פון מיין אַרבייט. ערשט מיט דריי יאָהר שפּעטער, אין

פריהלינג פון 1914, האָב איך זיך ווידער גענומען צו דער אַר־בייט און דאַן האָב איך אָנגעשריבן נאָך איינציגע קאַפּיטלען: „דער הונגער סטרייק", „די עפּאָלעטען", „אין שרעק פאַר'ן משפּט", „ניט געהאַלטען קיין וואָרט", „די מורא פאַר'ן לעבען", „די מאַ־מע" און „פאַר דער באַפרייאונג". די לעצטע פינף קאַפּיטלען זיינען אין אָנפאַנג געווען איינס און האָבען געטראָגען דעם נאָמען „פרייהייט", אָבער דערנאָך האָב איך זיך געכאַפּט, אז דער נאָמען איז ניט קיין געלונגענער.

אויך דעם גרויסען קאַפּיטעל „אכצעהן יאָהר" האָב איך אָנ־געשריבען אין אויסלאַנד און איצט האָב איך איהם צוטיילט אויף צווייען — „וואַרשטאַטען און גערטענדלאַך" און „ביכער און זשורנאַלען".

אויך דעם גרויסען קאַפּיטעל „אכטצעהן יאָהר" האָב איך אָנ־איך די ערשטע צייט גאָרניט געקענט טאָן. ערשט אין 1916, זו־מער־צייט, האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבייט. דאַן האָב איך געוואוינט ביי מיינע פריינד, די וואָלאָדינס, אויף זייער מאַיאָנטעק „וואָראָניעז", אין יעלעצער אויעזד, און אַזוי ווי מען האָט אויף מיר גוט אויפגעפּאַסט און פאַרשאַפט א סך באַקוועמ־ליכקייטען, האָב איך געהאַט די מעגליכקייטען צו אַרבייטען, און דאַן האָב איך אָנגעשריבען, ווי מען זאָגט, די בעסטע קאַ־פּיטלען פון אָט דעם בוך: „דער מאַמע'ס ברכה", „פּאָלונדרא" און אויך „די ערשטע באַגעגעניש" — דעם סוף פון צווייטען באַנד.

עס איז ניט נויטיג אויסצורעכענען, וואו און ווען איך האָב אָנגעשריבען די אַנדערע קאַפּיטלען. דאָס וואָלט געווען לאַנגוויי־ליג. איך וויל בלויז זאָגען, אַז דעם צווייטען קאַפּיטעל („די ערשטע יאָהרען") האָב איך אָנגעשריבען אין מאָנאַט פעברואַר, 1921, און דעם פאַר־לעצטען קאַפּיטעל („פאַרברענטע בריף") האָב איך אָנגעשריבען אין יוני, 1922.

עס קומט אויס, אַז אָט דעם בוך, דעם צווייטען באַנד פון מיינע מעמוארען, האָב איך געשריבען צוועלף יאָהר. דאָס איז אַ גאַנץ היבשע צייט. און איך קען זאָגען, אַז עס איז כמעט ניט אַוועק קיין איין טאָג, איך זאָל ניט טראַכטען וועגען דעם, וואָס איך דאַרף שרייבען. די טעמע איז מיר שטענדיג, ווי אַ שווערע משא, געלעגען אויף דער נשמה.

און איצט קען איך אָפּאָטעמען פריי: אָנגעשריבען — פּטור געוואָרען דערפון; און אַצינד איז שוין ביי מיר דער קאָפּ פרייער און איך קען שוין טראַכטען וועגען אַנדערע זאַכען.

אַלעס האָט זיך אין רוסלאַנד געענדערט: נייע צייטען — נייע לידער; און מיין בוך איז אַ ליד פון דעם, וואָס ס'איז געוועז אַמאָל — געוועזן און וועט מעהר ניט זיין.

אָבער כאָטש מיין בוך רעדט נאָר וועגען דעם, וואָס ס'איז געוועזן, און טראָגט גאַרניט אריין אין דעם פּראַקטישען לעבען פון דער איצטיגער רעוואָלוציאָנערער מינוט, וועט אָבער דאָך אַמאָל קומען אַ צייט, ווען ער וועט זיין נויטיג. טויטע מענשען ווערען טאַקע ניט לעבעדיג, אָבער ביכער יאָ. אַזוי איז געוועזן מיט סילוויאָ פּעליקאָ'ס בוך, „מיין געפענגעניש", און מיט דער־קאָסטער'ס בוך, „אולען־שפּיגעל", כאָטש איינער איז אָנגעשרי־בען געוואָרען נאָך מיט הונדערט יאָהר צוריק, און דער אַנדערער שילדערט דעם קאַמף פונ'ם 16טען יאָהרהונדערט.

„שרייבט", — האָט מיר געזאָגט די גרויסע שוישפּילערין עלעאָנאָרא דוזע, ווען איך האָב זיך מיט איהר אין אויסלאַנד גע־טראָפען. — „שרייבט, איהר מוזט שרייבען; ניט נאָר איהר, נאָר אויך אַנדערע דאַרפען וויסען, וואָס איהר האָט איבערגעלעבט."

נו, טאָ זאָלען אַנדערע אויך וויסען, וואָס אַ מענש האָט געפיהלט אַמאָל, אין יענער צייט, „ווען דער זייגער פון לעבען האָט זיך אָפּגעשטעלט". זאָל מיין ערפאַהרונג ניט געהן פאַר־לאָרען פאַר די מענשען, וואָס וועלען לעבען אין אַ צייט, ווען דער זייגער שטעהט ניט, און די ווייזערס רוקען זיך אַלץ ווײ־טער און ווייטער, און אַלץ אהין, וואו עס געפינט זיך די אמת'ע גלייכהייט, די אמת'ע פרייהייט, וואָס וועט ברענגען די ישועה פאַר רוסלאַנד און פאַר דער גאַנצער וועלט.

וועראַ פיגנער.

# ערשטער קאַפּיטעל.

## דער ערשטער טאָג.



ארטאָג, ווען אין מיין פאַרשטיקטען קאַמער פון דער פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג איז נאָך געווען פינ־סטער, איז צו מיר אריינגעלאָפען אַן אַלטער אויס־געדינטער סאָלדאַט, וועלכער האָט אין דער פעסטונג געטאָן דיזעלבע ארבייט וואָס די זשאַנדאַרען.

ער איז אריינגעלאָפען אַ בייזער און האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ רציחה, אַז איך האָב זיך אַזש דערשראָקען.

דאָס איז געווען דעם 12טען אָקטאָבער, אינ'ם יאָהר 1884.

דער סאָלדאַט איז געווען דער ערגסטער פון אַלע. אַליין איז ער שוין געווען אַ גרייז־גרויער מאַן אין די יאָהרען און שטענדיג איז ער געווען ברוגז אויף דער וועלט; די ארבייט אין דער פעטראָ־פּאַוולאָווסקער פעסטונג, די פליכטען און די פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס ער האָט אויף זיך געהאַט, די ארעסטאַנטען וואָס ער האָט צעהנדליגער יאָהרען באַוואַכט ווי אַ הונט, וואָס מען האַלט אויף אַ קייט — אָט די אַלע זאַכען האָבען איהם אַליין שרעקליך דער־עסען, און דאַריבער איז ער שטענדיג געווען אין דער רציחה, ווי אַ גזלן.

קיין האָניג האָט ער, אַפּנים, אין זיין לעבען ניט געלעקט, דער אַלטער סאָלדאַט, קיין איבעריג געזונטער מענש איז ער אויך ניט געווען, זיינע נערוועז זיינען געווען צושרויפט, און דאַריבער איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז באַלד עפּעס זאָל ער ווערען אין כעס און אויסגיסען זיין גרימצאָרן אויף וועמען עס מאַכט זיך.

זיין פּנים האָט זיך מיר אריינגעקריצט אין זכרון, אַזוי שנעל ווי איך האָב איהם דערזעהן דאָס ערשטע מאָל. ווען מען האָט מיך געבראַכט אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, האָט ער מיך אריינ־געפיהרט אין דעם באַזונדערען קאַמער, וואו מען האָט מיך פאַר־שפּאַרט און ביים פאַרשליסען די טיר האָט ער ביין אַ מרוקע געטאָן:

„זינגען איז דאָ שטרענג פאַרבאָטען!"

איך בין געבליבען שטעהן א פאַרשטיינערטע. מיר איז גאָר ניט איינגעפאַלען צו זינגען.

„זינגען גאָר? — האָב איך זיך געוואונדערט, — ווער קען גאָר ליגען אין זינען געזאַנג אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג?"

און ווירקליך, וואָס פאַר א פּנים וואָלט איך געהאַט, ווען איך צוזינג זיך אין מיטען דערינען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, וואו אַזוי פיל מענשען האָבען זיך יאָהרען לאַנג געפּלאָגט און גע־מוטשעט?! און איהם, דעם אַלטען סאָלדאַט, איז אויסגעקומען מיר אַרויסצוגעבען א באַפעהל: „זינגען איז דאָ שטרענג פאַר־באָטען!"

ווען ער איז פאַרטאָג אַריינגעקומען צו מיר אין קאַמער, האָט ער מיט כעס געגעבען א שטעל אַוועק אויף דער ערד א פּאָר גרויסע פּוישטען און אויפ'ן בעטעל א וואָרף געטאָן א פוטערנע פּעלצעל, און בייז געזאָגט:

— שטעהט אויף!... שוין זאָלט איהר אויפשטעהן! ... און זעהט, טוט זיך אָן וואָרים!...

„וואָס וועט איצט זיין און וואָס וועט מען מיט מיר איצטער טאָן?" — האָב איך זיך געטראַכט. וואָרים זינט מען האָט מיך אַרעסטירט האָב איך געפיהלט, אז איך האָב מעהר קיין דעה ניט איבער זיך און אז איך קען זיך מעהר ניט פרעגען: „וואָס וועל איך טאָן? נאָר: „וואָס וועט מ ע ן מיט מיר טאָן?"

אָט די פראַגע האָט מיר ווי א האַמער געקלאַפּט אין קאָפּ ווען איך האָב זיך אין איילעניש אָנגעטאָן און אַרויפגעשלעפּט אויף זיך די אַרעסטאַנטסקע קליידער. פאַר'ן שפּיגעל האָב איך ניט גע־דאַרפט שטעהן; אַרומגעוויקעלט די פיס מיט אָנוטשעס, אָנגעטאָן א פּאָר גרויסע שווערע שיך, אַרויפגעוואָרפען אויף זיך דאָס שמו־ציגע קליידעל פון סאָלדאַטסקע געוואַנט, וואָס איז געווען אויפ־געפּרעסען פון מאָיל, דערנאָך האָב איך אָנגעטאָן דעם שמוציגען שווייסיגען, שווערען מאַנטעל און דעם גראָבען טוכענעם שאַל.

קיין זייף זיך אַרומצוואַשען האָט מען מיר ניט געגעבען, קיין קעמעלאַך און בערשטעלאַך אויך ניט.

קיין איין מינוט האָט מיך דער געדאַנק ניט אָפּגעלאָזט: וואָס וועלען ז י י איצט מיט מיר טאָן?... אפשר וועט מען מיך איצט פיהרען צו דער תליה?... אָבער דאָס קען דאָך ניט זיין, ווייל

ערשט מיט דריי טעג צוריק האָט מען דאָך מיר בפירוש געלאָזט וויסען, אז מען האָט מיך באגנאדיגט און דער אַלטער קאָמענדאנט האָט מיר אזוי פייערליך געמעלדעט, אז מען פארשיקט מיך אויף אייביגער קאטאָרגע!...

אָבער, מאַלע וואס מען האָט געמעלדעט! פאר די צוויי יאָהר וואָס איך בין אָפּגעריסען פון דער וועלט און בין לעבעדי־גערהייט באגראָבען אין א קבר, האָט זיך ביי מיר אין קאָפּ אַלעס איבערגעדרעהט; די ווירקליכקייט האָט זיך אינגאנצען פאררוקט אין א ווינקעל... דאָס מעגליכע און אונמעגליכע האָבען זיךביידע עפּעס אזוי מאָדנע צונויפגעמישט, אז מען קען ניט וויסען וואו עס ענדיגט זיך דאָס ערשטע און וואו עס הויבט זיך אָן דאָס צווייטע, און אָפּטמאָל דוכט זיך מיר אויס, אז דוקא דאָס וואָס עס איז ניט מעגליך וועט זעהר מעגליך געשעהן...

מיט דריי טעג צוריק האָט מען מיר טאקע אָנגעזאגט די בשורה, אז מען שענקט מיר דאָס לעבען, אָבער עס קען זעהר זיין, אז איצט זאָל מען מיך פיהרען צו דער תליה...

נו, זאָל מען!

און אפשר וועט גאָר זיין אזוי: מיך אַליין וועט מען טאקע ניט הענגען... מען וועט אָבער אויפהענגען מיינע חברים, וועלכע האָבען צוזאמען מיט מיר אין דער פּאַרטיי געארבייט, און מיך וועט מען אוועקשטעלען אין א רייהע מיט זיי, כדי איך זאָל דעם גאנצען שוידער מיט מיינע אייגענע אויגען זעהן און די גאַל זאָל אין מיר צופּלאצט ווערען?... דאָס איז זעהר מעגליך... דאָס זעלבע האָט מען דאָך געטאָן מיט דאָסטאָיעווסקי׳ן און מיט אנדערע... נו, פאר וואָס־זשע זאָל מען דאָס זעלבע ניט טאָן מיט מיר!....

אָבער פאר וואָס־זשע האָט מיר דער אַלטער סאָלדאט געזאגט, אַז איך זאָל זיך אָנטאָן זעהר ווארים?... ניט אנדערש, נאָר מען וויל מיך אוועקפיהרען ערגעץ ווייט, ווייט און דאָרטען וועט זיין קאַלט... אָבער וואוהין זשע?!

צי וועט מען מיך אוועקפיהרען ערגעץ אויף א גרויסען פּלאץ, וואו עס שטעהט א תליה און ווארט אויף קרבנות? אָדער ווייט אין סיביר? אויף א שליטען, מיט צוויי באוואפענטע בייזע זשאנדארען פון ביידע זייטען, וועט מען מיך אוועקפיהרען ווייט אין סיביר, וואו עס געפינען זיך נאָך אנדערע פאר׳משפּט׳ע פרויען און פון וואנען מען קומט ניט מעהר צוריק...

אין דרויסען איז דאן געווען אן אָסיענדיגער וועטער. קיין שניי איז נאָך ניט געווען, אבער ווען איך האָב א קוק געטאָן אויף די פוישטען און אויף דעם פוטערנעם פעלצעל, האָט זיך מיר פאר־געשטעלט א לאנגער, ברייטער וועג, פארשאָטען מיט שניי און א שליטען מיט דריי פערד יאָגט זיך מיט א טייפעלשער שנעלקייט.

אין דער באגלייטונג פון זשאנדארען בין איך דורכגעגאנגען דעם גרויסען קאָרידאָר און דערנאָך האָט מען מיך ארייגנגעפיהרט אין א באזונדער צימער. דאָרטען איז ביי א טישעל געזעסען דער אויפזעהער, און אביסעל ווייטער, לעבען פענסטער, מיט דער פלייצע צו מיר, איז געשטאַנען א הויכער, דיקער מאן, מיט צוויי ברייטע פלייצעס, אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער.

— גיט אהער די האנט! — האָט מיר דער אויפזעהער געזאָגט.

איך האָב צו איהם אויסגעשטרעקט די האנט.

דער מענש, וואָס איז געשטאַנען מיט דער פלייצע צו מיר, האָט זיך אויסגעדרעהט מיט׳ן פנים און אָנגענומען מיין האנט, פונקט ווי א דאָקטאָר ווען ער וויל אָנטאַפּען דעם דופק.

„וואָס קען דאָס זיין? — האָב איך זיך געטראכט, — דאָס מוז אודאי זיין א פעלדשער! וועד־זשע דארף איהם דאָ? און פארוואָס טאַפּט ער מיין דופק?... געשיקט זיך, אז עס שטעהט מיר איצט פאָר עפּעס אן אָפּקומעניש, פון וואָס איך קען פאלען אין חלשות?"

איך האָב דערפיהלט ווי דאָס הארץ רייסט זיך מיר אָפּ, אָבער איך האָב פארקריצט די ציין און האָב זיך אָנגענומען מיט די לעצטע כוחות וואָס איך האָב נאָך געהאט.

דער הויכער מאן אין די ציווילע קליידער האָט זיך ווידער אויסגעדרעהט מיט דער פלייצע צו מיר.

דאן האָט דער אויפזעהער א זאָג געטאָן אונטער דער נאָז:

— גיט אהער ביידע הענט!...

און ווי ער האָט דאָס א זאָג געטאָן, איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואקסען א מאן מיט א שווארץ פנים און זיך אוועק־געשטעלט לעבען מיר. און ווען איך האָב איהם דערזעהן איז אויף מיר א פחד אָנגעפאלען; אין די הענט האָט ער געהאלטען א קייט.

איך בין געווארען אזוי ווילד, אז איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט קאָנטראָלירען... קייטען! מיך וועט מען שמידען אין

קייטען! אויף מיר וועט מען ארויפלעגען דעם שטעמפעל פון שקלאפעריי!

אלע בלוטען זיינען מיר געקומען אין פנים אריין. איך בין אריין אין אזא כעס, אז הענט און פיס האבען מיר אזש געציטערט, און ווען מען האט מיר אנגעטאן די קייטען אויף די הענט, האב איך בייז א טופע געטאן מיט'ן פוס און זיך צושריגען אויף דעם אויפזעהער:

„לאזט וויסען מיין מאמען. לאזט איהר וויסען, אז וואס מען זאל מיט מיר ניט טאן — איך וועל בלייבען דיזעלבע וואס איך בין!"...

— גוט, גוט! — האט דער אויפזעהער געבורטשעט אונטער דער נאז, — איך וועל איהר שוין אלעס איבערגעבען! ...

דורך צוויי אויסגעשטעלטע רייהען סאלדאטען מיט ביקסען האט מען מיך ארויסגעפיהרט אין הויף. פון דער אנדער זייט וואנט וואס האט אפגעטיילט דעם טרובעצקער באסטיאן פון דעם פלאץ, וואו די פעסטונג איז געווען, איז געשטאנען א קארעטע, און לעבען איהר צוויי באוואפענטע זשאנדארען.

אפגעגאנגען עטליכע שפאן, האב איך דערזעהן איינעם פון די עלטערע סאלדאטען, וועלכע האבען געדינט אין דער פעטראפאוולאווסקער פעסטונג. דאס איז געווען דער בעסטער, גוט־מוטיגסטער און פרעהליכסטער סאלדאט אין דער פעסטונג. אויף דער באק, געדענק איך נאך, האט ער געהאט א שניט, און אלע מאל, ווען ער האט מיך דערזעהן, פלעגט ער קוקען אויף מיר זעהר צערטליך און מיט א באזונדער מין ליבליכען שמייכעל. מיר פלעגט זיך אפט אויסדוכטען, אז מיט דעם ווארימען בליק פון זיינע גוטע אויגען רעדט ער צו מיר אהן ווערטער און זאגט אזוי:

„עך, פריצה טייערע, עפעס ווערט איהר אלץ מעהר א תל און דאס פנים ווערט ביי אייך בלאסער! פאלגט מיך און נעהמט זיך ניט אזוי שטארק צום הארצען! אין לעבען איז נאך פאראן גענוג פרייד אויף!"...

און אלע מאל, ווען איך האב איהם געזעהן און געפיהלט זיינע בליקען אויף זיך, פלעגט מיר ווערען גרינגער אויפ'ן הארצען.

איצט האט ער זיך, אפנים, אומיסטען אוועקגעשטעלט אויפ'ן וועג. אויף זיין פנים איז געווען אויסגעשפרייט אן ערנסטע און זעהר טרויעריגע מינע. אונזערע אויגען האבען זיך באגעגענט און

ווען איך האָב דערפיהלט זיינע גוטע, ווארימע בליקען, האָט עס מיך גענומען שטיקען אין האַלז און טרערען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזוי פיל מיטלייד, דער גוטער מענש, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז אָהן ווערטער, רעדט ער צו מיר: „וויין ניט, ווערא!... דאָס פּאַסט ניט פאר דיר!“...

זיינע ווארימע בליקען האָבען מיך אַזוי גערירט, אַז איך האָב זיי ווי אַ הייליגטום מיטגענומען מיט זיך אין דעם לעבעדיגען קבר, און זיך געטרויסט מיט זיי. דער פּשוט'ער רוסישער מענש, דער סאָלדאַט, וועלכער האָט מיך באוואַכט, איז מיר געווען איינגעבאַקען אין הארצען. איך האָב אין איהם געפיהלט אַן אויפריכטיגען מענשען און אַ גוטען פריינד. איך האָב געזעהן, ווי ער האָט רחמנות אויף מיר. ער איז געווען דער לעצטער און דער איינציגער מענש וואָס האָט מיך באַגלייט מיט ליבע אויף דעם לעבענס וועג וואָס איז פאַר מיר געווען פינסטער ווי די נאַכט...

— וואוהין פיהרט מען מיך? — האָב איך געפרעגט דעם אויפזעהער, ווען מען האָט מיך אריינגעזעצט אין דער קאַרעטע.

— איך וויים ניט. — האָט ער געענטפערט.

די קאַרעטע האָט זיך געריהרט פון אָרט. מיר האָבען אָנגעהויבען פאָהרען איבער דעם ברעג פון דעם טייך נעווא. יעדער מינוט איז געווען ווי אַן אייביגקייט. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עס וועט גאָר קיינמאָל קיין סוף ניט נעמען צו דער רייזע; מיר וועלען אַזוי פאָהרען און פאָהרען און וועלען זיך קיינמאָל ניט אָפּשטעלען.

ענדליך האָט זיך די קאַרעטע דאָך אָפּגעשטעלט און מיר זיינען ארונטערגעגאַנגען. איך האָב דערזעהן טרעפּ און אַ גרויסע שיף. קיינער איז אויף דער שיף ניט געווען.

די זשאַנדאַרען האָבען מיך אַ כאַפּ געטאָן און האָבען מיך ארויפגעטראָגען אויפ'ן דעק פון דער שיף. דערנאָך האָבען זיי מיך אריינגעפיהרט אין אַ באַזונדער קאַיוטע, וואו די פענסטער זיינען געווען פארהאַנגען.

די שיף האָט זיך געריהרט און האָט אָנגעהויבען געהן. זי איז געגאַנגען און געגאַנגען, און וואוהין זי געהט האָב איך ניט געוואוסט.

עס זיינען אוועק א צוויי־דריי שטונדען און א יונגער אפיצער איז אריינגעקומען און מיך געפרעגט צי איך בין הונגעריג.

„ניין!“ — האב איך געענטפערט.

ער איז אוועק, און אין א ווײַלע ארום איז ער ווידער אריינ־געקומען:

ווײַל איך אפשר א גלאז טיי?

„ניין!“ — האב איך געענטפערט שטרענג און קאלט.

וואס וויל ער פון מיר? וואס האט ער זיך צוגעטשעפעט צו מיר? איך וויל ניט עסען, איך וויל ניט טרינקען — איך וויל שווייגען, איך מוז שווייגען. איך קען מיין אייגענע שטימע ניט הערען! עפעס איז זי געווארען אזוי דין, אזוי קוויטשיג, אז ס'גרילצט מיר אין די אויערען, ווען איך דערהער זי....

און די שיף געהט און געהט און פיהרט מיך אוועק ערגעץ וויט־וויט, אין גאט ווייסט וואוהין.

אין אנפאנג איז מיר אייגעפאלען א געדאנק, אז מען וועט מיך אודאי צופיהרען ערגעץ צו א האפען און פון דארטען וועט מען מיך ערגעץ אוועקפיהרען מיט דער באהן.

אפשר קיין קעקסהאלם? איך האב געהערט, אז דארטען, אין פינלאנד, געפינט זיך אזא פעסטונג, וואו מען פארשפארט פאר־משפט'ע.

און אפשר גאר אין דער שליסעלבורגער פעסטונג? דאס קען זיין. ווײַל ווען איך בין געזעסען אין פעטראפאוולאווסקער פעס־טונג, האב איך ערגעץ געלייענט, אז דארטען, אין שליסעלבורג, האט מען ספעציעל פאר די „נאראדאוואלצעס“ אויסגעבויט א טורמע, וואו מען קען אריינזעצען פערציג מענשען, און אז אויפ'ן גע־ריכט האט איינער פון די פאר'משפט'ע חברים אויסגעשריען:

„פארשפארט אונז אלע אין דער שליסעלבורגער פעסטונג!“

מיט פינף שטונדען שפעטער האט זיך די שיף אפגעשטעלט.

די זשאנדארען האבען זיך אנגעהויבען טומלען.

„ארויף!“ — האט איינער געגעבען א באפעהל.

דארטען האבען מיר די זשאנדארען, ווי מיט אייזערנע צוואנגען, א כאפ געטאן ביי די הענט און האבען מיך אראפגע־טראגען אויף דער ערד און דערנאך האבען זיי מיך גענומען פיהרען.

מיט אמאל האב איך דערזעהן ווייסע ווענט און ווייסע אפגע־

סאַלכטע שטיבעלאַך. פון דער הויך האָט אַראָפּגעגלאַנצט אַ גרויסער גילדערנער שליסעל.

דאָן איז שוין פאַר מיר אַלעס געווען קלאָר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען האָט מיך געבראַכט קיין שליסעלבורג. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דער גרויסער שליסעל, וואָס הענגט אין דער הויך רעדט אָהן ווערטער:

„פון דאַנען געפינט מען שוין ניט דעם וועג צוריק... ווען מען קומט אהער, געהט מען שוין ניט אַרויס"...

איבער'ן אַריינגאַנג איז געהאַנגען אַ גרויסער, צוויי־קעפּיגער אָדלער מיט אַן אויפשריפט: „דעם קיסר'ס". און ווען איך האָב דאָס דערזעהן האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז אין די דאָזיגע ווערטער ליגט אַ שטאָך, אַ באַזונדער מין צו־להכעיס: נאַ, לייען און ווער צופּלאַצט — „דעם קיסר'ס".

אין דער באַגלייטונג פון אַ סך סאָלדאַטען, זשאַנדאַרען און אָפיצערען האָט מען מיך אַריינגעפיהרט אין טויער. און דאָ האָב איך דערזעהן אזוינס, וואָס איך וואָלט קיינמאָל ניט ערוואַרטעט דאָ צו זעהן — אַ דאַטשע גאָר?! וואָס איז דאָס? אַ קאָלאָניע פון ערד־אַרבייטער? אַזוי שטיל און פיין אַרום און אַרום. פּונקט ווי אויף אַ דאַטשע.

לינקס — אַ לאַנגע צוויי־שטאָקעדיגע געביידע, וואָס וואָלט אייגענטליך געקענט זיין אַן אינסטיטוט, און איז אין דער אמת'ן גאָר אַ קאַזאַרמע... רעכטס — עטליכע קליינע שטיבעלאַך, ווייסע, אָפּגעקאַלכטע און שעהנע, מיט גערטענטלאַך ביי יעדער שטיבעלע, — און אין מיטען אַ גרויסע לאָנקע מיט קוסטעס און געדיכטע בוימער. די בלעטער זיינען שוין אַראָפּגעפאַלען, אָבער דאָך איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, אַז זומער, ווען די בוימער ווערען גרין, דאַרף דאָ זיין זעהר גוט... ווייטער שטעהט אַ ווייסער קלויסטער מיט אַ גילדענעם צלם און דערמאָנט אָן דעם שטילען, רוהיגען און פרידליכען לעבען אינ'ם היימישען דאָרף.

מען פיהרט מיך אַלץ ווייטער און ווייטער און מיט אַמאָל דערזעה איך אַ גרויסע געביידע פון רויטע ציגעל, מיט צוויי הויכע קוימענס אויפ'ן דאַך. לעבען דער געביידע, אַ הויכע, רויטע, שטיינערנע וואַנט און שטאַרקע אייזערנע טויערען. די טויערען גיבען זיך אָן עפען און מען פיהרט מיך אַריין.

די אָפיצערען, זשאַנדאַרען און סאָלדאַטען געהען מיר נאָך

און די גאַנצע צייט נעמען זיי פון מיר די אויגען ניט אַראָפּ. זיי פיהרען מיך אַרויף אויף אַ גאַניק און פון דאָרטען — אין אַ גרויס צימער. אין אַ ווינקעל זעה איך אַ וואַנע.

„די הענט!“ — גיט אַ קאָמאַנדעווע דער אויפזעהער.

איך דערלאַנג איהם די הענט וואָס זיינען געווען געקאָוועט אין קייטען. ער נעהמט די קייטען אַראָפּ און טראָגט זיי אַוועק אין אַ ווינקעל.

דערנאָך געהען אַלע אַוועק. איך בלייב אַליין. אָבער באַלד דערזעה איך ווי לעבען מיר שטעהט אַ יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין דער יוניפאָרמע פון אַ מיליטערישען דאָקטאָר און נאָכדעם וואַקסט פון ערגעץ אויס אַן עלטערע פרוי, וועלכע מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויפפאַסערין אין אַ „פיינער פאַמיליע“.

דער דאָקטאָר זעצט זיך אַוועק ביים טיש, מיט דער פלייצע צו מיר, און די פרוי הויבט מיך אָן אויסטאָן.

אַ פּאָר מינוט — און איך שטעה איינגאַנצען אַ נאַקעטע.

צי איך האָב זיך געשעמט? — ניין...

האָט עס מיך פאַרדראָסען? — ניין.

מיר איז געווען אַלץ איינס! אַז מיין גאַנצע נשמה האָט זיך ערגיץ אין אַ ווינקעל פאַררוקט, אָדער זי איז אינגאַנצען פאַר־שוואונדען. געבליבען איז בלויז דער קערפּער וואָס ווייסט ניט פון קיין בושה און קיין פאַרדרוס...

דער דאָקטאָר איז אויפגעשטאַנען, און דרעהענדיג זיך אַרום מיר האָט ער מיך באַטראַכט, דערביי האָט ער עפּעס פאַרשריבען, צי איך האָב עפּעס ספּעציעלע סימנים אויפ׳ן קערפּער, צי ניין.

מיט פיר יאָהר צוריק האָט מען דאָסזעלבע געטאָן מיט מיין שוועסטער יעווגעניא; איהר האָט מען אויך אויסגעטאָן נאַקעט און פאַרשריבען אין אַ בוך די סימנים פון איהר קערפּער.

מיך האָט עס דאַן שטאַרק פאַרדראָסען, און ווען מען האָט מיך אַרעסטירט און איך האָב געהאַט די געלעגענהייט צו זעהן גראַף טאָלסטאָי, דעם מיניסטער פון אינלענדישע אַנגעלעגענהיי־טען, האָב איך איהם געזאָגט, אַז עס איז אַ געמיינהייט צו נעמען אַן אַרעסטירטע פרוי און זי אויסטאָן נאַקעט פאַר יענעם אין די אויגען. ער האָט מיט מיר איינגעשטימט. אַזוי האָט ער געזאָגט; און פונדעסטוועגען האָט מען מיט מיר געטאָן דאָסזעלבע. און איך בין חושד, אַז דוקא דערפאַר וואָס דער מיניסטער האָט געוואוסט,

אז איך בין געגען דעם, האָט ער געגעבען א וואונק, אז מען זאָל
מיך דוקא אויסטאָן נאַקעט פאר יענעם אין די אויגען.

און איך האָב ניט פּראָטעסטירט, ניט געגוואלדעוועט, קיינעם
די אויגען ניט אויסגעדראַפּעט און קיינעם ניט געביסען... פאר־
קריצט די ציין און געשוויגען. פּונקט ווי א פּרומער, וואָס מאַכט
אָפּ ביי זיך אריבערצוטראָגען די גרעסטע יסורים פאר זיין גלויבען.
און איך בין דאָך אויך א פרומע, איך האָב דאָך אויך א גלויבען,
א רעליגיע — פרייהייט!

מען האָט מיך אויסגעבאָדען און דערנאָך האָט מען מיך
אוועקגעפיהרט ארויף, אויפ'ן צווייטען שטאָק. די גאנצע טורמע
איז געווען געבויט אזוי, אז אריינגעהענדיג האָט מען גלייך גע־
קענט זעהן אלע פערציג אייזערנע טירען פון די באזונדערע
קאמערען.

מען האָט מיך פארשפארט אין א באזונדער קאמער — נומער
26. צוגעהאקט די אייזערנע טיר און — שטיל ווי אין א קבר.

איך בין געווען מיד, שרעקליך מיד, און אזוי שנעל ווי מען
האָט מיך אין דעם לעבעדיגען קבר איבערגעלאָזען אליין, בין איך
צוגעפאלען צום בעטעל און האָב זיך צוגעשפארט.

---

א נייע לעבען האָט זיך אָנגעהויבען. א לעבען אין א טויטער
שטילקייט, צו וועלכער דו הערסט זיך שטענדיג צו, א שטילקייט
וואָס קריכט דיר אריין אין די ביינער, אין מארך און אין דער נשמה.

שרעקליך איז זי, די שטילקייט, ווען זי האלט אָן, און
שוידערליך איז זי ווען זי ווערט צוזודערט. ביכלעכווייז הויבט זיך
דיר אָן דוכטען, אז אין דער שטילקייט איז פארבאָרגען א גע־
היימניש וואס לויערט אויף דיר, וואָס האָט זיך פארלעגט אויף
דיר; אלעם באקומט אן אנדער פּנים, עס ווערט אויסערגעוועהנליך
און פול מיט סודות, פּונקט ווי אין שאָטען פון א פאר'חלום'טען
וואלד ביים שיין פון א לבנה־נאַכט. אלעם איז פול מיט סודות און
קוקט אויס עפּעס אזוי מאָדנע.

אין אזא שטילקייט ווערט די ווירקליכקייט איינגעהילט אין א
טומאַן און דאָס וואָס מ'שטעלט זיך פאר אין דער פאנטאַזיע זעהט
אויס ווי א ווירקליכקייט. אלעם דרעהט זיך איבער מיט'ן קאָפּ
אראָפּ און עס ווערט א צומישעניש. דער טאָג ציהט זיך אויס אזוי
לאנג, אזוי גרוי און פלאָנטערט זיך אין קאָפּ ווי א שווערער חלום

אָהן אַ טאַלק... און ביינאַכט חלום׳ען זיך דיר אַזעלכע שרעקליכע חלומות און שטעלען זיך דיר פאַר אַזוי קלאָר און אַזוי שאַרף, אַז עס איז פאַר דיר אוממעגליך זיך אַליין צו איבערצייגען, אַז דאָס זיינען בלויז חלומות. און אַזוי לעבסטו אין אַ וועלט וואו דער חלום קוקט אויס ווי אַ ווירקליכקייט און די ווירקליכקייט — ווי אַ חלום.

היינט די קלאַנגען! די פאַרשאָלטענע קלאַנגען וואָס דער־הערען זיך אין מיטען דערינען און פאַרשווינדען באַלד... פון ערגעץ דערהערט זיך אַ שיסען, און עס דוכט זיך דיר, אַז ניט ווייט קריכט אַ שלאַנג, און באַלד וועט זי זיך מיט די קאַלטע, גליטשיגע שטעכעלקעס אַרומוויקלען אַרום דיין האַלז...

אָבער דאָס שיסעט גאָר די וואַסער אין די קראַנען.

עס דוכט זיך דיר אויס, אַז מענשען זיינען ערגיץ איינגע־מויערט אין שטיינערנע זעק... אָט הערסטו ווי זיי קרעכצען... אָט דערטראָגט זיך צו דיין אויער דער זיפץ פון אַ מענשען, וועלכער קען דעם אָטעם ניט כאַפען און שטיקט זיך אונטער אַ הויפען שטיינער.

אָבער דאָס האָט דאָך בלויז אַ הוסט געטאָן איינער פון די פאַרשפאַרטע אין אַ לעבעדיגען קבר. ער איז קראַנק אויף שווינד־זוכט און האַלט אין איין הוסטען...

קלאַפט זיך ערגעץ אָן אַ טעלער אָן אַ בעטעל — דוכט זיך דיר שוין אויס — אַז דאָס איז דער קייטען־קלאַנג פון מענשען, וואָס זיינען געקאָוועט.

וואָס איז דאָ די ווירקליכקייט און וואָס ניט? עס איז שטיל. שטיל ווי אין אַ קבר, און פּלוצלינג דערהערסטו ווי אימי־צער פּאָרעט זיך ביי דער טיר. דאָס האָט דער זשאַנדאַר אַ קוק געטאָן אין פענסטמערעל און עס באַלד פאַרהאַקט.

דאַכט זיך אַ קלייניגקייט, אָבער דאָך דערפיהלסטו ווי פון יענער קלייניגקייט גיט זיך אַ ציה אַן עלעקטרישער דראָט און באַוואַרפט דיין גאַנצען קערפּער מיט שטעכעדיגע נאָדלען וואָס צולויפען זיך דיר איבער די הענט, איבער די פיס און איבער דער נשמה. הויבסט אָן ציטערען ווי אין אַ פיבער, הויבסט זיך אָן שרעקען און ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס.

היינט די חלומות ביינאַכט! עס חלום׳ט זיך דיר, אַז דו אַנטלויפסט פון דער טורמע... מען לויפט דיר נאָך... מען שיסט...

מען כאפּט דיך... און אָט פיהרט מען אימיצען צו דער תליה...
מענשען — ווי די זאמד ביים ברעג פון ים... ביי אלעמען זיינען
די פּנים'ער אזוי פארקרימט... זיי זיינען אזש ווילד פון כעס און
רציחה... און אָט חלומ'ט זיך דיר ווי מען פּייניגט דיך שרעקליך...
מען זעצט דיך אוועק אין אן ענגען קאמער און פון אלע ווינקעלאך
רוקען זיך מיט אמאָל ארוים אָהן א שיעור אייזערנע רעהרלאך און
עס זעצט פון זיי א הייסע פּארע וואס שטיקט דיך און ווארגט
דיך און לאָזט דיך דעם אָטעם ניט כאפּען

מען פּייניגט דיך מיט עלעקטריק און מיט וואס מען קאָן נאָר.
מען זעצט דיך אוועק אויף א הילצערנעם בענקעל. ווילסטו זיך
אויפהויבען און קענסט ניט, מ'לאָזט לויפען איבער דיין קערפּער
אזעלכע שרעקליכע עלעקטרישע צוקען — צוק־צוק... איין מאָל און
צוויי מאָל און דריי מאָל... כאפּסט זיך אויף און דיין גאנצער
קערפּער באָדט זיך אין שוויים און א סקרוך לויפט דיר איבער'ן
לייב...

בלויז איין געזונט ווינקעלע איז נאָך פארבליבען אין דער
נשמה און פון דאָרטען רעדט צו מיר א שטימע:

„שטארק זיך, ווערא! פארליר ניט דעם מוט און גיב זיך ניט
אונטער! געדענק דאָס רוסישע פאָלק, געדענק די צרות, וואָס
אָרימע מענשען טראָגען אריבער! פארגעס ניט אָן די געקריווור־
דעטע! האָב אין זינען די שרעקליכע יסורים, די נויט און דעם
הונגער פון די אָרימע, שטענדיג פארהאָרעוועטע מענשען!

„האַלט זיך פעסט, ווערא! וויין ניט דארויף וואָס מען האָט
ביי דיר צוגענומען די מאמע!... פארגינס ניט קיין טרערען דארויף
וואָס דער קאמף האָט זיך ניט איינגעגעבען און אזוי פיל חברים
דיינע זיינען אומגעקומען!... קלאָג ניט אויף די חורבות וואס
זיינען אנגעוואָרפען אויף דעם וועג פון דיין לעבען!...

„האָב ניט קיין מורא! שרעק זיך ניט! אין אָט דער בית־
הקברות'דיגער שטילקייט, צווישען אָט די שטיינערנע ווענט גע־
פינען זיך דיינע פריינד... דו זעהסט זיי ניט, אבער זיי זיינען דאָ,
מיט דיר... דו ביזט דאָ ניט די איינציגע... ניט נאָר דו ליידעסט
דאָ — זיי ליידען דאָ אויך... געדענק זיי! טראכט וועגען זיי!
דו ביזט ניט אליין, זיי זיינען מיט דיר!... עס וועט קיין אומ־
גליק ניט געשעהן!... עס וועט קיין אומגליק ניט געשעהן! דו
ביזט ניט אליין!... דו ביזט ניט אליין!...

# צווייטער קאַפּיטעל.

## די ערשטע יאָהרען.



מיר זיינען געבליבען אליין אויף דער גאנצער וועלט — אָהן א היים, אָהן פריינד, אָהן חברים און אהן אייגענע; מען האָט אונז אפּגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט און ניט צוגעלאָזט צו אונז קיין איינציגע זאַך וואָס לעבט און אָטעמט.

די שיין פון דער זון האָט מען פאר אונז פארשטעלט; דורך די שויבען פון די פענסטער האָט מען געקענט זעהן בלויז די ווענט פון דער פעסטונג און מעהר גאָר ניט.

פון דעם גאַנצען ערד־קוגעל האָט מען פאר אונז איבערגעלאָזט דעם הויף פון דער טורמע און פון דעם גאַנצען הימעל האָט מען פאר אונז איבערגעלאָזט א שמאָל פּאַסיקעל, און דאָס האָבען מיר געקענט זעהן בלויז דאן ווען מען האָט אונז געפיהרט שפּאַצירען.

פון אַלע מענשען וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט, האָט מען פאר אונז איבערגעלאָזט בלויז די זשאַנדארען, וועלכע הערען ניט און ווילען ניט הערען פון אונז קיין וואָרט; זיי שטעהען ווי די ליימענע גולם'ס און זייערע פּנים'ער קוקען אויס ווי אויסגעגאָסען פון וואַקס.

און אזוי איז זיך דאָס לעבען געגאַנגען אָהן איינדרוקען און אָהן באַגעגעניסען. פאר זיך האָט יעדער איינער פון אונז איבערגעלעבט א וועלט, אָבער אָפּגעשפּיגעלט אין אונזער וועלטעל האָט זיך עס ניט; אויסערליך האָט דאָס גאַנצע לעבען אונזערעס אויסגעקוקט פּוסט, לעדיג, כמעט דורכזיכטיג און גאַנץ אָפט האָט זיך אונז אויסגעוויזען, אז דאָס איז גאָר אַזאַ שלאָף אָהן חלומות; מיר שלאָפען געהעדיג און שטעהענדיג; עס בייטען זיך פּנים'ער, עס ענדערען זיך פארבען, און אזוי פלאָנטערט זיך א לעבען, וואָס האָט ניט קיין אָנהויב און ניט קיין סוף.

איין טאָג איז געווען געראָטען אָן אַנדערען, איין וואָך אָן דער אַנדערער, און די חדשים — ווי פון איין שטיק געשניטען.

גרויע, וואַכעדיגע האָבען זיי זיך איינס נאָכ'ן אַנדערען פויל געדרוקט און מיט אַזאַ אונגעהויערער שווערקייט זיך אויפ'ן הארצען געלעגט, און אַפטמאָל האָט זיך אונז אויסגעוויזען, אַז אַ חוץ אונז איז גאָר קיינער אויף דער וועלט ניטאָ און אַז בלויז צו אונז האָט זיך צוגעטשעפּעט אַ צייט, וואָס באַשטעהט פון גרויע טעג און שווארצע נעכט, וואָס ציהען זיך און ציהען זיך אַזוי פויל און לאַנגזאַם, אַז עס איז אַ שרעק.

קיין זייגער איז ניט געווען און מען האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסען ווי שפּעט עס איז. בלויז דאַן ווען די וועכטער האָבען זיך געביטען האָבען מיר געקענט טרעפען אומגעפעהר ווי דער זייגער האַלט.

דער קאַמער, אין וועלכען מען האָט מיך פאַרשפּאַרט, איז די ערשטע צייט געווען ווייס, אָבער שפּעטער איז די ווייסע פאַרב אָפּגעקראָכען און איבער דעם האָט דער קאַמער אויסגעזעהן ווי אַ קויטיגער קאַסטען; דעם פּאָל האָט מען אָפּגעפאַרבט שווארץ; די ווענט זיינען אויבען געווען גרוי און אונטען שווארצליך און גלאַנציג ווי בליי, און ווען מען האָט זיך פאַרטראַכט און אַ קוק געטאָן אַרום און אַרום איז דער ערשטער געדאַנק געווען: „דאָס איז אַ קבר“.

די גאַנצע טורמע האָט אויסגעזעהן ווי אַ בית עולם. אַזאַ איינדרוק האָט זי אויף מיר געמאַכט ווען איך האָב זי דערזעהן ביינאַכט, ביים שיין פון די לאָמפּען. דאָס איז געווען דאַן ווען מען האָט מיך געפיהרט אין אַ באַזונדערען קאַרעטע.

די קליינע לעמפּעלאַך, וואָס האָבען געברענט ביי די ווענט האָבען באַלויכטען די צוויי־שטאָקעדיגע געביידע, און ווען איך האָב דערעהן די פערציג אייזערנע טירען, איז אויף מיר געפאַלען אַ פּחד; מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס איז אַ בית־עולם מיט פערציג קברים, וואו מענשען זיינען באַגראָבען לעבע־דיגערהייט.

פון אַלע זייטען האָט מען אונז אַרומגערינגעלט מיט סודות אין מיר האָבען קיינמאָל ניט געקענט וויסען וואָס מען וועט אונז שפּעטער טאָן; מען האָט צו אונז קיינעם ניט צוגעלאָזט; קיינער האָט אונז קיין בריף ניט געקענט שרייבען; מיט דער אויסער־ליכער וועלט האָבען מיר קיין שום פאַרבינדונגען ניט געטאָרט

האָבען. קיינער האָט ניט געטאָרט וויסען וואס מיר מאכען און ווי מיר פיהלען זיך.

געוואוסט האָבען מיר, אז מען אינטערעסירט זיך מיט אונז, אז מען פרעגט זיך נאָך אויף אונז; אבער לאָזען הערען פון זיך האָבען מיר ניט געקאָנט.

מיין מאמע האָט זיך איינמאָל געווענדעט מיט א בקשה צום געהילפס־מיניסטער ארזשעווסקי, ער זאָל איהר זאגען, וואו איך בין און וואָס איך מאַך, און דארויף האָט ער איהר געענטפערט אזוי:

— איהר וועט דאָס וויסען ערשט דאן ווען זי וועט שוין ליגען אין קבר.

אפילו אונזערע נעמען האָט מען ביי אונז צוגענומען. אָנשטאָט נעמען האָט מען אונז גערופען לויט די נומערען פון די קאמערס, וואו מיר זיינען געווען פארשפארט.

מיר האָבען ניט געהאט דעם מינדעסטען באגריף וועגען דעם געגענד ארום דער פעסטונג, ווייל מיר האָבען איהם קיינמאָל ניט געזעהן. מיר האָבען אויך קיינמאָל ניט אָנגעקוקט די געביידע אין וועלכער מען האָט אונז געהאלטען פארשפארט אין באזונדערע קאמערען, קיינער פון אונז האָט ניט געוואוסט ווער עס איז זיין שכן אין צווייטען קאמער; אלע אונטער איין דאַך, אָבער מיר האָבען דאָך איינער דעם אנדערען קיינמאָל ניט געזעהן, די דיקע ווענט האָבען אונז צוטיילט.

אלעם וואָס איז געווען פארשטענדליך, געוועהנליך און אייגען, איז אָפּגעווישט געוואָרען. געבליבען איז בלויז דאָס אומפאר־שטענדליכע, דאָס אומבאקאנטע און דאָס פרעמדע, און די שטיל־קייט איז ווי א שווערער בארג געהאנגען איבער'ן קאָפּ.

און דאָס איז ניט געווען פון דעם מין שטילקייט, וואָס הערשט צווישען לעבעדיגע. ניין, דאָס איז געווען א שטילקייט, וואָס הערשט צווישען טויטע, א שווערע, א דריקענדע, א שטיקענדע, וואָס עסט זיך איין אין די ביינער.

שטענדיג האָט זי געשוויגען, די שרעקליכע שטילקייט; אָבער שווייגענדיג האָט זי גערעדט וועגען דעם, וואָס ס'וועט זיין; אָהן ווערטער האָט זי געסטראשעט וועגען א געפאהר וואָס האלט אין קומען.

דאָס איז געווען א שטילקייט פון זאכען, פון טויטע זאכען.

דער מענש האָט אויפגעשפּיצט די אויערען און זיך איינגע־הערט אין זיך, שטענדיג געריכט זיך אויף עפּעס...

אַזאַ שטילקייט קאָן דאָך אייביג ניט אָנהאַלטען! עס מוז דאָך נעמען אַ סוף צו איהר!

דאָס האַרץ זאָגט, אַז עפּעס וועט געשעהן, אַז עפּעס וועט מוזען געשעהן און דוקא אַ שרעקליכע זאַך, נאָך פיל שרעקליכער פון דעם וואָס איז געוועזען ביז איצט.

און אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט, און סיי די טעג און סיי די נעכט זיינען איינער אין דעם אַנדערען נעוועזען געראָטען.

עס האָבען זיך אָנגערוקט מאָנאַטען און זיינען אַוועק; עס איז געקומען אַ יאָהר און איז פאַרשוואונדען, און דאָס יאָהר האָט זיך מיט גאָרניט אונטערשיידעט פונ'ם טאָג, פונקט ווי דער טאָג האָט זיך מיט גאָר ניט אונטערשיידעט פון דער נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מען האָט אונז פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, מיר זאָלען דאָרטען אויסשטאַרבען.

און ווירקליך, אין די ערשטע יאָהרען זיינען דאָרטען אויסגע־שטאָרבען אייניגע פון אונזערע בעסטע חברים: מאַלאָוואָסקי, בור־צעוויטש, קריזשאַנאָוואָסקי, נעמאָלאָוואָסקי, טיכאָנאָוויטש, קאָבילינאַנ־סקי, אַראָנטשיק, געלים, איסאַיעוו, איגנאַטי איוואַנאָוו, בוצינסקי, דאָלגאָאושין, זלאַטאָפּאָלסקי, באָגדאַנאָוויטש און וואַרינסקי.

מינאַקאָוו'ן און מישקינ'ען האָט מען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג דערשאָסען דערפאַר, וואָס זיי האָבען געסמייעט אויסצו־דריקען זייער פּראָטעסט געגען דער שלעכטער באַהאַנדלונג; קלי־מענקאָ האָט זיך אַליין אויפגעהאַנגען; גראַטשעווסקי האָט זיך אַליין פאַרברענט; יואוואַטשאָוו, שטשעדרין און קאָנאַשעוויטש זיי־נען אַרונטער פון זינען; שעבאַלין איז געוואָרען געריהרט און איז דערנאָך געזונט געוואָרען. שפּעטער איז געשטאָרבען יורקאָוואָסקי, און פּאָטיכאָנאָוו איז משוגע געוואָרען.

אויפ'ן אַכטען יאָהר האָט זיך אין שליסעלבורגער פעסטונג געקוילעט די רעוואָלוציאָנערקע סאָפיע גינזבורג; זי האָט זיך איבערגעשניטען דעם האַלז און איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. קיין איין מאָנאַט האָט זי ניט געקאָנט אַריבערטראָגען די יסורים און

די צרות, וואָס מיר האָבען אריבערגעטראָגען יאָהרען. און דאַן איז שוין ניט געווען דער שטרענגער אומוויסענדער קאָמענדאַנט פּאָק־ראַשינסקי און דער בייזער אויפזעהער סאָקאָלאָוו.

און אפילו די וואָס זיינען ארויס פון דער שליסעלבורגער פעס־טונג, האָבען מעהר ניט געקאָנט לעבען. יאַנאָוויטש און מארטינאָוו האָבען זיך דערשאָסען אין סיביר נאָכדעם ווי מען האָט זיי ארויס־געלאָזט פון שליסעלבורגער פעסטונג; פּאָליוואַנאָוו איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין אויסלאַנד. און אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זיין, ווייל די שליסעלבורגער פעסטונג האָט פון זיי אויסגעזויפּט דאָס גאַנצע בלוט און צוגענומען ביי זיי אַלע כוחות. זיי האָבען זיך שוין דערנאָך בשום אופן ניט געקאָנט צופּאַסען צום לעבען און עס איז ביי זיי אַליין אויסגעקומען, אַז זיי זיינען אינגאַנצען אי־בעריג אויף דער וועלט.

---

איך אַליין האָב זיך געפיהלט זעהר שטאַרק נידערגעשלאָגען. און אַלע מאָל האָט מיך געמוטשעט איין פראַגע: וואָס האָבען מיר „נאַראָדאָוואָלצעס" געבראַכט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג?

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ליגט אַ צושלאָגענע, די אָרגאַ־ניזאַציע איז צוקלאַפּט און פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" איז קיין זכר ניט געבליבען.

די ברייטע מאַסען זיינען געבליבען שטעהן פון דער ווייטענס. זיי האָבען אונז ניט געהאָלפען און מיר זיינען געבליבען אַליין... די זעלבסטהערשענדע רעגירונג האָט נאָך שטאַרקער פאַרצויגען דעם שטריק; אונז האָט זי אינגאַנצען אָפּגעריסען פון דער וועלט, און בעת מיר זיצען דאָ פאַרשפּאַרט אין לעבעדיגע קברים, איז אויף דער פרייהייט ניטאָ קיינער, וואָס זאָל ווייטער אָנגעהן מיט דער ארבייט וואָס מיר האָבען אָנגעהויבען.

איין טרויסט איז מיר געבליבען אין לעבען, און דאָס איז גע־ווען מיין מאַמע. אָבער ווי האָב איך זי געקאָנט זעהן?... מען האָט מיך אינגאַנצען אָפּגעריסען פון איהר און מען האָט אפילו איהרם אַ בריוועלע ניט צוגעלאָזט צו מיר.

ווען איך בין געווען פריי, האָב איך זי זעהר זעלטען געזעהן, ווייל איך בין שטענדיג געווען פאַרנומען מיט מיין ארבייט אין דער באַוועגונג. דאַן האָט זי מיר ניט געפעהלט אַזוי שטאַרק. איצט אָבער האָב איך אַזוי שטאַרק געפיהלט, ווי די מאַמע פעהלט מיר.

עס האָט מיר ניט באַנג געטאָן, פאַר וואָס איך האָב אויסגע־קליבען דעם וועג, וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער. קיין חרטה האָב איך ניט געהאַט, אָבער געליטען האָב איך זעהר אַ סך.

עס האָט מיר קיינמאָל ניט באַנג געטאָן פאַר וואָס איך טראָג אַ גרויען מאַנטעל מיט אַ לאַטקעלע אויף די פּלייצעס אין דער צייט ווען איך וואָלט געקאָנט אויספיהרען צו טראָגען שעהנע קליידער און דינע וועש.

עס האָט מיר ניט באַנג געטאָן, אָבער געליטען האָב איך זעהר אַ סך.

טאָג ווי נאַכט האָב איך אַלץ געטראַכט וועגען דער מאַמע'ן און איך האָב געפיהלט, ווי דאָס חיות געהט מיר אויס פון בענ־קעניש נאָך איהר.

מיר איז מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי שווער צו לעבען אָהן איהר, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך וועל פון זינען אַרונטער.

---

מיט אַמאָל האָט זיך מיר אָנגעהויבען דוכטען, אַז עס ווערט מיר ליכטיגער אין די אויגען. די שטומע ווענט פון דער שליסעל־בורגער פעסטונג האָבען צו מיר גענומען ריידען — איך האָב פאַר־קניפּט פאַרבינדונגען מיט די חברים, וועלכע זיינען געווען פאַר־שפּאַרט אין די אַנדערע קאַמערען.

די חברים זיינען געווען צו מיר זעהר צערטליך, זיי האָבען מיר אַלע ליב געהאַט און אַ דאַנק דעם האָבען די ווענט פון דער שליסעל־בורגער פעסטונג ביי מיר אַן אַנדער פּנים באַקומען.

אַמאָל פלעגען זיי מיר זאָגען מוסר אויך און זיך בייזערען אויף מיר. און דאָס איז געווען גוט. און איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, ווי אַן אומבאַקאַנטער מענש, דער שכן וואָס איז געווען פאַר־שפּאַרט אין צווייטען קאַמער לעבען מיר, האָט דורכ'ן קלאַפּען אין דער וואַנט מיר געשטעלט די פראַגע, וואָס איך טו, און ווען איך האָב איהם געענטפערט, אַז איך טראַכט איצט וועגען מיין מאַמע'ן און וויין, איז ער געוואָרען בייז אויף מיר און האָט מיר גענומען זאָגען מוסר, און דערביי האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האָב אין די „אָטיעטשעסטווענניע זאַפּיסקי" געלעזען די מעמואַרען פון דעם קאָמונאַר סימאָן מאַיער.

צי איך געדענק די סצענע אויף דער שיף בעת דער ים שטור־רעמט און מען נעמט די קאָמונאַרען און מען גאָלט זיי אָפּ די קעפּ.

דער אומבאקאנטער שכן, וועמען איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן, האָט מיר געהייסען, אַז איך זאָל זיך נעמען פאַר אַ ביישפּיל דעם קאָמונאַר סימאָן מאַיער; ער האָט מיך געמוסר'ט, פאַרוואָס איך פאַרליר דעם מוט, און דאָס האָט געהאָלפען. וואָרים, ווען ער וואָלט זיך ניט געבייזערט אויף מיר, ווען ער וואָלט דאַן צו מיר גאָר גערעדט צערטליך און ווייך, וואָלט עס געהאַט פּונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג.

אין איינזאַמקייט צוואַוואַקסט זיך יעדע קלייניגקייט ריזיג גרויס; עס גראָבט זיך אַריין אין מוח און בויערט דאָרטען ווי אַן עגבערעל און לאָזט ניט רוהען. אַזוי איז איצט אויך געווען. דער מוסר, וואָס מיין שכן האָט מיר אויסגעקלאַפּט דורך דער וואַנט, איז מיר אַריין אין קאָפּ און איך האָב געהאַלטען אין איין קלערען וועגען דעם. און איך קאָן זאָגען, אַז דאָס האָט אויף מיר אַזוי געווירקט, אַז מיין אומעט איז פאַרשוואונדען.

און נאָך אַ זאַך:

מיין פּראָצעס איז געווען דער לעצטער אקט פון דער רעוואָלוציאָנערער דראַמע, אין וועלכער איך האָב געשפּילט אַ ראָלע. דאָס איז געווען די אונטערשטע שורה פון מיין טעטיגקייט. דער פּולער סך הכל.

באַלד נאָכדעם ווי מען האָט מיך פאַר'משפּט, האָב איך דערפיהלט, אַז איך בין מעהר ניט קיין רעוואָלוציאָנערע טוערין, נאָר גלאַט אַ מענש. די גאַנצע אָנשטרענגונג, אין וועלכער איך האָב געלעבט אויף דער פרייהייט און אויך דאַן, ווען איך האָב ערוואַרט דעם אורטייל, איז פאַרשוואונדען און איך האָב אָנגעהויבען פיהלען, ווי עס ערוואַכט אין מיר דער מענש, דער אומגליקליכער, אונטערדריקטער מענש, וואָס ליידעט אַ סך און טראָגט דאָך אַריבער אַלע צרות.

איך האָב פאַרגעסען, אַז אַבי מען טרעט נאָר אַרויף אויף דער ביהנע פון געזעלשאַפטליכער אַרבייט, קאָן מען שוין מעהר ניט זיין גלאַט אַזוי אַ מענש; איך האָב ניט געטראַכט דערפון, וואָס איך בין מעהר און אין דער זעלבער צייט אויך וועניגער ווי אַ מענש און אַז די געזעלשאַפטליכע אַרבייט וואָס איך האָב אָנגעהויבען, איז נאָך ניט געענדיגט.

קיינעם פון אונז איז גאָר ניט איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז מיר האָבען מיט אונזער אַרבייט פאַרשריבען די „נאַראָדנאַיאַ וואָ-

ליא" אין דער געשיכטע פון אונזער צייט און אז די שליסעלבורגער פעסטונג וועט שפּילען א געוויסע ראָלע אין די מוחות פון אנדערע מענשען, וועלכע וועלען אונז באַלויכטען מיט זייער שיין.

מיר זיינען אַלע געוועזען צו באַשיידען און דאריבער האָבען מיר דאן וועגען דעם גאָר ניט געקלערט.

פינף יאָהר זיינען אוועק. און איינמאָל, נאָך דעם גרויסען הונגער־סטרייק, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט גאָרניט, ווען איך בין געוועזען נעהענטער צום טויט ווי צום לעבען און האָב פּשוט גע־בעטען אויף זיך דעם טויט, כאָטש איך האָב געפיהלט, אז איך מוז לעבען; ווען מיין נשמה איז געוועזען צוריסען אויף שטיקלאָך פון ענטוישונג און פאַרדרוס — דאַן האָב איך דערהערט, ווי דער באַ־גאַבטעסטער און פעהיגסטער מענש פון אונזער קרייז רעדט ווע־גען מיר.

„ווערא, — זאָגט ער, — באַלאַנגט ניט נאָר צו איהרע פריינד, נאָר צו גאַנץ רוס־לאַנד".

ער האָט דאָס געזאָגט און ניט געוואוסט, אז איך הער.

און אָט די ווערטער האָבען מיך אויפגעהויבען אזוי הויך, אז איך האָב אַזש אָנגעהויבען מורא האָבען; מיר האָט זיך אויסגע־וויזען, אז אויב איך וועל מאַכען איין באוועגונג ניט קיין פאָרזיכ־טיגע, איין שפּאַן ניט קיין אויסגערעכענטען, וועל איך אַרונטער־פאַלען.

איבער אָט די ווערטער, וואָס איך האָב צופעליגערווייזע דער־הערט, האָב איך באַקומען אַ ציעל פאַר זיך; איך האָב דערפיהלט, אז איך האָב גרויסע פליכטען אויף זיך און אז איך מוז ווערטה זיין דעם נאָמען וואָס איך האָב און די מיינונג וואָס מען האָט זיך גע־שאַפען וועגען מיר.

וואָס ס'וועט זיין, זאָל זיין — איך וועל זיך ניט אונטערגעבען! מיט אַלע כוחות וועל איך זיך וועהרען! די גרעסטע צרות וועל איך אריבערטראָגען און איך וועל אַלעם בייקומען, אפילו דעם טויט!...

אָבער ווי אזוי טראָגט מען דאָס אריבער? וואו נעמט מען אזוי פיל כוחות?

קיין תירוץ.

מען מוז פאַרטרייבען פון זיך דעם אומעט וואָס שטיקט זיך

אין הארצען און פאריאָגען די פינסטערניש וואָס פארשטעלט די שיין פון די אויגען.

פארגעסען! מען מוז אלעם פארגעסען!

האָב איך אָנגעהויבען טרייבען פון זיך אלעם וואָס עס איז מיר געלעגען אין זכרון. די בעסטע עראינערונגען האָב איך באַ־גראָבען אין א קבר — די היים, די בענקשאפט נאָך דער פרייהייט, די גאנצע טעטיגקייט מיינע און אויך די עראינערונגען וועגען מיין מאמע'ן.

אין מיין הארץ איז אלעם אָפגעשטאָרבען; איך האָב מעהר קיינעם ניט ליב געהאט און עס האָט מיך מעהר אויף קיינעם ניט פארדראָסען.

אין דרויסען איז געפאלען א שנעע. ער האָט אלעם צוגעדעקט.

און איך? איך האָב געלעבט. איך בין געווען געזונט, כאָטש מען האָט מיך פארשפארט אין א קבר.

## דריטער קאפיטעל.

### מען שיסט אונזערע חברים.



ינ'ם ערשטען האלבען יאהר האט מען אין דער שלי־סעלבורגער פעסטונג דערשאסען צוויי חברים אונ־זערע — מינאקאוו'ן און מישקינ'ען. ביידע זיינען געווען באקאנטע רעוואלוציאנערען.

מינאקאוו איז אינ'ם יאהר 1879 פאר'משפט געווארען אין אדעס. גע'מסור'ט האט איהם א פראוואקאטאר, וועמען ער האט זיך געקליבען אפצוראמען פון וועג. מען האט איהם דאן פארשיקט אויף קאטארגע ווייט אין סיביר. פון דארטען האט ער געפרואווט אנטלויפען, אבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען; דערנאך האט מען איהם געבראכט צוריק אין דער אייראפעאישער טייל פון רוסלאנד און מען האט איהם פארשפארט אין פעטראפאוולאווסקער פעסטונג, און פון דארטען האט מען איהם אריבערגעפיהרט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

מינאקאוו האט געוואוסט, אז פון דער שליסעלבורגער פעסטונג וועט ער שוין קיין לעבעדיגער ניט ארויס, און ער האט זעהר ניט געוואלט שטארבען ביסלאכווייז. דער לאנגזאמער טויט אין לעבע־דיגען קבר האט איהם שטארק געשראקען, און ער איז געווארען זעהר נערוועז. עס איז איהם שווער געווען זיך צוצופאסען צו די אומשטענדען, און ער האט געפאדערט, מען זאל איהם ערלויבען זיך איבערשרייבען מיט זיינע באקאנטע, מען זאל צולאזען צו איהם זיינע פריינד, מען זאל איהם געבען ביכער צו לייענען און טאבאק צו רויכערען. די פאדערונגען זיינע האט מען ניט נאכגע־געבען; איז ער ארויס אין א הונגער־סטרייק, און דערנאך האט ער געגעבען א פאטש דעם טורמע־דאקטאר זארקעוויטש.

אין דער פעסטונג האט מען געזאגט, אז דעם פאטש האט ער געגעבען דעם דאקטאר דערפאר, וואס יענער האט געפרואווט איהם געבען עסען מיט געוואלד. אבער פון די דאקומענטען, וואס מען האט געפונען אין די ארכיוועז נאך דער רעוואלוציע פון 1917, ווייזט זיך ארויס, אז מינאקאוו האט געליטען פון אזא קראנקהייט,

וואָס האָט איהם געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל זיך איהם אויסווייזען, דאָס ער פיהלט עפּעס אַן אַנדער טעם אין עסען, און איבער דעם האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז דער דאָקטאָר האָט איהם אריינגעוואָרפען סם אין עסען, כדי איהם צו פארגיפטען.

אויב דאָס איז אמת, איז דער פאַרברעכען נאָך גרעסער, ווייל עס קומט אויס, אַז מען האָט גענומען אַ גייסטיג-קראַנקען מענשען, איהם איבערגעגעבען אין די הענט פון אַ מיליטערישען געריכט און איהם דערשאָסען אין 24 שטונדען צייט.



מינאַקאָוו.

מען האָט מינאַקאָוו'ן געפּרואווט איינריידען, אַז ער זאָל זיך ווענדען מיט אַ בקשה צו דער רעגירונג, מען זאָל איהם באַגנאַדיגען, אָבער ער האָט דאָס בשום אופן ניט געוואָלט.

דאָס איז געווען אין מאָנאַט סעפּטעמבער, 1884, פּונקט אַ מאָנאַט איידער מען האָט מיך און די אַנדערע דרייצעהן חברים מיינע פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

און אין מאָנאַט דעצעמבער, אין אַ יום-טוב'דיגען טאָג, איז די גאַנצע טורמע אויפגערודערט געוואָרען. פּונקט דאַן ווען מען האָט

אונז געגעבען עסען ווערשערע, האט זיך מיט אמאל פון איין קאמער דערהערט א בראזגעריי פון געשיר וואס מען שליידערט מיט כעס אויף דער ערד, און באלד נאכדעם — א ציטערדיגע, פארשטיקטע שטימע:

— שלאגט מיך ניט!... שלאגט מיך ניט! פיהרט מיך בעסער צו דער תליה, דערשיסט מיך, אבי שלאגט מיך ניט!

דאס איז געווען מישקין, איינער פון די גרעסטע מארטירער פון דער רוסישער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

אליין איז ער געווען פון מאסקווע, וואו ער האט געהאלטען א קליינע דרוקעריי. די זעצער, וואס האבען ביי איהם געארבייט, זיינען אלע געווען אינטעליגענטע יונגעלייט, און ער האט מיט זיי געלעבט אין א קאמונע; געוואוינט מיט זיי אין איין הויז און זיך געטיילט מיט'ן לעצטען ביסען גלייך אויף גלייך.

א שעהנע שילדערונג וועגען דער קאמונע אין מישקינ'ס דרוקעריי גיט די רעוואלוציאנערקע ס. א. איוואנאווא. זי דערצעהלט, ווי אזוי זי, א קליינשטעדטעלדיגע מיידעל פון קאווקאז, איז אוועק פון דער היים און איבערגעלאזט טאטע־מאמע, כדי צו זעהן די וועלט און זיך באקענען מיט די קלוגע און געבילדעטע מענשען, וואס מען שרייבט פון זיי אין די ביכלאך. זי איז געקומען קיין מאסקווע אן עלענדע און אהן א גראשען געלט אין קעשענע; פון וואס צו לעבען האט זי ניט געהאט, איז זי באלד אוועק זוכען ארבייט, ביי וואס עס וועט זיך נאר מאכען; און אזוי האט זי געזוכט און געזוכט, ביז זי איז אנגעקומען צו מישקינ'ען אין דער דרוקעריי, און דארטען האט מען זי אריינגענומען אין דער קאמונע. די ארבייט האט זי ניט געקענט, אבער די מיטגלידער פון דער קאמונע האבען זיך צו איהר באצויגען זעהר פריינדליך, און אין א קורצער צייט האבען זיי זי אויסגעלערענט די ארבייט, און זי איז געווארען א זעצערין.

מישקין אליין איז געווען א סאציאליסט און איז געשטאנען אין נאהענטע פארבינדונגען מיט די מענשען, וועלכע האבען זיך געקליבען „געהן אין פאלק". אין זיין טיפאגראפיע האט מען אנגעהויבען דרוקען די פארבאטענע פראקלאמאציעס און בראשורען, וואס מען האט ארויסגעגעבען אין יענער צייט. די זעצער האבען געארבייט זעהר גערן; דער באוואוסטזיין, אז זיי טוען אזא זאך, וואס די רעגירונג פארוועהרט, האט זיי פארשאפט פארגעניגען. זיי האבען געוואוסט די וויכטיגקייט פון זייער ארבייט.

די פּאָליציי איז געפאַלען אויפ'ן שפּור און האָט געמאַכט אַן אַביסק אין דער דרוקעריי. אַלע אַרבייטער זיינען אַרעסטירט גע־וואָרען. נאָר מישקין אַליין איז באַצייטענס אַנטלאָפען קיין אויס־לאַנד, און דאָרטען איז איהם איינגעפאַלען צו פאָהרען קיין סיביר און אַליין באפרייען טשערנישעווסקי'ן.

אַ מענש מיט מוט איז ער געוועז, און ווען עס איז איהם



לודוויג יאַנאָוויטש.

עפּעס איינגעפאַלען, האָט ער עס געמוזט דורכפיהרען. אָנגעטאָן אין דער יוניפאָרם פון אַ זשאַנדאַרמסקי אָפיצער, איז ער געקומען אין דער סיבירישער שטאָדט ווילאַיסק, וואו טשערנישעווסקי איז געווען פאַרשיקט. דאָרטען האָט ער דעם איספּראַווניק געוויזען אַ פאַלשען באפעהל פון דער „אָכראַנקע". אין דעם באפעהל איז גע־שטאַנען, אַז מען זאָל דעם פאַרשיקטען טשערנישעווסקי איבער־געבען אין זיינע הענט, און ער וועט איהם ברענגען קיין פּעטער־בורג, וואו מען דאַרף איהם זעהר נויטיג האָבען.

דעם איספּראַווניק איז אָבער געווען קשה, פאַר וואָס דער זשאַנדאַרמסקי אָפיצער האָט זיך ניט געווענדעט פריהער צו אַ

העכערען באַאמטען, צום יאַקוטסקער גובערנאַטאָר, און ער האָט פאַר־געשלאָגען מישקינ'ען, ער זאָל פריהער פאָהרען קיין יאַקוטסק. אַלס באַגלייטער האָט ער איהם מיטגעגעבען צוויי קאָזאַקען. זיי וועלען איהם שוין ברענגען צום גובערנאַטאָר.

מישקין האָט געזעהן, אַז ער איז דאָ אַריינגעפאַלען, און ער האָט באַשלאָסען זיך אויסצודרעהען פון די צוויי קאָזאַקען. זיי האָבען איהם אָבער פון אויג ניט אָפּגעלאָזט, ווייל מען האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלען זיין זעהר פאָרזיכטיג. אָבער איידער זיי זיי־נען אַריינגעפאָהרען קיין יאַקוטסק, האָט מישקין אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און דערשאָסען איינעם אויף טויט. דער אַנדערער האָט זיך דערשראָקען און איז אַנטלאָפען.

מישקינ'ען האָט מען דערנאָך געכאַפּט. מען האָט איהם אַוועק־געשיקט קיין פּעטערבורג און דאָרטען האָט מען איהם געשטעלט צום געריכט צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע. דאָס איז געווען דער גרויסער פּראָצעס פון די 193.

די אָנגעקלאָגטע אויף יענעם פּראָצעס האָבען זיך צונויפגע־רעדט, און עס איז ביי זיי געבליבען אַרויסצושטעלען איינעם, וואָס זאָל האַלטען אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע אין געריכט. דער איינער איז געווען מישקין. און ער האָט ווירקליך געהאַלטען אַ גלענצענדע רעדע. דער פּאָרזיצענדער פונ'ם געריכט איז געווען פּעטערס, און ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגען דעם מוטיגען, דרייסטען טאָן פון מישקינ'ס רעדע; ער איז איהם אַלע מאָל אַריינגעפאַלען אין די רייד און זיך געבייזערט אויף איהם; אָבער עס האָט איהם גאָר־ניט געהאָלפען — מישקין האָט ווייטער גערעדט, און יעדער וואָרט זיינס האָט ווי אַ שאַרף מעסער געשניטען.

דער פּאָרזיצענדער האָט געמוזט איבעררייסען די זיצונג. די געשוואָרענע זיינען אַוועק, און דאַן האָבען זיך די זשאַנדאַרען מיט כעס אַרויפגעוואָרפען אויף מישקינ'ען. זיי האָבען איהם געוואָלט אַרויספיהרען פון געריכטס־זאַל, אָבער די אַנדערע אָנגעקלאָגטע האָבען ניט געלאָזט. עס איז דאַן געוואָרען אַזאַ טומעל, אַז דאָס גאַנצע געריכט איז געגאַנגען באַדראַדאַם און עס האָט זיך געטאָן חושך.

נאָך איידער עס איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס, איז מישקין אָפּגעזעסען דריי יאָהר אין טורמע. דערנאָך האָט מען איהם ערשט

פאר׳משפט אויף צעהן יאָהר קאטאָרגע, אָבער מען האָט איהם ניט פארשיקט קיין סיביר, נאָר אין דער צענטראַלער טורמע פון כאר־קאָווער גובערניע, אין פעטשענעגי. דאָרטען האָט ער אריבערגע־טראָגען די שרעקליכסטע יסורים און זיך אָפּגעמוטשעט פון 1878 ביז 1880, און ווען די „נאראָדאָוואָלצעס" האָבען מיט דינאמיט אויפגעריסען אַ שטיק פון׳ם עס־צימער אין קיסר׳ם ווינטער־פאלאַץ, און לאָריס־מעליקאָוו איז געוואָרען דער דיקטאטאָר איבער׳ן לאנד, האָט מען ארויסגעגעבען אַ באפעהל, אַז אַלע ארעסטאנטען פון דער כאַרקאָווער צענטראַלער טורמע און כאַרקאָווער גובערניע זאָלען ארויסגעשיקט ווערען ווייט אין סיביר. מיט צוויי יאָהר שפּעטער איז ער, צוזאמען מיט נאָך אנדערע, אנטלאָפען פון קא־טאָרגע; ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעשלאָגען ביז וולאַדיוואָס־טאָק, אָבער דאָרטען האָט מען איהם געכאַפּט און מען האָט איהם אָפּגעשיקט קיין פעטערבורג. דערנאָך האָט מען איהם פארשפּארט אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינע" פון דער פעטראָפּאַוו־לאָווסקער פעסטונג, וואו די „נאראָדאָוואָלצעס" זיינען בּיסלאכווייז אויסגעשטאָרבען.

אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינע" האָט מישקין עט־ליכע מאָל געפּרואווט מאכען אַ בונט געגען דעם אונערטרעגליכען רעזשים; ער האָט געהייסען די חברים, זיי זאָלען גלאט מאכען גוואַלדען, שרייען, טומלען און צוברעכען אַלעס וואָס ס׳פּאַקט זיך זיי אונטער דער האַנט; אָבער די ארעסטירטע האָבען קיין מוט ניט געהאַט דאָס צו טאָן, און דער רעזשים איז געבליבען ווי געווען.

דערנאָך האָט מען זיי אַלע אריבערגעפיהרט אין דער שליסעל־בורגער פעסטונג.

כמעט גאַנצע צעהן יאָהר האָט זיך מישקין אויסגעוואַלגערט אין אָהן אַ שיעור טורמעס, און נאָך די אַלע יסורים, פּייניגונגען און צרות, וואָס ער האָט אריבערגעטראָגען, האָט מען איהם פארשפּארט אין דער שרעקליכער שליסעלבורגער פעסטונג, וואו מען ווערט אינ־גאַנצען אָפּגעריסען פון דער וועלט.

און אפילו ער, אַזאַ העלדישער און מוטיגער מענש, האָט ניט געקאָנט אריבערטראָגען די צרות אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, און ער האָט באַשלאָסען צו נעמען אויף זיך אַליין דעם טויט. איידער אַזאַ לעבען איז שוין גלייכער צו שטאַרבען! אָבער ניט

שטארבען גלאט אזוי. פריהער מוז ער שטארק באליידיגען דעם אויפזעהער פון דער פעסטונג, כדי מען זאל איהם שטעלען צום געריכט, און דארטען וועט ער פאר דער גאנצער וועלט אויפדעקען, ווי אזוי מען פייניגט מענשען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. זאל די גאנצע וועלט דאס וויסען! ער אליין וועט טאקע באצאהלען מיט'ן לעבען דערפאר, אבער דערמיט וועט ער פארבעסערען די לאגע פון זיינע חברים.

דעם 25טען דעצעמבער, 1884, האט ער דורכגעפיהרט דעם פלאן, וואס ער האט פארטראכט, און אין מאנאט יאנואר האט מען איהם דערשאסען אויף טויט, אויף דעם זעלבען פלאץ וואו מען האט מיט דריי חדשים צוריק דערשאסען מינאקאוו'ן.

איידער מען האט איהם דערשאסען, האט ער דורך זיין שכן, וואס איז געווען פארשפארט אין א קאמער לעבען איהם, געבעטען, אז די חברים זאלען איהם שטיצען אין דעם פראטעסט וואס ער וועט אויסדריקען, אבער קיינער האט זיך דארויף ניט אפגערופען, ווייל מען האט אונז געהאלטען אזוי אפגעזונדערט איינער פונ'ם אנדערען, אז עס איז פשוט ניט מעגליך געווען זיך צונויפצוריידען.

נאכדעם ווי מען האט מישקינ'ען דערשאסען, זיינען צו אונז אין דער פעסטונג געקומען מיט א וויזיט צוויי גרויסע געסט: דער געהילפס־מיניסטער פון אינלענדישע אנגעלעגענהייטען און דער זשאנדארמסקי גענעראל ארזשעוווסקי. זיי זיינען געגאנגען פון קאמער צו קאמער און דערנאך איז ארויסגעגעבען געווארען א באפעהל, אז זעקס פון די פארשפארטע, די שוואכע, די קראנקע, זאל מען מעגען פיהרען שפאצירען ניט איינציגוויין, נאר פארוויין. די זעקס, וועלכע האבען געקראגען אזא פריווילעגיע, זיינען געווען: מאראזאוו און בוצעוויטש, וועלכער איז דערנאך געשטארבען פון שווינדזוכט; טריגאני און גראטשעווסקי, וועלכער האט זיך שפעטער אליין פארברענט; פראלענקא און אויך איסאיעוו, וועלכער איז שוין דאן געווען זעהר קראנק אויף שווינדזוכט.

דאס שפאצירען פארוויין איז געווען דאס ערשטע בייגדעל, וואס מען האט אונז צוגעווארפען. אין די לעבעדיגע קברים, וואו מיר זיינען געווען פארשפארט, איז דאס פאר אונז געווען א גרויס גליק.

א רעכט דארויף האבען מיר געהאט. אויף דער וואנט איז

בפירוש געהאנגען א שילד מיט אן אויפשריפט, אז פאר „גוטע אויפפיהרונג" וועט מען באלוינט ווערען מיט א שפאציר פארווייז. אבער מעהר ווי ביים אויפשריפט איז מען ניט געבליבען.

ערשט נאך גענעראל ארזשעווסקי'ס באזוך האבען די אויבען דערמאנטע זעקס חברים אונזערע געקראגען די פריווילעגיע צו שפאצירען פארווייז. קיין אנדערע האבען די פריווילעגיע ניט גע־קראגען. דער אויפזעהער פון דער פעסטונג האט ניט געלאזט. ביי איהם איז אויסגעקומען, אז קיינער פון אונז פיהרט זיך ניט אויף גוט.

# פיערטער קאפיטעל.

## די טורמע גיט מיר א פריינד.



יך האב געוואוסט, אז אין דער זעלבער פעסטונג, וואו איך בין פארשפארט, געפינט זיך אויך ליור־מילא אלעקסאנדראוונא וואלקענשטיין, וועלכע איז פאר׳משפט געווארען צוזאמען מיט מיר, אין דעם „פראצעס פון די פיערציהן“. דער חשק זיך צו זעהן מיט איהר איז ביי מיר געוועזן זעהר גרויס, האב איך זיך געווענדעט צום אויפזעהער מיט א בקשה, אז ער זאל אונז לאזען שפאצירעןביידע צוזאמען.

דאס איז געוועזן אין די ערשטע טעג פון יאנואר, אינ׳ם יאהר 1886.

דער אויפזעהער האט מיך אפגעמאסטען מיט די אויגען פון אויבען ביז אראפ. א ווײלע האט ער געשוויגען און דערנאך האט ער א זאג געטאן אזוי:

— איך וואלט אייך געקאנט טאן די טובה, אבער מען דארף ניט...

זאגענדיג דאס האט ער פארבויגען איין פינגער און א קלאפ געטאן מיט איהם אין דער וואנט, און דאס האט געמיינט, אז איך פיהר זיך ניט אויף גוט גענוג, ווייל איך קלאפ צו אפט מיט׳ן פינגער אין דער וואנט, ריידענדיג אויף אזא אופן מיט די חברים וואס זיינען פארשפארט אין די אנדערע קאמערען.

איך האב איהם געענטפערט, אז ער האט א טעות, ווייל דער אמת איז, אז איך קלאפ גראדע ניט אזוי אפט.

מעהר האב איך מיט איהם וועגען דעם ניט גערעדט, און איך בין ווידער געבליבען אליין מיט מיין שרעקליכער איינזאמקייט. איך האב שוין כמעט געהאט אויפגעגעבען די האפנונג צו האבען אזא גליק ווי ריידען אמאל מיט אן אייגענעם מענשען.

אבער איך בין דאך אויפגעריכט געווארען. דעם 14טען יא־נואר, ווען מען האט מיך ארויסגעפיהרט אויפ׳ן שפאציר שפעטען אביסעל פרישע לופט, האט זיך דאס טירעל פון דער ערשטער

„שטייג“ געעפענט, און, צו מיין גרויסער איבעררעאשונג, האָב איך דערזעהן א פיגור אָנגעטאָן אין א פעלצעל, מיט א געוואַנטענעם שאַל אויפ׳ן קאָפּ, און נאָך איידער איך האָב אויסגעפיעט א טראַכט צו טאָן האָט זיך די פיגור מיט פרייד א וואָרף געטאָן צו מיר און מיך שטאַרק אַרומגענומען.

דאָס איז געווען מיין חבר׳טע, לודמילא וואָלקענשטיין. זי



לודמילא וואָלקענשטיין.

איז איבעררעאשט געוואָרען ווען זי האָט דערזעהן וואָס פאַר א פּנים איך האָב און וואָס פאַר בגדים איך טראָג, און פונקט דאָס זעלבע איז געווען מיט מיר ווען איך האָב זי דערזעהן.

אַרומגענומען זיינען מיר אַזוי געשטאַנען א ווײלע, זיך געטער־ליעט איינע צו דער אַנדערער, און מיר האָבען אַליין ניט געוואוסט וואָס צו טאָן — זיך פרעהען אָדער גאָר וויינען.

איך האָב די וואָלקענשטיין זעהר וועניג געקענט. געהערט איינע פון דער אַנדערער האָבען מיר אַ סך, אָבער עס איז אונז קיינמאָל ניט אויסגעקומען זיך צו טרעפען. באַקאַנט געוואָרען זיינען מיר ערשט אין געריכט, ווען עס איז פאָרגעקומען אונזער פּראָצעס.

מיט איהר אויפריכטיגקייט, איינפאַכקייט און אויך מיט דער אויסערגעוועהנליכער הארציגקייט, וואָס זי האָט אין זיך געהאַט, האָט זי מיך גלייך צוגעצויגען. עס האָט קיין סך ניט געדויערט און מיר זיינען ביידע שטאַרק באַפריינדעט געוואָרען, אָבער אַזוי באַפריינדעט ווי עס קענען נאָר זיין מענשען, וועלכע האָבען זיך געראַטעוועט פון אַ געזונקענער שיף און זיינען פאַרוואָרפען געוואָרען אויף אַ וויסטען אינזעל.

זי איז ביי מיר געווען אַלץ אין דער וועלט, און איך ביי איהר אויך דאָס זעלבע. אויסער אונזער פריינדשאַפט האָבען מיר גאָר ניט פאַרמאָגט, ווייל מיר זיינען ביידע געווען אָפּגעריסען פון דעם גאַנצען לעבען; מיר זיינען ביידע געווען פאַרשפאַרט אין אַ פעסטונג, וואו מען זעהט בלויז אַ רייהע פון איינגעמויערטע שטיי־נער, לעבעדיגע קברים, וואו מענשען ווערען פאַרשטיקט, וואו מענ־שען בעטען אויף זיך דעם טויט.

ווער עס איז נאָר אַמאָל געזעסען אין טורמע ווייסט ווי אָנ־גענעהם עס איז די גוטע און צערטליכע באַציהונג פון אַ חבר. דאָס הארץ ווערט פול מיט פרייד דערפון.

אין די מעמוארען וואָס פּ. ס. פּאָליוואַנאָוו האָט אָנגעשריבען וועגען זיינע איבערלעבונגען אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועל־לינע“ פון דער פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, שילדערט ער זעהר אַ ריהרענדע סצענע ווי אַזוי קאָלאָדקעוויטש פּלעגט זיך אויף די קוליעס צושלעפּען צו דער וואַנט פון זיין קאַמער און מיט די פינ־גער אויסקלאַפּען אַ טרויסט וואָרט פאַר איהם. דורך דער שטיי־נערנער וואַנט פּלעגען זיי זיך ביידע אַזוי צונויפריידען אַ פּאָר מינוט, און דאָס איז געווען זייער גרעסטער פאַרגעניגען. אין יע־נער צייט זיינען זיי שוין ביידע געווען ערנסט קראַנק און האָבען זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען פון שוואַכקייט. פּאָליוואַנאָוו אַליין גיט צו, אַז ווען ניט די געשפּרעכען מיט קאָלאָדקעוויטש'ן דורך דער שטיינערנער וואַנט, וואָלט ער אפשר אַרונטער פון זי־נען פון איינזאַמקייט, אָדער ער וואָלט זיך גענומען דאָס לעבען.

און ווירקליך, מען קען זיך קוים פֿאָרשטעלען די געוואַלדיגע ווירקונג פֿון אַ פֿריינדליך וואָרט אויף אַ מענשען, וואָס זיצט פֿאַרשפּאַרט אין טורמע. ווען די אַרעסטירטע וואָלטען זיך אַמאָל ניט צונויפגערעדט קלאַפּענדיג מיט די פֿינגער אין די ווענט, וואָלטען זיי קיין איין טאָג ניט געקענט לעבען. און ניט אומזיסט פֿיהרען אַרעסטאַנטען אַזאַ פֿאַרביטערטען קאַמף פֿאַר דעם רעכט צונויפצורײדען זיך איינע מיט די אַנדערע קלאַפּענדיג אין די ווענט. דאָס איז פּשוט אַ קאַמף אויף טויט און לעבען; און דעם קלאַפּען מיט די פֿינגער אין די ווענט כאַפּט מען זיך אָן פּונקט ווי איינער וואָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי; אָהן דעם קען מען ניט אויסקומען, אָהן דעם קען מען ניט לעבען. און ווען אַ פֿאַרשפּאַרטער אין טורמע ווערט אַזוי אויפגעריכט, אַז ער קען זיך טאַקע צונויפרײדען אויף אָן אמת'ען, מיט אַ נאָהענטען מענשען, הערען די אייגענע שטימע און אויך יענעמס שטימע, אַריינקוקען יענעם אין די אויגען און פֿיהלען זיין וואַרימען בליק, זיין פֿריינדליכען האַנד־דרוק — דאָס איז אַזאַ גליק וואָס מען קען גאָר מיט קיין ווערטער ניט איבערגעבען. בלויז די מענשען, וועלכע זיינען לאַנג געזעסען אין טורמע, קענען דאָס פֿאַרשטעהן.

כ'ווייס ניט ווי אַזוי די וואָלקענשטיין האָט געקוקט אויף מיר, איך ווייס אָבער, אַז פֿאַר מיר איז זי געווען אַ קוואַל פֿון טרייסט, פֿרייד און גליק, און ווען ניט זי, וואָלט איך אפשר ניט געקענט איבערטראָגען אַזוי פֿיל צרות. וואָרים איך בין געווען שרעקליך אָפּגעשוואַכט און די נערוועזן זיינען ביי מיר געווען אַזוי צורודערט, אַז יעדער קליינינקייט האָט מיך שרעקליך אויפגערעגט. איך האָב געפֿיהלט, אַז די כחות געהען מיר אויס.

צייטענווייז פֿלעגט זיך מיר אויסדוכטען אַז דער מוח קערט זיך מיר איבער און איך הויב אָן אַרונטערגעהן פֿון זינען. און מיט אַמאָל געפֿין איך אַ פֿריינד, אויף וועמען דאָס לעבען אין טורמע ווירקט ניט אַזוי שרעקליך ווי אויף מיר; און דער פֿריינד איז אַזאַ צערטליכער, אַזאַ גוטער, אַזאַ האַרציגער.

זי האָט זיך באַצויגען צו מיר אַזוי פֿריינדליך, אַזוי גוט, אַז צייטענווייז האָב איך פּשוט געפֿיהלט, ווי זי נעמט די טייערסטע אוצרות פֿון איהר גאָלדענער נשמה און גיט זיי מיר אוועק. איך האָט געמעגט זיין ווי טרויעריג, ווי נידערשלאָגען, אָבער אַזוי שנעל ווי איך האָב זי דערזעהן, איז מיר באַלד געוואָרען גרינגער

אויפ'ן הארצען, ווייל זי האָט אַלעמאָל געקענט זאָגען א גוט וואָרט, אָדער טאָן אזא זאך וואס צושטרייט די געדאנקען און פיהרט זיי אוועק אין אן אנדער וועלט, וואו עס איז פאראן ליכט און האָפנונג. מיט איין בליק פון איהרע צוויי גוטע אויגען האָט זי מיך געקענט מאכען פרעהליך, און אַלע מאָל, נאָך א שפּאציר מיט איהר צוזאַמען, האָב איך זיך געפיהלט אזוי בארוהיגט, אז דער פינסטערער קבר, וואו מען האָט מיך געהאלטען פארשפּארט האָט ביי מיר מיט אַמאָל גענומען אויסזעהן אנדערש און עס האָט זיך מיר געדוכט, אז דאָס לעבען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג איז גאר ניט אזוי שרעקליך, ווי איך מיין.

דאָס שפּאצירען צוזאַמען מיט דער וואָלקענשטיין איז ביי מיר געווען דאָס גאנצע לעבען. איך האָב געהאלטען אין איין טראַכטען וועגען דעם, איך האָב גאָר קיינמאָל ניט אויפגעהערט טרוימען וועגען דעם.

פיהרען אויף שפּאציר פלעגט מען אונז א טאָג איבער א טאָג, און דאָס איז אפשר בעסער, ווייל דורך דעם וואָס מיר האָבען זיך א טאָג ניט געזעהן איז אונזער בענקשאפט איינע נאָך דער אנדערער געוואָרען נאָך שטארקער, און א דאנק דעם פלעגען מיר זיך מעהר פרעהען ווען מען האָט אונז ווידער צונויפגעפיהרט. יעדער באגעגעניש איז ביי אונז געווען א יום טוב, און נאָך עד היום איז מיר אנגענעם צו טראַכטען וועגען יענע טעג ווען איך האָב אין שליסעלבורגער פעסטונג געהאט דאָס פארגעניגען צו שפּאצירען מיט דער גוטער לודמילא וואָלקענשטיין.

ווען אין טורמע פלעגט זיך טרעפען עפּעס אן אומגליק, ווען עס איז געשטאָרבען א חבר, ווען עמעס הארצרייסענדע קרעכצען עס פלעגען זיך דערטראָגען צו אונז דורך די שטיינערנע ווענט, האָט מען דאָס גלייך געקענט דערקענען ביי אונז ביידען אויפ'ן פנים; אין אזא מאָמענט פלעגען מיר זיך באגעגענען מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ, זיך צוקושען און שווייגען; נידערגעשלאָגענע און פאראומערטע פלעגען מיר זיך אָנגעהמען אונטער'ן אָרעם און שטיל, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט, שפּאצירען*) איבער דער סטעזשקע, אָדער זיך אוועקזעצען און זיך

*) קיין בענק זיינען ניט געווען.

צושפּאַרען מיט די פּלייצעס צום פּלויט, ווייטער פונ׳ם זשאַנ־דאַר וואָס גיט אכטונג אויף אונז.

אין אזעלכע מאָמענטען איז שווער געווען צו ריידען; מיט קיין ווערטער האָט מען ניט געקענט אויסדריקען דאָס וואָס מיר האָבען געפיהלט, און דאָס איינציגע וואָס ס׳איז פאַר אונז גע־בליבען איז געווען — זיך צוטוליען איינע צו דער אנדערער און שווייגען.

א סך מאָל איז אונז ביידען אויסגעקומען איבערצולעבען אזוינע שווערע מאָמענטען. אינ׳ם יאָהר 1886 זיינען אין איין חודש צייט איינער נאָך דעם אנדערען געשטאָרבען דריי חברים אונזערע — קאַביליאַנסקי, איסאַיעוו און איגנאַטי איוואַנאָוו. דער ערשטער איז געשטאָרבען פון צינגא, אזא קראַנקהייט וואָס די יאַסלעס הויבען אָן פוילען און עס האַלט אין איין געהן בלוט; דער צווייטער איז געשטאָרבען פון שווינדזוכט, און דער דריי־טער, איגנאַטי איוואַנאָוו, איז געשטאָרבען פון ביידע קראַנק־הייטען צוזאַמען; דערצו איז ער נאָך געווען געריהרט פון זינען אויך...

נאָך ביז היינטיגען טאָג קען איך ניט פארגעסען ווי אי־סאַיעוו פלעגט הוסטען. יעדער הוסט פלעגט אָפּקלינגען אין דער לופט ווי אַרויסגעזעצט פון אַ ליידיגען פאַס. עס פלעגט מיך אַזש פאַרקלעמען ביים הארצען ווען איך האָב געהערט ווי ער הוסט...

ניט איינמאָל פלעגט מען מיך און די וואָלקענשטיין אַריינ־פיהרען אין דער זעלבער אָפּגעגרעניצטער שטייג, וואו איסאַיעוו האָט פריהער געשפּאַצירט, און אלע מאָל פלעג איך באמערקען ווי אויפ׳ן שנעע ליגט א שטיקעל בלוט וואָס ער האָט נאָר וואָס אויסגעשפּיגען... מיך פלעגט דאָס אזוי וועה טאָן! איך האָב געזעהן ווי פאַר מיינע אויגען געהט אוים א ליבער חבר, ווי ער קומט אלץ נעהענטער און נעהענטער צום קבר און קיינער קען איהם שוין ניט ראַטעווען...

און וואָס פאַר א זייט איך האָב געקוקט, האָב איך אלץ געזעהן דאָס אויסגעשפּיגענע שטיקעל בלוט...

פאַר וואָס האָבען דאָס די וועכטער פון דער טורמע ניט צוגעדעקט מיט שנעע?... פאַר וואָס האָבען זיי עס ניט פאַר־שאָטען?... מיר האָבען דאָס ניט געקענט טאָן ווייל מען האָט אונז קיין לאָפּעטעס ניט געוואָלט געבען..

א שטיקעל בלוט אויפ'ן שנעע... אויסגעשפּיגען האָט עס א חבר, א טייערער, ליבער חבר...

פאַר'ן טויט האָט ער געליטען די שרעקליכסטע יסורים. מיר דוכט זיך, אז קיינער האָט זיך אזוי פיל פאַר'ן טויט ניט געמוטשעט ווי ער. ווען מען וואָלט איהם דאן, פאַר דער גסיסה, געגעבען אביסעל מאָרפיום אָדער אָפּיום, וואָלט ער זיך פאַר־שפּאָרט צו מוטשען אזוי שטאַרק. אָבער מען האָט איהם קיין מאָרפיום ניט געגעבען... אין טורמע איז געווען אזוי שטיל ווי אויף א בית הקברות... מיר האָבען איינגעהאַלטען דעם אָטעם און זיך איינגעהערט... קיין שאָרך, קיין אָפּקלאַנג... שטיל... מיט אמאָל דערהערט זיך א זיפץ, וואָס קלינגט אָפּ אין די אויע־רען ווי א האַרצרייסענד געשריי... עס איז אזוי שווער, מורא'דיג שווער צו זעהן ווי אזוי א מענש שטאַרבט, און נאָך טויזענט מאָל שווערער איז דאָס ווען מען איז אליין פאַרמויערט אין א שטיינערנעם זאַק און מען קאָן גאָר ניט טאָן פאַר דעם מענשען וואָס ראַנגעלט זיך מיט'ן טויט... בלויז אין א טורמע, אָדער אין א משוגעים־ הויז, וואָס איז געגליכען צו א טורמע, קאָן מען איבערלעבען אזעלכע שרעקליכע זאכען...

ווען דער פרילינג איז געקומען האָט מען מיר און דער וואָלקענשטיין געגעבען צוויי קליינע גערטענדלאך צו באַאַרביי־טען. יעדער גערטענדעל האָט געהאַלטען פיער אַרשין די לענג און איין אַרשין די ברייט. אזעלכע גערטענדלאך זיינען געווען זעקס און געמאַכט האָט מען זיי אין דעם גרויסען גאָרטען, וואו־הין מען האָט אונז פריהער ניט אריינגעלאָזט.

דאָס גערטענדעל אונזערס איז געווען ניט קיין גרויס און די שטראַלען פון דער זון זיינען כמעט קיינמאָל אהין ניט צוגע־קומען, און דאָך האָבען מיר זיך שטאַרק דערפרעהט ווען מען האָט אונז אהין אריינגעפירט. מיר האָבען דערזעהן ערד, טאַקע אמת'ע ערד, די ערד פון פעלדער און לאָנקעס, שוואַרצע, פייכטע און קאַלטע ערד. און דאָס איז פאַר אונז געווען א נייעס: ווייל ביז דאַן האָבען מיר געזעהן בלויז שטיינער און שטיינער און קיין איינציג גרעזעלע אפילו.

אינ'ם יאָהר 1886 האָט מען צו אונז אין די קליינע גער־טענדלאך געבראַכט זאַמד און געגעבען יעדען איינעם א לאָ־פּעטע, און מיט דער דאָזיגער לאָפּעטע האָט מען געדאַרפט אי־

בערשיטען די זאמד פון איין אָרט אויפ'ן אנדערען, אבי עפּעס צו טאָן, כדי אוועקצו־הרג־ענען די צייט.

פאַר אונז איז דאָס געווען א גליק, אָבער ניט אַלעמען האָט מען געגעבען אזעלכע גערטענדלאך. דאָס גליק האָט לאנג ניט געדויערט, ווייל אין א קורצער צייט ארום איז אונז נמאס גע־וואָרען די ארבייט איבערצושיטען די זאמד פון דאנען אהין און פון דאָרטען אהער.

שעהן פלעגט זיין ווי אזוי מען פלעגט געבען אן ארעסטאנט א גערטענדעל צו באארבייטען. דער אויפזעהער און דער וואכ־מייסטער פלעגען דאַן אָננעמען דעם ארעסטאַנט ביי דער האנט, און איהם שטיל, אָהן ווערטער, ארייַנפירען אין גרויסען גאָרטען און מיט'ן פינגער אָנווייזען אויף דעם אָפּגעצאמטען קליינעם גערטענדעל וואָס מען גיט איהם. דערנאָך פלעגט דער וואכמייסטער, אָהן ווערטער, געבען דעם ארעסטאנט א פּע־קעלע זריעה, רעטעכלאך, מערלאַך, ארבעס, מאָן און שאָר ירקות, און געוויזען וואָס מען דאַרף טאָן דערמיט; אָנבויגענ־דיג זיך האָט ער מיט'ן פינגער געמאכט א גריבעלע אין דער ערד און ארייַנגעלעגט אהין די זריעה און דערנאָך איז ער שטיל אוועק, ניט ריידענדיג א וואָרט צו קיינעם.

ריידען מיט אן ארעסטאנט האָט מען ניט געטאָרט. דאָס איז געווען שטרענג פארבאָטען. און אויב דער וואכמייסטער האָט עפּעס געדאַרפט געבען צו פארשטעהן, האָט ער דאָס געטאָן אויף שטום־לשון, און דערפאר האָבען מיר איהם טאקע א נאָמען געגעבען: „דער שטום־לשון".

ווען מיר האָבען דערזעהן די ערשט־ארויסגעוואקסענע גרינע גרעזעלאך זיינען מיר געוואָרען מלא שמחה, און ווען דער זומער איז געקומען און עס האָבען זיך ארום פּארקען צובליהט די בלו־מען וואָס די זשאנדארמען האָבען פארזייהט האָבען מיר זיך געפרעהט ווי די קליינע קינדער. מיר האָבען זיך פּשוט פאר־בענקט נאָך גרין גראָז, נאָך פעלדער און לאָנקעס און מיר האָבען פּשוט געהאט גרויס נחת פון יעדער שטיקעלע פרישע ערד.

און איך געדענק נאָך אזוי ווי היינט ווי איך בין איינמאָל ארייַנגעקומען אין מיין גערטענדעל און האָב דערזעהן ווי דאָס גרינע גראָז וואָס וואקסט ביים פּארקען איז פארשאָטען מיט ערד, און דאָס האט מיך ארייַנגעבראכט אין אזא כעס, אז עס

איז א שרעק. שנעל און האסטיג האב איך מיט די הענט גע־נומען אראפשארען די ערד פון דעם גרינעם גראז. איך האב דאן געהאט פונקט דעם זעלבען געפיהל וואס א מאמע ווען זי דערזעהט ווי איהר טייער קינד איז פארשאטען געווארען פון א הויפען ערד.

זינט מען האט מיך ארעסטירט, איז דאס געווען דער ערש־טער פאל וואס איך בין געווארען אין כעס. און אויף וועמען? אויף אן אייגענעם חבר... אבי איך האב געמיינט, אז לעבענדיג אין אזעלכע אומשטענדען איז אבסאלוט אונמעגליך אזא זאך ווי ווערען אין כעס אויף אן אייגענעם חבר...

איך האב מיר געהאט מיינע שוואכקייטען צו פלאנצונגען און מיין פריינדין לודמילא וואלקענשטיין האט זיך געהאט איהרע שוואכקייטען צו קליינע לעבעדיגע באשעפענישען וואס קריכען ארום אויף דער ערד, אדער פליהען ארום אין דער לופט. זי האט זיך צו זיי באצויגען אזוי פארזיכטיג און אזוי עדעל, אז עס איז פשוט געווען צו באוואונדערען. די פייגעלאך האבען זי אזוי ליעב געהאט און זיינען אזוי צוגעוועהנט געווארען צו איהר, אז זיי פלעגען ווי איינגעלאדענע מחותנים עסען ברעקלאך ביי איהר אויפ'ן שויס...

און איך געדענק נאך איצט אזא זאך:

אלע מאל ווען מיר האבען געשפאצירט געארמט, פלעגט זי מיך אלץ יעדער ווייל א שלעפ טאן אין א זייט· פאר וואס זי טוט דאס האב איך ניט געוואוסט, און ווען איך האב זי איינ־מאל געפרעגט, האט זי מיר דארויף געגעבען אזא ענטפער, אז איך האב זיך געמוזט צולאכען. שטעלט אייך פאר: זי, די באַ־וואוסטע טעראריסטקע לודמילא וואלקענשטיין, האט מורא גע־האט מיר זאלען נאך, חלילה, ניט צוטרעטען מיט די פיס א זשור־קעל, אדער א ווערימעל, וואס קריכט ארוים אויף דער ערד!... מיר איז גאר קיינמאל ניט איינגעפאלען צו קוקען אויף דער ערד און זיין פארזיכטיג, איך זאל ניט צוטרעטען עפעס א שרצ'ל וואס קריכט ארום...

ווען עס האבען זיך אויף אונזערע בוימעלאך געוויזען מאַ־לינעס, האט זיך געיאוועט א זשוקעל און האט זיי געגריזשעט. איך האב געוואלט פטור ווערען דערפון און עס איז ביי מיר געווען רעכט צו נעהמען דאס זשוקעל און עס באגיסען מיט וואַ־

סער און עס דערטרינקען, ווארים ווי דערלאזט מען דאס, אז אזעלכע שעהנע מאלינעס זאלען געגריזשעט ווערען פון א זשוּ־קעל? אבער ליודמילא וואלקענשטיין האט מיך ניט געלאזט. א כפּרה די מאלינעס, אבי דאס זשוקעל זאל בלייבען לעבען: קיין לעבעדיג באשעפעניש טאר מען ניט דער׳הרג׳ענען!

איינמאל איז געווען א געשיכטע מיט א וואנץ, און מיר האבען דאן געלאכט דערפון. עס איז געווען אזוי: די וואל־קענשטיין האט ביי זיך אין קאמער געפונען א וואנץ, האט זי פארזיכטיג און פינקטליך איינגעהילט די וואנץ אין א שטיקעל פאפּיר און זי געהאלטען ביי זיך ביז מען האט אונז ביידען ארויסגעפירט שפּאצירען. דאן האט זי אין דרויסען אויפגע־וויקעלט דאס שטיקעל פאפּיר און ארויסגעלאזט די וואנץ „אויף דער פרייהייט“... דערשטיקען א לעבעדיג באשעפעניש טאר מען ניט.

איינמאל האב איך ביי איהר געפרעגט, צי זי האט זיך שטענדיג אזוי באצויגען צו קליינע באשעפענישלאך. דארויף האט זי מיר געענטפערט, אז זי האט אלע מאל געהאט דעם זעל־בען געפיהל צו אלעס וואס לעבט. ביי איהר איז דאס ניט גע־ווען קיין סענטימענטאלער געפיהל, וואס ווערט געבארען אין טורמע, ניין, ביי איהר איז דאס געווען א נאטירליכע זאך און עס האט טאקע געשטימט מיט איהר מערקווירדיג גוטען און עדלען כאראקטער. אזא עדלען מענשען ווי זי איז שווער צו געפינען.

זי האט געקענט דאס לעבען און פארשטאנען מענשען, און דוקא ניט געקוקט אויף זיי דורך ראזעווע ברילען. זי האט גענומען די מענשען אזוי ווי זיי זיינען, מיט זייערע מעלות און חסרונות. פאר די מעלות האט זי זיי ליב געהאט און די חסרונות האט זי זיי פארגעבען. פריהער פון אלץ האט זי אין א מענשען דער־זעהן די גוטע זייטען און זי האט געגלויבט, אז יעדער מענש, ווי פארדארבען ער זאל ניט זיין, האט אין זיך גוטע זייטען אויך. זי איז געווען זיכער, אז מיט גוטסקייט און ליבע קאן מען ביי־קומען דאס שלעכטע און אז עס איז אלע מאל גלייכער צו זיין מילד און עדעל, איידער שטרענג און בייז. „מען דארף קענען מוחל זיין אן עולה“, — פלעגט זי אלע מאל זאגען.

איך אליין בין בטבע קיינמאל ניט געווען אזא ווייכע, אבער

דאָס לעבען אין טורמע, אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, האָט דאָך אריינגעטראָגען א געוויסע ווייכקייט אין מיין נשמה און די פארבינדונג מיט אזא פריינד ווי לודמילא וואָלקענשטיין, וועלכע האָט זיך באַציגען אזוי גוט ניט נאָר צו דער מענשהייט, נאָר אויך צו יעדען מענשען באזונדער, האָט אויף מיר געמאכט א וואונדערבארען איינדרוק. איך האָב דערפון געהאט א באַזונדער מין פארגעניגען. און חוץ דעם וואָס עס איז מיר געווען אזוי אנגענעם האָב איך אין דער וואָלקענשטיין געזעהן דעם מענשען מיט א ברייט הארץ וואָס איז פול מיט ליבע און פאַרמאָגט אין זיך אזא שעהנקייט, וואָס קען בייקומען אלע שטערונגען וואָס מען טרעפט אין וועג, א סך מעהר ווי מיט א שטאַרקען ווילען.

איין זאך איז מיר געווען קשה: ווי אזוי האָט איהר מערקווירדיגע גוטהארציגקייט, איהר אויסערגעוויינליכע ווייכקייט זיך געקענט צופּאסען צו די געוואלדטאטען און צו דעם בלוט פון רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט? צו איהר ליבענדער נאטור האָט זיך דאָס ניט געקלעפּט. אזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזען. דאָך איז זי געווען א פארברענטע רעוואָלוציאָנערקע, און די איינציגע ערקלערונג וואָס מען האָט דארויף געקענט געבען איז געווען אָט וואָס: די אומגערעכטיגקייט און די אומגעלומפּערטקייט פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אָרדנונג אין רוסלאנד איז געווען אזוי הימעל־שרייענד, אז אזא מענש ווי לודמילא וואָלקענשטיין האָט ניט געקענט בלייבען שטעהן פון דערווייטענס. זי האָט ניט געקענט זעהן ווי אזוי מען אונטערדריקט די מענשען, וועלכע האָרעווען שטענדיג מיט'ן בלוטיגען שוויים, און דערפאַר איז זי געוואָרען א סאָציאַליסטקע. די אונמעגליכקייט פרייע אָנצופירען געזעלשאפטליכע ארבייט אין רוסלאנד און די שווערע משא וואָס האָט געדריקט און געשטיקט יעדען מענשען וואָס האָט געוואגט צו דענקען אנדערש און פיהלען אנדערש — דאָס האָט געמאכט די וואָלקענשטיין פאר א טעראָריסטקע. אליין א ליבענסווירדיגע נשמה וואָס איז צו יעדער צייט גרייט אוועקצוגעבען דאָס לעבען פאר אנדערע, האָט זי מיט א ריינעם געוויסען געקענט אריינלעגען אין קאמף איהרע בעסטע געפיהלען און אוועקשענקען איהר לעבען, כדי דאָס לעבען פון די קומענדע דורות זאָל זיין ליכטיגער און בעסער.

דאָס שפּאַצירען צוזאַמען מיט איהר האָט מיר פאַרשאַפט דעם גרעסטען פאַרגעניגען. פונדעסטוועגען האָבען מיר זיך ביידע, אָסיען־צייט, אינ׳ם יאָהר 1886, געמוזט אָפּזאָגען דערפון.

געוועזען איז דאָס אַזוי: לויט די כּללים וואָס זיינען איינ־געפירט געוואָרען אין טורמע, האָט מען ערלויבט צו שפּאַצירען פּאָרווייז בלויז די אַרעסטאַנטען, וועלכע האָבען זיך גוט אויפ־געפירט. דיזעלבע מענשען האָט מען אויך באַלוינט דערמיט וואָס מען האָט זיי געגעבען אַ גערטענדעל צו באַאַרבייטען. און ווער האָט געדאַרפט אַרויסגעבען דעם פּסק צי מען פירט זיך אויף גוט צי ניין? דער אויפזעהער פון דער פעסטונג. פאַר איהם האָט מען אָבער קיינמאָל ניט געקאָנט יוצא זיין; ווי גוט מען האָט זיך ניט אויפגעפירט, איז פאַר איהם ניט געווען גענוג, און ער האָט די ערלויבעניש צו שפּאַצירען פּאָרווייז גע־געבען בלויז וועמען ער האָט געוואָלט, און עס איז אויסגעקומען, אַז די מענשען, וועלכע האָבען ניט פאַרדינט צו געניסען פון דער ערלויבעניש, האָבען דאָס ניט געקראָגען בלויז דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט נושא חן געווען ביים אויפזעהער.

פאַר איהם, פאַר׳ן אויפזעהער, איז זעהר שווער געווען יוצא צו זיין. די מענשען, וועלכע האָבען זיך ערלויבט צו קלאַפּען אַמאָל אין דער וואַנט און אויף אַזאַ׳ן אופן זיך איבעררײדען איינע מיט די אַנדערע, זיינען ביי איהם שוין פאַררעכענט גע־וואָרען אַלס פאַרברעכער און ער האָט זיי קיין פּריווילעגיעס ניט געוואָלט געבען.

אָבער ווי איז דאָס מעגליך ניט צו קלאַפּען אין דער וואַנט ווען מען זיצט פאַרשפּאַרט אין טורמע? מען קען דאָך פון זי־נען אַרונטער! אונז האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אָדער מיר אַלע פאַרדינען, מען זאָל אונז ערלויבען שפּאַצירען פּאָרווייז, אָדער קיינער פון אונז פאַרדינט דאָס ניט. דער פאַקט איז אָבער געווען, אַז בלויז געצעהלטע מענשען האָבען געהאַט די פּריווילעגיע צו שפּאַצירען פּאָרווייז און באַאַרבייטען אַ גער־טענדעל, און די אַנדערע האָבען דאָס ניט געהאַט. אַזעלכע טייע־רע חברים ווי קאָביליאַנסקי און זלאַטאָפּאָלסקי זיינען געשטאָר־בען אין פעסטונג און האָבען קיין איינמאָל ניט געהאַט דאָס פאַרגעניגען צו שפּאַצירען מיט נאָך אַ חבר און הערען אַ פריינד־ליך וואָרט. און אַזעלכע חברים ווי פּאַנקראַטאָוו, מאַרטינאָוו

און לאנגאווסקי האָבען אויף אזא פּריווילעגיע געמוזט ווארטען יאָהרען.

פארשידענערליי מיטלען האָט מען געדארפט אָנווענדען, כדי צו קריגען אן ערלויבעניש צו שפּאצירען צוזאמען מיט נאָך אַ חבר, און אָפטמאָל האָבען די מיטלען ניט געהאט די מינדעסטע שייכות צו אזא מעלה ווי „גוטע אויפפירונג".

כדי דאָס צו באווייזען וועל איך ברענגען אַ ביישפּיל:



מיכאאיל פּאָפּאָוו.

איינמאָל האָבען מיר אין מיטען דערינען דערהערט ווי אימיצער שרייט מיט באנומענע קולות:

„קאראאול!"

איבער דער גאנצער טורמע האָבען די באנומענע קולות אָפּגעהילכט און האָבען אלעמען געקלונגען אין די אויערען:

„קאראאול!"

דאָס האָט געשריגען אונזער חבר מיכאאיל ראדיאָנאָוויטש פּאָפּאָוו.

דער אויפזעהער, דער שטרענגער, שטענדיג בייזער סאָקאָ־לאָוו, איז גלייך געווען אויפ'ן פּלאַץ. ער האָט געעפענט דאָס פאָרטקעלע פון דער אייזערנער טיר און אריינגערוקט דאָס פּנים.

— וואָס געוואלדרעוועט איהר אזוי? — האָט ער גראָב געפרעגט פּאָפּאָוו'ן.

— איך קאָן דאָס מעהר ניט אריבערטראָגען! — האָט פּאָפּאָוו געענטפערט, — איך קאָן מעהר אזוי ניט לעבען!... לאָזט מיך שפּאצירען מיט נאָך איינעם!...

דער אויפזעהער האָט א ווײַלע געשוויגען, דערנאָך האָט ער איהם מיט די בליקען דורך און דורך געגומען און געענטפערט:

— איך וועל דאָס פאָרברענגען פאר דעם עלטסטען פון דער פארוואלטונג.

מיט עטליכע מינוטען שפּעטער איז געקומען פּאָקראָשינסקי, דער קאָמענדאנט פון דער פעסטונג.

— וואָס וויל דער ארעסטאנט? — האָט ער געפרעגט.

— איך קאָן מעהר אזוי ניט לעבען! — האָט פּאָפּאָוו ווי־דער דאָס זעלבע געזאָגט, — לאָזט מיך שפּאצירען נאָך מיט איינעם פון די פארשפּארטע.

— איצט איז דאָס אונמעגליך, — האָט פּאָקראָשינסקי געענטפערט, — דער ארעסטאנט האָט געשריגען „קאראאול" און געמאכט א גאנצען טומעל, און דאריבער, קענען מיר איהם ניט ערלויבען צו שפּאצירען מיט נאָך איינעם פון זיינע חברים.. דאָס וועט זיין א שלעכטער ביישפּיל פאר אנדערע. אָבער אויב ער וועט האָבען געדולד און ווארטען אביסעל, וועלען מיר איהם די ערלויבעניש געבען. ער זאָל אָבער האָבען אין זינען, אז אויב ער וועט פארלירען די געדולד און וועט ווידער מאכען א טומעל, וועט ער דערפאר נאָך שטרענגער באשטראָפט ווערען; מיר וועלען איהם איבערפיהרען אין אן אנדער געביידע — אין דער אלטער טורמע, אָדער אין קארצער.

פּאָפּאָוו האָט זיך געמוזט אָננעמען מיט געדולד. ער האָט געווארט עטליכע טעג און דערנאָך האָט מען איהם געגעבען די ערלויבעניש צו שפּאצירען צוזאמען מיט שעבאלינ'ען.

אָבער ניט אלע האָבען געקאָנט פאלען אויף אזוינע המצאות ווי פּאָפּאָוו. די מעהרסטע האָבען געליטען און געשוויגען. מיר האָבען געזעהן, אז דער אויפזעהער טוט וואָס ער וויל

און גיט פריווילעגיעס ווען ער וויל, און מיר האָבען גאָרניט געקאָנט העלפען. עס איז געווען געגוג, אז מען זאָל דעם אויפזעהער זאָגען „דו“ אין דער צייט ווען ער זאָגט יענעם „דו“, האָט מען שוין געהייסען א שרעקליכער פארברעכער און מען האָט ניט געקענט קריגען די ערלויבעניש צו שפּאצירען נאָך מיט איינעם. מען האָט געמעגט זיין קראַנק און זיך נויטיגען אין אביסעל פרישע לופט און אין א פריינדליך וואָרט — ער האָט ניט געלאָזט שפּאצירען נאָך מיט איינעם.

סאוועלי זלאטאָפּאָלסקי האָט מיט'ן אויפזעהער קיינמאָל קיין צוזאמענשטויס ניט געהאט, דאָך האָט איהם דער אויפזעהער ניט ליב געהאט דערפאר וואָס ער פלעגט קלאפּען אין דער וואנט זיך איבערצוריידען מיט'ן שכן. אין דעם לעבעדיגען קבר איז ער געוואָרען ערנסט קראנק און עס האָט איהם אָנגעהויבען געהן בלוט פונ'ם האלז.... וואָס א טאָג איז ער געוואָרען אלץ שוואכער און שוואכער, ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאלטען, און דעם אויפזעהער איז דאָס ניט אָנגעגאנגען און ער האָט איהם בשום אופן ניט געוואָלט געבען די ערלויבעניש צו שפּאצירען אמאָל מיט נאָך א חבר. דאָס זעלבע איז געווען מיט קאָביליאנסקי'ן; איהם האָט מען אויך קיין פריווילעגיעס ניט געגעבען, ווייל ער האָט דעם אויפזעהער איינמאָל געזאָגט „דו“. אויף פאנקראטאָוו'ן האָט דער אויפזעהער אויך געהאט א שלעכט הארץ און דאריבער האָט ער זיך אלע מאָל אָן איהם נוקם געווען.

נאָך איצט געדענק איך ווי שווער עס פלעגט מיר זיין אויפ'ן הארצען נאָך יעדען שפּאציר מיט דער וואלקענשטיין, ווען איך פלעג אָנהויבען קלערען וועגען יענע חברים, וועלכע האָבען ניט דאָס פארגעניגען צו שפּאצירען צוזאמען מיט נאָך איינעם. דאָס שפּאצירען צוזאמען פלעגט אונז ניט באקומען ווען מיר פלעגען זיך דערמאנען, אז דאָ ניט ווייט, אין א פארשלאָסענעם קבר, מוטשעט זיך איינזאם א חבר, וועלכער גאָרט צו זעהן א לעבעדיגען מענשען און נויטיגט זיך אין א פריינדליך וואָרט פונקט ווי מיר.

אָבער מיר אליין איז גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאלען, אז מען דארף עפּעס טאָן וועגען דעם. ביי מיר איז אויסגעקומען, אז אזוי איז דאָס און אנדערש קאָן עס ניט זיין; אז פונקט

ווי מען קאָן ניט איבערמאכען די שטיינערנע ווענט און די אייזערנע טירען פון די קאמערען, אזוי קאָן מען ניט איבערמאכען די כללים, וואָס מען האָט איינגעפירט אין טורמע; איך האָב ביי זיך גע׳פועל׳ט, אז מיר האָבען איבער זיך קיין דעה ניט און מען קאָן מיט אונז טאָן וואָס מען וויל.

לודמילא וואלקענשטיין האָט אָבער געהאט אן אנדער מיינונג וועגען דעם; זי האָט געוואָלט, אז מען זאָל זיך ניט לאָזען שפייען אין פנים און מען זאָל אויסדריקען א פּראָטעסט מיט וואָס מען קאָר נאָר. מען טאָר ניט דערלאָזען, — האָט זי געזאָגט, — אז דער אויפזעהער זאָל זיין דער גאנצער הערשער און פירען אלעמען ביי דער נאָז.

קיין שטארקען פּראָטעסט האָט מען דאָך אָבער פאָרט ניט געקאָנט אויסדריקען, און דאריבער האָט די וואלקענשטיין פאָרגעשלאָגען, אז דער פּראָטעסט זאָל זיין א שטילער און זאָל זיך אויסדריקען דערמיט וואָס די ארעסטאנטען, וועלכע קריגען יאָ די פּריווילעגיע צו שפּאצירען פּאָרווייז, זאָלען זיך אָפּזאָגען דערפון און זאָלען בפירוש ערקלערען פאר וואָס זיי זאָגען זיך אָפּ.

מיר איז שווער געווען צו פּועל׳ען צו ביי זיך אזא זאַך, און כאָטש איך האָב קיין נחת ניט געהאט דערפון וואָס איך שפּאציר מיט א פריינדין אין דער צייט ווען אנדערע חברים מיינע ווערען דערשטיקט און פארשמאכט אין איינזאמקייט, האָב איך זיך דאָך לאנג געשלאָגען מיט דער דעה, צי איך זאָל זיך אליין אָפּזאָגען פון אזא פארגעניגען ווי שפּאצירען צוזאמען מיט לודמילא וואלקענשטיין. איך האָב דערפיהלט, אז אָהן איהר וועל איך ניט קאָנען לעבען, אז אָהן איהר וועט מיר זיין שווער אריבערצוטראָגען די אלע שרעקליכע צרות... און חוץ דעם האָב איך ניט געגלויבט צי מיר וועלען עפּעס אויספירען דערמיט און אונזער שטילער פּראָטעסט וועט העלפען די אנדערע חברים, וועלכע האָבען ניט געקראָגען דיזעלבע פּריווילעגיעם וואָס מיר! איך בין געווען זיכער, אז מען וועט אונז נאָך באשטראָפען דערמיט וואָס מען וועט שוין מעהר קיינעם פון אונז ניט לאָזען שפּאצירען פּאָרווייז, און דאָס וועט זיין אן אומגליק פאר די קראנקע חברים, וועלכע נויטיגען זיך אין א פריינדליך וואָרט פון אן איינענעם מענשען פונקט ווי אין פרישער לופט.

די וואָלקענשטיין האָט געזעהן ווי שווער עס איז מיר זיך

צו שיידען מיט איהר און דאריבער האָט זי אויסגעמידען צו ריידען וועגען דעם. בלויז פון צייט צו צייט פלעגט זי אריינ־ ווארפען א פּאָר ווערטער ווי נויטיג עס איז עפּעס צו טאָן, און איינמאָל האָט זי זיך אויסגעדריקט, אז אויב מיר וועלען אפילו גאָר ניט אויספירען דערמיט וואָס מיר וועלען אויסדריקען אונ־ זער פּראָטעסט, זאָלען מיר דאָך פּראָטעסטירען, ווייל דאָס אליין וועט אויך האָבען אַ גרויסע באדייטונג; זאָלען די פארוואלטער פון דער טורמע וויסען, אַז מיר שווייגען ניט, אז מיר קוקען אויף אַלץ מיט אָפענע אויגען און אז מיר זיינען אלע פאראייניגט און האָבען ניט אין זינען בלויז זיך אַליין, נאָר אויך אונזערע חברים, וועלכע ווערען דערשטיקט אין שרעקליכער איינזאמקייט.



מיכאַאיל שעבאַלין.

דאָס האָט מיך גענומען, און איך האָב זיך טאקע דערמאָנט ווי דער אויפזעהער פון דער טורמע האָט קיינמאָל ניט געוואָלט ליידען וואָס איינער פון אונז זאָגט „מיר“ און רעדט ניט נאָר פאר זיך, נאָר אויך פאר אנדערע. „זאָגט ניט „מיר“, נאָר „איך“, — פלעגט ער אלע מאָל זאָגען, — רעדט ניט פאר קיי־ נעם, נאָר פאר זיך“. און דאָ וועט ער גאָר פּלוצלונג דערזעהן אַ נייעס: מענשען זאָגען זיך אָפּ פון פּריווילעגיעס וואָס מען גיט זיי, נאָר דערפאר וואָס זייערע חברים קריגען ניט דיזעלבע פּריר ווילעגיעס. דאָס וועט זיין אַן איבעררעשונג!

מענשען, ביי וועמען מען האָט צוגענומען אַלץ אין דער וועלט, מענשען, וועלכע ווערען אַזוי אונטערדריקט און מען קאָן מיט זיי טאָן וואָס מען וויל, גיבען זיך מיט אמאָל אַ שטעל אַוועק העכער פון די וואָס אונטערדריקען זיי; זיי האָבען דעם מוט צו קריטיקירען, זיי זיינען דרייסט גענוג אָנצואווייזען, אַז עס דאַרף ניט זיין אַזוי, נאָר אַנדערש.

ביסלאַכווייז האָט מיך די וואָלקענשטיין איבערגערעדט, און צוזאַמען מיט אַנדערע חברים האָבען מיר זיך אַליין אָפּגע־זאָגט פון דער פריווילעגיע צו שפּאַצירען צוזאַמען ביז מען וועט ניט מאַכען קיין אויסנאַם און געבען די־זעלבע פּריווילעגיע פאַר אַלעמען.

אין אָנפאַנג האָבען כמעט אַלע איינגעשטימט זיך אָנצושלי־סען אָן דעם פּראָטעסט, אָבער דערנאָך, ווי עס פּאַסירט געוועהנ־ליך אין אַ טוהמע, וואו מען קאָן זיך ניט צופרידען, האָט זיך אַלץ פארפּלאָנטערט, און אָנשטאָט אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט איז אויסגעקומען, אַז בלויז געצעהלטע מענשען האָבען זיך אין דעם באַטייליגט ווי עס באַדאַרף צו זיין. די געצעהלטע מענשען, וועלכע האָבען דורכגעפירט דעם פּראָטעסט ביז צום סוף זיינען, אויסער מיר און לודמילא וואָלקענשטיין, געווען: יורי באָג־דאַנאָוויטש, דער וואָס האָט זיך פארשטעלט פאַר אַ קרעמער אין דעם קלייטעל אויף דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס, וואו מען האָט אונטערגעלעגט אַ מינע צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר; פּאָפּאָוו און שעבאַלין. אַנדערטהאַלבען יאָהר צייט האָבען מיר ניט געוואָלט שפּאַצירען פּאָרווייז, כאָטש מען האָט אונז ערלויבט. מיר האָ־בען זיך אויך אָפּגעזאָגט פון דעם פארגעניגען צו באַארבייטען די גערטענדלאַך וואָס מען האָט אונז געגעבען.

## פינפטער קאפיטעל.

### אין א „שטיינערנעם זאק" (אינ'ם יאהר 1887.)



י ערשטע יאהרען בין איך געווען שרעקליך נידער־געשלאגען, און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס בעסטע וואס איך קאן טאן איז — שווייגען. אריי־בערטראגען אלע צרות און קיין ווארט ניט זאגען. וואס דען קאן טאן א מענש, ווען מען בינדט איהם הענט און פיס און מען לאזט איהם דעם קאפ ניט אויפהויבען?

און נאך א זאך:

ווען מען פאראורטיילט א מענשען, וועלכער האט געקעמפט פאר אן אידעאל, ווערט ער אינגאנצען באהערשט פון א באַ־זונדער מין געפיהל; מיט א רוהיגען געמיט קוקט ער דארויף וואס איז געווען און איז זיכער, אז דאס וואס עס איז איצט, איז אומפארמיידליך, אז אנדערש קאן עס ניט זיין.

מענשען וואס ליידען פאר א גלויבען קוקען גאר אנדערש אויף די צרות וואס זיי דארפען אריבערטראגען ווען זיי פאלען אריין אין די הענט פונ'ם שונא; זיי זיינען איבערצייגט, אז דאס שטעלט מען זיי צו פראבע צי זיי וועלען האבען גענוג כח און גענוג מוט צו ליידען פאר דעם אידעאל, פאר וועלכען זיי האבען געקעמפט ניט נאר פאר זיך, נאר פאר דער גאנצער גע־זעלשאפט און פאר די צוקונפטיגע דורות.

און ווען מען האט אזא געפיהל קאן שוין ניט ליגען אין זינען אזא זאך ווי זיך שטעלען אנטקעגען די מענשען, אין וועמעס הענט דו ביזט אריינגעפאלען. האט זיך קריסטוס געשטעלט אנטקעגען ווען מען האט איהם געקרייציגט?

דאך האב איך זיך איינמאל פארטשעפעט מיט די באַ־אמטע פון דער טורמע און עס האט זיך שיער־שיער געענדיגט זעהר טרויעריג.

געטראפען האט זיך דאס א האלב יאהר נאכדעם ווי איך האב זיך אויפגעהערט זעהן מיט מיין ליבער פריינדין לודמילא

וואלקענשטיין. דאָס איז געווען פאר יום טוב. ארום ניין אזייגער אויף דער נאכט, ווען דער שטרענגער אויפזעהער האָט צו יעדען איינעם פון אונז אריינגעקוקט אין קאמער דורכ'ן „אויגעל“ פון דער אייזערנער טיר, האָט פּאָפּאָוו אָנגעקלאפּט צו מיר אין דער וואנט. עס איז איהם אפּנים געווען אומעטיג און ער האָט געוואָלט „ריידען“ מיט מיר אביסעל.

איך בין דאן געווען זעהר מיד און האָב גאָר קיין חשק ניט געהאט צו ריידען, נאָר זיך אוועקלעגען אויפ'ן בעטעל און אנ־שלאָפען ווערען; אָבער דאָס הארץ האָט מיר ניט דערלאָזט אָפּ־צוזאָגען פּאָפּאָוו'ן, בין איך צוגעגאנגען צו דער וואנט און האָב איהם געענטפערט.

פּאָפּאָוו האָט אָנגעהויבען אויסקלאפּען מיט די פינגער אויף דער וואנט דאָס, וואָס ער האָט מיר געוואָלט זאָגען, אָבער אין מיטען דערינען האָט ער דעם „געשפּרעך“ איבערגעריסען, און באלד האָב איך פון דאָרטען דערהערט א קלאפּ פון דער טיר, טריט — און אלעס איז שטיל געוואָרען.

איך האָב גלייך פארשטאנען, אז דער אויפזעהער האָט פּאָפּאָוו'ן אוועקגעפירט אין קארצער.

זיצען פארשפּארט אין אַ קארצער איז געווען זעהר ניט קיין געשמאקע זאך. דער אויפזעהער אליין, איידער ער פלעגט אימיצען אוועקפירען אהין, פלעגט זאָגען מיט כעס אזוי:

— איך וועל דיך אוועקפיהרען אין אזא אָרט, וואו קיין לע־בעדיגער נפש וועט פון דיר אפילו קיין פּיפּס ניט הערען.

„קיין לעבעדיגער נפש“ — דאָס איז שרעקליך!

אין טורמע — ווי די זאך זאָל ניט זיין — זיינען מיר דאָך אלע אונטער איין דאך. טאקע אין באזונדערע שטיינערנע שטייגען, אָבער דאָך צוזאמען: אייגענע מענשען ארום און ארום.

גיט אימיצער א געשריי — דערהערט מען.

גיט אימיצער א קרעכץ — דערהערט מען.

אָבער ד אָ ר ט ע ן? דאָרטען „וועט קיין לעבעדיגער נפש קיין פּיפּס ניט הערען“.

איך האָב געוואוסט, אז ערשט ניט לאנג צוריק איז פּאָפּאָוו ד אָ ר ט ע ן געווען פארשפּארט און מען האָט איהם דאָרטען שרעקליך געשלאָגען. דער געדאנק, אז ער וועט דאָרטען ווידער

זיין איינער אליין און די זשאנדארען וועלען זיך אויף איהם ארויפוואַרפען ווי די בייזע הינט און וועלען איהם הרג'ענען, שלאָגען אָהן רחמנות — אָט דער געדאנק האָט מיך ניט געלאָזט רוהען און איך האָב באשלאָסען:

וואָס ס'וועט זיין, זאָל זיין — איך געה אויך אין קארצער! זאָל מען מיך אויך פארשפארען אין א קארצער, אין א „שטייד נערנעם זאַק", ניט ווייט פון פּאָפּאָוו'ן! דאָס וועט איהם מאַכען פיהלען היימליכער; און גלאט — זאָל מען וויסען, אז עס איז דאָ נאָך א מענש, וועלכער קאָן זיין אן עדות, אויב עס וועט ווערען א טומעל איבער דעם וואָס מען שלאָגט פּאָפּאָוו'ן.

איך האָב אָנגעהויבען קלאַפּען און האָב געפאָדערט, אז מען זאָל מיר גלייך ארייַנשיקען דעם אויפזעהער.

— וואָס איז? — האָט ער בייז געפרעגט דורכ'ן „אויגעל" פון דער אייזערנער טיר.

— עס איז ניט פיין פון אייך צו באשטראָפען איינעם אין דער צייט, ווען צוויי זיינען שולדיג — האָב איך איהם געזאָגט — פיהרט מיך אויך אין קארצער.

— גוט! — האָט דער אויפזעהער געענטפערט און גלייך געעפענט די טיר.

ער האָט מיך ארויסגעפיהרט און דאַן האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערזעהן וואָס פאר א פנים אונזער טורמע האָט ביינאַכט, ביים שיין פון די לאָמפּען. ביי די ווענט זיינען געהאנגען קליינע לעמפּעלאך... פערציג שווערע אייזערנע טירען האָבען פארשפארט די לעבעדיגע קברים, און אין יעדען קבר — א חבר, וואָס ליידעט, א חבר, וואָס מוטשעט זיך און בעט אויף זיך דעם טויט.

ווען מען האָט מיך גענומען פירען, האָט איינער פון די פארשפארטע אויסגעשריען הויך אויפ'ן קול: „ווערא'ן פירט מען אין קארצער!" און באלד האָט זיך דערהערט א קלאַפּעריי פון אלע טירען און פון אלע לעבעדיגע קברים האָבען זיך געטראָגען קולות:

„פירט אונז אויך אין קארצער! פירט אונז אלעמען אהין".

אייניגע קולות זיינען מיר געווען באקאנט און אייניגע ניט. די באקאנטע קולות האָב איך שוין יאָהרען לאנג ניט געהערט, כאָטש מיר זיינען די גאנצע צייט געווען פארשפארט

אין איין טורמע; און — ווי אנגענעם מיר איז געווען, ווען איך האָב די קולות דערהערט! ווי גוט עס איז! מען האָט אונז צו־טיילט און דאָך זיינען מיר פאַראייניגט; מען האָט אונז צוואוואָר־פען און דאָך האַלטען מיר זיך אינאיינעם.

דער אויפזעהער האָט דערהערט די קולות, איז ער געוואָרען ווילד ווי אַ טיגער.

ווען ער האָט מיך אַרויסגעפיהרט אין דרויסען, אין דער באַ־גלייטונג פון פיער זשאַנדאַרען, האָט ער זיך פאַרמאָסטען אויף מיר מיט׳ן פויסט, און וועלכען ער האָט געהאַלטען די שליסלען פון דער טורמע, און קריצענדיג מיט די ציין, האָט ער בייז געמרוקעט:

— אויב דו וועסט דאָרט אַ פּיפּס טאָן, וועל איך דיר ווייזען וואָס איך קען!

פאַר׳ן אויפזעהער האָב איך אַלע מאָל שרעקליך מורא געהאַט; איך האָב געוואוסט, ווי ער פּייניגט און מוטשעט אַנדערע אַרעס־טאַנטען; איך האָב געזעהן, ווי די זשאַנדאַרען ווערען ווילד לויט זיין באַפעל, און איך האָב באַשלאָסען, אַז אויב מען וועט מיך שלאָגען, וועל איך זיך דאָס לעבען נעמען.

ווען ער האָט געעפענט דעם טויער פון דער טורמע, בין איך איבערראַשט געוואָרען. אַנשטאָט שרעק, האָט זיך אַ פרייד צו־גאָסען אין מיין האַרץ — איך האָב דערזעהן אַן אויסגעשטערנטען הימעל און אַ שעהנע ליכטיגע לבנה! פינף יאָהר צייט האָב איך דעם הימעל ניט געזעהן...

אין דרויסען איז דאַן געווען אַזוי שעהן! די ווייסע ווענט פון דער טורמע האָבען זיך געבאָדען אין דער לבנה־שיין. דער גאַנ־צער הויף איז געווען באַוואַקסען מיט גראָז. דאָס גראָז האָט זיך אַזוי ווייך געקנייטשט אונטער די פיס און פון אַרום און אַרום האָט זיך געטראָגען דער פרישער ריח פון פעלדער און לאָנקעס.

פון איין וואַנט צו דער אַנדערער האָט זיך געצויגען אַ ני־דעריגע ווייסע געביידע, און אין אַ ווינקעל איז געשטאַנען אַן אַלטער איינזאַמער בוים. הונדערט יאָהר איז ער זיך דאָ אַזוי געוואַקסען איינער אַליין און צוואוואַרפען זיינע וואָרצלען רעכטס און לינקס און זיך אויסגעפּוצט אין אַ גרויסער שעהנער קרוין וואָס גיט איהם צו אַ וועלט מיט חן.

די ווייסע געביידע איז פּשוט געווען די אַלטע היסטאָרישע טורמע, וואו מען האָט געקאָנט פאַרשפּאַרען ניט מעהר ווי צעהן

מענשען. מען האָט דערצעהלט, אז אינוועניג איז אמאָל געווען א גאנצע רייהע קאמערלעך, וואו עס איז געשטאנען אביסעל מעבעל, אָבער די סטעליע איז איינגעפאלען און עס זיינען גע־בליבען הוילע ווענט. אין דער לינקער זייט האָט מען נאָך גע־קאָנט זעהן דעם קאמער וואו עס איז דער׳הרג׳עט געוואָרען יאָהאַן אַנטאָנאָוויטש דאַן ווען מיראָוויטש האָט געמאכט א פּאר־זוך איהם צו באפרייען *).

אין דער דאָזיגער ווייסער געביידע האָט אמאָל געלעבט די ערשטע פּרוי פון פּיאָטר דעם ערשטען, די שעהנע לאָפּוכינא, וועלכע האָט זיך פארליבט אין דעם אָפיציר פון איהר וואַך; דאָרטען איז אויך געווען פארשפּארט גאָלאָווין, דער פירער פון די בונטאָוושטשיקעס, וועלכער האָט געמאכט א פּארזוך צו באַ־גרעניצען די זעלבסטהערשאפט פון דער קעניגין אנא יאָאנאָוונא; דאָרטען האָט מען 37 יאָהר נאָכאנאנד געהאלטען פארשפּארט דעם פּוילישען פּאטריאָט לוקאסינסקי, דעם פירער פון דער באַ־רימטער „פּאטריאָטישער געזעלשאפט“, ער איז געשטאָרבען אינ׳ם יאָהר 1868; דאָרטען האָט מען אויך געהאלטען פּאר־שפּארט דעם בארימטען אנארכיסט באקונין.

דער אויפזעהער האָט געעפענט די טיר פון דער אלטער טורמע. עס האָט א זעץ געטאָן דער ריח פון שימעל און פייכט־קייט. ארום און ארום, הוילע שטיינער. ווייט, ביים סאמע עק האָט א קליין לעמפּעלע געצאנקט. א שוידער איז מיר אריבער איבער׳ן לייב און איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם אויפזעהער׳ס ווערטער, אז ער האָט אַן אָרט, וואו „קיין לעבעדיגער נפש קאָן קיין פּיפּס ניט דערהערען“.

מען האָט געעפענט נאָך א טיר, אריינגערוקט אהין אָן אָנ־געצונדען לעמפּעלע; צוגעמאכט די טיר און איך בין געבליבען אליין.

דאָס קליינע קאמערעל איז ניט געווען געהייצט, און שמוציג איז דאָרט געווען — א שרעק. לעבען דער וואנט איז געשטאנען

---

*) יאָהאַן אַנטאָנאָוויטש איז געווען אַ „צאַר“ אין רוסלאַנד ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד פון עטליכע מאָנאַטען. ווען יעליזאַוועטא האָט פאַרכאַפּט דעם טראָן, אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהר־הונדערט, האָט זי איהם פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג און דאָרטען האָט מען איהם מיט יאָהרען שפּעטער פאַרשיקט. — **איבערזעצער.**

א קליין טישעלע און אַן אייזערנע בעטעל, אָהן א מאטראַץ און אָהן בעטגעוואנט.

שטיל.

איך האָב געמיינט, אַז מען וועט מיר באַלד ברענגען א קישעלע מיט א קאָלדרע, אָבער מען האָט ניט געבראַכט. מיר איז געווען שרעקליך קאַלט און איך האָב אַזוי געציטערט, אַז עס האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. ווי שלאָפט מען אויף אַן אייזערנער בעטעל אָהן אַ מאַטראַץ? איך האָב אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט; איך האָב זיך געמוזט לעגען שלאָפען אויף דעם אייזערנעם בעטעל, אָבער איך האָב ניט גע־קאָנט איינשלאָפען; פון אַלע זייטען האָט געבלאָזען אַ קעלט און עס איז אונמעגליך געווען אַן אויג צוצומאַכען.

אויף מאָרגען האָט מען דאָס אויך צוגענומען; דאָס בע־טעל האָט מען צונויפגעלעגט און מען האָט עס פאַרשלאָסען. ביינאַכט האָב איך זיך געמוזט לעגען אויפ׳ן קאַלטען, שמוציגען פּאָל. אויף וואָס דעם קאָפּ אַנדיערצולייגען האָב איך ניט גע־האַט, און כדי דער שטויב זאָל מיר ניט אַריין אין די האָר, האָב איך געמוזט אויסטאָן די שיך און זיי לעגען צוקאָפּענס. עסען האָט מען מיר געגעבען בלויז שוואַרצע, פאַרטריקענטע און פאַרשימעלטע ברויט. קיין האַנטוך און קיין זייף אויך ניט.

ווען מען האָט מיר געפיהרט אין קאַרצער אַריין האָב איך גע־דענקט, אַז איך וועל העלפען פּאָפּאָוו׳ן שווייגען. אָבער פּאָ־פּאָוו׳ן איז גאָרניט איינגעפאַלען צו שווייגען אין קאַרצער. אויפ׳ן צווייטען פריהמאָרגען האָט ער גלייך גענומען קלאַפּען צו מיר אין דער וואַנט און איך האָב ניט געקענטביישטעהן דעם נסיון און האָב איהם געענטפערט. די זשאַנדאַרען האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי געכאַפּט שטיקער האָלץ און מיט אַלע כחות גענומען קלאַפּען ביי מיר אין דער טיר און אויך ביי פּאָפּאָוו׳ן.

דער וואָס איז קיינמאָל ניט געווען פאַרשפּאַרט יאָהרען לאַנג אין אַ טורמע, וואו עס איז שטענדיג שטיל ווי אויף אַ בית עולם; דער, ביי וועמען דער אויער איז ניט אָפּגעוואוינט געוואָרען פון קלאַנגען, קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי שווער עס איז אַריבערצוטראָגען א טומעל.

יעדער קלאַפּ אין דער טיר האָט מיר די אויערען געלעכערט

און איך בין אליין אויך געוואָרען אזוי ווילד, אז איך האָב מיט די פויסטען גענומען קלאפּען שטארק אין טיר.

מיט אמאָל האָט דער טומעל אויפגעהערט, עס האָבען זיך דערהערט דעם אויפזעהער'ס שווערע טריט און באלד נאָכדעם — א שטילער שעפּטשען. איך האָב פארשטאַנען, אז דאָס גרייט מען זיך שוין אונז צו באשטראָפען נאָך שווערער.

— קומט אהער! — האָב איך מיט באנומענע קולות גע־נומען שרייען צום אויפזעהער.

ער האָט געעפענט די טיר און איז אריין.

— איהר זאָלט זיך ניט דערוועגען צו שלאָגען פּאָפּאָוו'ן!

— האָב איך אויף איהם געשריען, — איהר האָט איהם שוין איין מאָל געשלאָגען און מעהר זאָלט איהר זיך ניט דערוועגען א האנט ארויפצולעגען אויף איהם!... די וועלט איז ניט הפקר און מען קען זיך מיט אייך אויך אָפּרעכענען!...

— אונז איז גאָר ניט איינגעפאלען איהם צו שלאָגען, — האָט זיך דער אויפזעהער, צו מיין גרויסער איבערראשונג, גענומען פארענטפערען פאר מיר, — מיר האָבען איהם בלויז געבונדען און ער האָט זיך ניט געלאָזט — דאָס אלעס.

— ניין, איהר האָט איהם יאָ געשלאָגען, — האָב איך דרייסט געענטפערט אקעגען. — עס זיינען דאָ עדות דארויף.

געענדיגט האָט זיך עס דערמיט וואָס איך האָב צוגעזאָגט צו פועל'ן ביי פּאָפּאָוו'ן, ער זאָל מעהר ניט קלאפּען אין די ווענט. און איך האָב עס טאקע ביי איהם גע'פועל'ט.

עס איז ווידער געוואָרען שטיל.

מיט א טאָג שפּעטער האָט מען מיר געבראכט טהע און בעטגעוואנט. פּאָפּאָוו'ן האָט מען דאָס ניט געגעבען. האָב איך גענומען די גלאָז טהע און האָב זי אויסגעגאָסען און די בעטגעוואנט האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען.

דערביי האָב איך אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָב געוויזען דעם אויפזעהער וואָס פאר א פארשימעלטע ברויט מען גיט אונז.

דער אויפזעהער איז רויט געוואָרען און האָט געהייסען גע־בען אנדערע ברויט. אין פינף מינוטען ארום האָט מען מיר גע־בראכט א שטיקעל פרישע ברויט.

עס זיינען אוועק נאָך דריי טעג און נאָך דריי נעכט. איך

בין אלץ געשלאָפען אויף דעם שטיינערנעם שמוציגען פּאָל און האָב געציטערט פון קעלט. דערביי האָב איך ניט אויפגעהערט צו קלעהרען וועגען איין זאך:

„וואָס טוט מען ווייטער?"

ווארים עס איז דאָך קלאָהר אז שפּעטער וועט מיר ווידער אמאָל אויסקומען איינצורייסען זיך מיט די בעאמטע פון דער טורמע. אורזאכען דארויף וועלען זיין גענוג. ווי אזוי זשע זאָל איך האנדלען? וואָס זאָל איך טאָן און אויף וואָס פאר אַן אופן זאָל איך אויסדריקען מיין פּראָטעסט?

און נאָך אַ זאך:

דארף מען טאקע שטענדיג זיך אָנגעהמען פאר א חבר? איז טאקע א חבר אלע מאָל גערעכט?

איך האָב לאנג געטראכט וועגען דעם וואָס איך האָב אין די לעצטע עטליכע טעג איבערגעלעבט; איך האָב אויך געטראכט וועגען דעם, וואָס פּאָפּאָוו פארטשעפּעט זיך אלע מאָל מיט די בעאמטע פון דער טורמע און וואָס פאר אַ מיטלען ער נעמט אָן געגען זיי, און דאָן האָב איך זיך אליין געשטעלט אזא פראגע:

„האָב איך דען גענוג כוחות צו קעמפען מיט די זעלבע מיט־לען, מיט וועלכע פּאָפּאָוו באנוצט זיך אין זיין קאמף געגען די באַ־אמטע פון דער טורמע?"

„פּאָפּאָוו איז דאָך גאָר אַן אנדער מענש. ער האָט אייזערנע נערוועז איז געזונד ווי אַ ריעז און האָט גענוג כח זיך צו שטע־לען אַנטקעגען; ער האָט שוין געהאט קאָלטס און ווארימס אין סיביר און אויך אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינע" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג; בטבע איז ער אַ מענש אַ קאַלטבלוטיגער, אַ גרויסער עקשן און ווען איינער פארטשעפּעט זיך מיט איהם, איז יענעם אויך ניטאָ וואָס מקנא צו זיין; ווען מען זידעלט איהם, פארשווייגט ער ניט און זידעלט נאָך מעהר; ער לאכט זיך אויס פון דעם וואס די זשאנדארען זיינען צו איהם גראָב, ווייל ער באצאָהלט זיי מיט דער זעלבער מטבע. ניט איין מאָל האָט מען איהם שוין גע'הרג'עט־געשלאָגען אָהן רחמנות, און ער האָט דאָס אריבערגעטראָגען און — גאָר ניט. אָבער איך? איך וואָלט דאָס זיכער ניט אריבערגעטראָגען.

עס איז קלאָהר, אז איך קען זיך צו איהם ניט גלייכען. אָנ־פיהרען אזא קאמף ווי ער — דאָס קען איך ניט. די כוחות טראָ־

גען מיר ניט דארויף און מיינע נערוועןזיינען ניט אזעלכע איי־זערנע ווי פאפאוו'ס. א חוץ דעם וויל איך זיך גאר ניט אריינ־ווארפען אין אזעלכע פראטעסטען וואס מען קען ניט דורכפיהרען ביז'ן סוף.

מען מוז איין מאל פאר אלע מאל באשליסען ווי אזוי ווייטער צו האנדלען! די אלע צוזאמענשטויסען וואס ענדיגען זיך מיט ערנידרונגען און באליידיגונגען זיינען מיר עפעס ניט צום הארצען און איך קען זיי בטבע ניט אריבערטראגען. דאריבער האב איך באשלאסען, אז מעהר זאל איך אזעלכע מיטלען ניט אננעמען און מעהר אזעלכע מיטלען ניט באנוצען. איך מוז אליין וויסען וואס איך קען טאן און וואס ניט. מען דארף פאקריצען די ציין און שווייגען, אבער ווען עס וועט זיך מאכען א געלעגענהייט, פארוואס עס וועט זיך לוינען דאס לעבען אוועק־צוגעבען, וועל איך דאן אויסדריקען מיין פראטעסט שטארק און וועל איהם דורכפיהרען ביז'ן סוף. אוועקגעבען דאס לעבען און פטור.*)

אויפ'ן פינפטען טאג אין קארצער האט מיר דער אויפזעהער אנגעזאגט די בשורה, אז מען האט פאפאוו'ן שוין געגעבען „בעט־געוואנד און די אלע אנדערע נויטיגע זאכען".

ערשט דאן האב איך זיך אויך פארגונען זיך צוצולעגען אויפ'ן בעטעל און זיך אביסעל אויסרוהען. איך בין געווען שרעקליך מיד און אויסגעמוטשעט, יעדער אבר האט מיר געבראכען, אין די אויערען האט מיר ניט אויפגעהערט קלינגען און אין קאפ איז ביי מיר געווען אזא טשאד, אז איך האב ניט געוואוסט צי איך שלאף, אדער איך בין וואכעדיג.

איינמאל, ווען איך בין פארנאכט געלעגען אויפ'ן בעטעל און האב אליין ניט געוואוסט צי איך שלאף צי ניין, האב איך דער־הערט א געזאנג. אימיצער האט מיט אן אנגענעמער באריטאן־שטימע געזונגען א באקאנטע ליד. א רוסישע פאלקס־ליד, אן איינ־פאכע, אבער א הארציגע.

ווער זינגט דאס? ווער קען דאס זינגען אין דער שליסעל־בורגער פעסטונג? — האב איך זיך געקלעהרט. זאל דאס זיין אן

*) אויף אזא געלעגענהייט האב איך געדארפט ווארטען גאנצע פופ־צעהן יאהר.—וו. פ.

ארבייטער וועלכער מאכט דאָ עפּעס צורעכט? אָבער דאָס איז אונמעגליך. די שטימע איז מיר זעהר באַקאַנט... פון וואַנען טראָגט זיך דאָס געזאַנג? דוכט זיך אַז פון דרויסען.

איך האָב זיך לאַנג געבראָכען דעם מח צו טרעפען ווער עס זינגט, אָבער אומזיסט. ערשט ווען איך בין אַרויס פונ'ם קאַרצער האָב איך דאָס אויסגעפונען. דאָס האָט געזונגען גראַטשעווסקי. אָבער ווען איך האָב דאָס אויסגעפונען, איז שוין גראַטשעווסקי מעהר ניט געווען צווישען די לעבעדיגע... ער האָט זיך אַליין געמאַכט דעם טויט, אבי פּטור ווערען פון די שרעקליכע יסורים וואָס ער האָט אריבערגעטראָגען.

עס זיינען אַוועק נאָך דריי טעג. דער אויפזעהער איז געקומען און האָט מיר געהייסען אַרויסגעהן פון קאַרצער.

— איך וועל פון דאַנען ניט אַרויס ביז איהר וועט פּאַפּאָוו'ן אויך אַרויספיהרען פון קאַרצער, — האָב איך געענטפערט, פאַררו־קענדיג זיך אין אַ ווינקעל, — מיט געוואַלד וועט איהר מיך פון דאַנען ניט אַרויסשלעפּען.

דער אויפזעהער האָט מיר מיט פאַראַכטונג אָפּגעמאָסטען פונ'ם קאָפּ ביז די פיס און אַ מרוקע געטאָן.

„אומשטיינס געזאָגט וואָס עס איז דאָ פאַראַן וואָס צו שלע־פּען"...

— איהם האָט מען שוין אויך אַרויסגעפיהרט, — האָט ער מיר, אַלץ מיט פאַראַכטונג צוגעוואָרפען די ווערטער.

ערשט דאַן בין איך אַרויס.

פריהער פון אַלץ האָט מען מיך אַביסעל געפיהרט אויף דער פרישער לופט און דערנאָך האָט מען מיך אַריינגעפיהרט אין מיין קאַמער, וואו איך בין פריהער געווען פאַרשפּאַרט.

איך האָב געוואָלט זעהן וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב איצט, האָב איך מיט אַ נאַס שמאַטקעלע אָנגענעצט די ברעט און האָב אַ קוק געטאָן אַהין ווי אין אַ שפּיגעל, און ווען איך האָב זיך דערזעהן, האָב איך זיך דערשראָקען; אין די זיבען טעג וואָס איך בין געווען פאַרשפּאַרט אין קאַרצער, בין איך עלטער געוואָרען אויף גאַנצע צעהן יאָהר; הונדערטער קנייטשען און קנייטשעלאַך האָבען צו־אַקערט מיין פּנים אין דער לענג און אין דער ברייט.

די קנייטשען זיינען דערנאָך אַראָפּ, אָבער דער וועהטאָג אין האַרצען איז געבליבען נאָך ביז היינטיגען טאָג.

## זעקסטער קאפיטעל.

פאפיר (אין יאהר 1887).



ם זיינען אוועק גאנצע פינף יאהר זינט מען האט מיך ארעסטירט און עס האבען זיך געענדיגט די שווער־סטע דריי יאהר אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, און דאן האט מען אונז דאס ערשטע מאל געגעבען פאפיר צום שרייבען.

דאס איז געווען א גוואלדיג וויכטיגע גע־שעהעניש.

מיר האבען זיך אלע שטארק דערפרעהט, אבער אונזער שמחה איז באלד פארשטערט געווארען און מיר האבען אליין ניט געוואוסט וואס מיר זאלען מיט דעם פאפיר טאן! און ווירקליך, וואס זאלען מיר שרייבען אויף דעם פאפיר. אז דער אויפזעהער האט בפירוש אנגעזאגט, אז נאכדעם ווי מיר וועלען דאס פאפיר אויסשרייבען, זאלען מיר עס אפגעבען און דאן וועלען מיר קריגען נייע! דאס מיינט דאך פשוט, אז די באאמטע פון דער טורמע וועלען איבער־לייענען אלעס וואס מיר וועלען שרייבען און דערנאך וועלען זיי עס איבערגעבען אין די הענט פון'ם פאליציי־דעפארטמענט.

די גאנצע שמחה אונזערע איז איבער דעם פארשטערט גע־ווארען.

אין דער ביבליאטעק וואס מיר האבען געהאט אין דער פעסטונג איז ניט געווען קיין איין בעלעטריסטישער בוך, ניט אין פראזא און ניט אין פאעזי. בין איך געפאלען אויף א שכל און האב אין דעם פאפירענעם העפט גענומען אריינשרייבען די פאעזי וואס איך האב געדענקט אויף אויסווענינג. דאס ערשטע האב איך דארטען אריינ־געשריבען אן אויסצוג פון נעקראסאוו'ס פאעמע „ועמען לעבט זיך דאס גוט אין רוסלאנד".

אין דער גרויסער וועלט
פאראן נאר וועגען צוויי;
און דארט וואו פרייהייט רופט,
אין יענע וועגען געה!!

דערנאָך האָב איך אין דעם העפט אריינגעשריבען אנדערע לידער וואָס איך האָב נאָך געדענקט אויף אויסווענינ.

איך האָב אָבער קיין סך לידער אויף אויסווענינ ניט געדענקט און איך האָב מער ניט געהאט וואָס אריינצושרייבען. דאַן איז לאָפּאטין מיר געקומען צו הילף; ער האָט מיר דורך דער וואנט אויסגעקלאפּט א געדיכט וואָס ער האָט אליין אָנגעשריבען:



לאָפּאטין.

פארשאָלטען זאָל ווערען דער טאָג
ווען עס האָט מיר מיין מאמע געבאָרען
ווען זי וואָלט ביים געבורט מיך דערשטיקט,
וואָלט איצטער איך ליידען פארשפּאָרען*)

לאָפּאטין׳ס געדיכט האָט געהאט נאָך פינף פערזען און יעדער

*) די איבערזעצונג פון די פערזען האָט געמאכט דער דיכטער א. ל. וואָלפסאָן.

פערז האָט זיך אָנגעהויבען אויף דעם זעלבען שטייגער: „פאַר־שאָלטען זאָל ווערען“....

מיך האָט דאָס פאַרדראָסען. וואָס איז ער אזוי אויפגעבראַכט און וואָס האַלט ער אין איין שילטען? ניט איך און ניט די אנדע־רע חברים מיינע זיינען געווען אזוי געשטימט.

איידער מען האָט מיך ארעסטירט האָב איך קיינמאָל קיין לידער ניט געשריבען. און אין דער שליסבורגער פעסטונג, ווען מען האָט אונז דאָס ערשטע מאָל געגעבען פאַפיר, בין איך מיט אמאָל געוואָרען א דיכטערין און איך האָב געענטפערט לאָפּאַטין׳ען מיט א ליד:

מיר האָבען דאָס גליק, די כוחות, די בעסטע,<br>אין קאמף פאַר דער פרייהייט צו שענקען,<br>איצט זיינען מיר גרייט ביז׳ן לעצטען טאָג פון אונזער לעבען,<br>צו דולדען און ליידען פאַר דעם אומגליקליכען פאָלק.

אָהן מוסר, אָהן קללות דארפען מיר ליידען.<br>רוהיג און באַשיידען שטאַרבען אין דער שטיל.<br>און ליידענדיג שטיל די אינגערע ברידער<br>צום קאמפף פאַר פרייהייט רופען מיט שטאָלץ*)

אלע חברים האָבען איינגעשטימט, אז מיין ענטפער איז גע־ווען א געלונגענער, און לאָפּאַטין אליין האָט מיר איבערגעגע־בען, אז ער האָט געוויינט, ווען ער האָט מיין ליעד געלעזען.

נאָך אזא ערפאָלג האָב איך באקומען א שטאַרקען חשק אויס־צודריקען אין גראַמען די אלע געפיהלען וואָס האָבען זיך געשטיקט ביי מיר אין הארצען. דאַן האָב איך אָנגעשריבען די לידער „צו מיין מאמען“, „צו מיין שוועסטער“, „די אלטע שטוב“ און אנדערע לידער.

די חברים האָבען זיך מתקנא געווען אין מיר און עס איז אוועק א סדרה פון שרייבען פּאָעזיע. פון אלע זייטען האָט מען דורך די ווענט אויסגעקלאַפּט לידער. אינ׳ם משך פון א גאַנץ קורצער צייט זיינען ביי אונז אויסגעוואַקסען זעכצעהן פּאָעטען

---

*) די ליד איז אין רוסישען אָריגינאַל אין גראַמען, אָבער איך זעץ זיי דאָ איבער אָהן גראַמען.—מ. אשעראַוויטש.

און יעדער איינער האָט אויף זיין שטייגער געדיכטעט אין גראַמען. די שליסבורגער פעסטונג איז געוואָרען א פאַרנאַס און אזוי ווי יעדער איינער האָט געוואָלט, אז אנדערע זאָלען וויסען וואָס פאַר א גוטע ליד ער האָט אָנגעשריבען, האָט זיך אָנגעהויבען אזא קלאַפּעריי אין די ווענט, אז מאָראָזאָוו, וועלכער איז געזעסען אין איינער פון די קאַמערען מיט א שטאָק נידעריגער, האָט ניט גע־וואוסט וואוהין זיך אהינצוטאָן. „בייזע גייסטער — פלעגט ער זאָגען — האָבען זיך אהער ארייגעכאַפּט און גיבען מיר קיין רוה ניט“.

און ניט נאָר די סענטימענטאַלע, די געפּיהלפולע חברים אונ־זערע, האָבען זיך מיט אזא ברען א כאַפּ געטאָן שרייבען לידער; אפילו די טרוקענע, די ניכטערע און געלאַסענערע חברים אונזערע זיינען מיט אמאָל געוואָרען פּאָעטען; אזוי איז געווען מיט פּאָ־פּאָוו'ן און מיט פראָלענקאָ'ן און מיט איינגע אנדערע. בלויז לוקאשעוויטש, יאנאָוויטש, אשענברענער און נאָך א פּאָר זיינען אָפּגעשטאַנען פונ'ם כלל און האָבען קיין לידער ניט געשריבען.

אויף פאַרשידענערליי טהעמעס און אויף פאַרשידענערליי שטייגערס האָבען מיר אונזערע לידער געשריבען, אָבער די בעסטע טהעמא איז געווען — עראינערונגען פון די צייטען וואָס זיינען שוין אוועק. דאָס האָט זיך גיכער ווי אַלעס צוגעפּאַסט צו דער שטימונג וואָס מיר האָבען געהאַט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

צי די לידער זיינען טאַקע געווען גוט, צי ניין — וועגען דעם וויל איך איצט ניט ריידען. איך וויל בלויז זאָגען, אז א דאנק דעם וואָס מיר זיינען געוואָרען פּאָעטען, איז אונז געוואָרען גרינגער אויפ'ן הארצען, ווייל מיר האָבען געפּיהלט, אז מיר דריקען אויס די געפּיהלען וואָס שטיקען זיך אין אונז. און א חוץ דעם איז גלאַט געווען גוט וואָס מיר האָבען באַקומען א נייעם אינטערעס; יעדער איינער האָט דורך דער וואַנט, מיט די פינ־גער אויסגעקלאַפּט זיין ליד צום חבר וואָס איז געזעסען אין דער אנדערער קאמער און געוואַרט, אז יענער זאָל טאָן דאָס זעלבע און אויסקלאַפּען די ליד וואָס ער האָט אָנגעשריבען. דאָס איז געווען אנגענעם, און גאַנץ אָפט האָט עס טאַקע פאַרשאַפט גרויס פרייד. און איך געדענק נאָך איצט ווי אנגענעהם עס פלעגט זיין, ווען א חבר פלעגט לכבוד עפּעס א יום טוב, אָדער ביי אן אנדער געלעגענהייט, ארייגקלאַפּען דורך דער וואַנט א ליד

וואָס פּאַסט זיך צו דעם טאָג. אזוי האָט מיר לאָפּאַטין דעם 17טען סעפּטעמבער, צו מיין געבורטסטאָג, „ארייננעקלאַפּט" אזא ליד:

כאָטש דו ביזט אינ׳ם קבר פון גהינום פארשאָטען
ביזטו ניט אליין.
אפילו דאָ ביזטו ארומגערינגעלט מיט ליבע.
דו ביזט ניט אליין,
די פריינד, די אייגענע און די שיין פון דער זון האָט מען ביי
דיר צוגענומען, אָבער —
דו ביזט ניט אליין!

חוץ דעם וואָס דאָס פּאַפּיר האָט אונז געגעבען די מעגליכ־קייט אויסצוגיסען אונזערע געפיהלען און פארטרייבען דעם אומעט, האָט עס אונז די ערשטע צייט געטאָן נאָך א טובה.

אין די ערשטע דריי יאָהר פלעגט מען אונז אלע שבת באַזו־כען און באַטאַפּען צו זעהן אויב מיר באהאַלטען גאָרניט. מען האָט ביי אונז קיינמאָל גאָרניט געפונען און דאָך האָט מען זיך דערמיט ניט גערעכענט און מען האָט אונז יעדען שבת באַ־זוכט און באַטאַפּט.

מיט די מאַנסבילען האָט מען זיך ווייניגער געצערעמאָניעט; די זשאַנדאַרען האָבען זיי ביי יעדער אונטערזוכונג באהאַנדעלט זעהר גראָב און געמיין. מיך, ווידער, פלעגט מען ארייננפיהרען אין א באַזונדער צימער, וואו א פרוי פלעגט שוין וואַרטען פאר מיר צו מאַכען די אונטערזוכונג, צי איך באהאַלט ניט עפּעס ערגעץ. פּאַמעלאַך פלעגט זי מיך אויסטאָן איינגאַנצען נאַקעט און דורך דער האַלב אָפענער טיר איבערגעבען די זשאַנדאַרען דעם רעפּאָרט, צי זי האָט ביי מיר עפּעס געפונען, צי ניין.

די ערשטע צייט פלעגט דאָס טאָן אן עלטערע פרוי, וועלכע האָט אויסגעזעהן ווי אן אויפפּאַסערין אין א „פיינער פאַמיליע". געוועהנליך פלעגט זי מאַכען די אונטערזוכונג אזוי: ארויפלעגען ביידע הענד אויף מיינע נאַקעטע אַקסלען און דערנאָך אויסטאַ־פּען דעם גאַנצען קערפּער ביז די שפּיץ פינגער. אפילו די אויערען האָט זי קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט.

איינמאָל, ווען מ׳האָט מיך שבת ארייננעפיהרט אין דעם באַ־זונדערען צימער צו מאַכען די אונטערזוכונג, האָב איך אנשטאָט

דער עלטערער פרוי געטראָפען אַ יונגע דאַמע, אַ שעהן אויס־געפּוצטע, מיט אַ גילדען קייטעלע אויף דער ברוסט.

ווען דער אויפזעהר האָט מיך איבערגעגעבען צו איהר אין די הענט האָט ער מיר שטילערהייט געזאָגט, אַז זי איז טויב און שטום. און ווירקליך, איך האָב דאָס גלייך געזעהן.

געמאַכט די אונטערזוכונג, איז זי אַוועק און מעהר האָב איך זי ניט געזעהן. אויף איהר פּלאַץ האָט מען מיר נאכהער צוגעשיקט עפּעס אַן אומגעלומפּערטע, גראָבע פּויערטע, אודאי אַ געוועזענע קעכין, וועלכע הויבט ניט אָן צו וויסען, ווי אַזוי מיט אַ מענשען זיך צו באַגעהן. זי איז געווען אַזוי גראָב, אַז עס איז פּשוט געווען אונמעגליך פון איהר איבערצוטראָגען; איהר איז ניט געווען גענוג אויסצוטאַפּען דעם גאַנצען קערפּער מיינעם ביז'ן די שפּיץ פינגער, זי האָט מיר נאָך געמוזט צופּלעכטען די האָר און זיי וואַרפען פון איין האַנד אין דער אנדערער, גלייך דאָס וואָלטען געווען הילצערנע שפּענדלאַך וואָס זיינען ניט צו־געוואַקסען צום קאָפּ.

איבער איהר איז יעדע אונטערזוכונג פאַר מיר געוואָרען נאָך אַ גרעסערע אָבקומעניש און אַלעמאָל, ווען איך פלעג ארויסגעהן פון דעם צימער, פלעג איך וויינען.

איינמאָל האָט מיך דער אויפזעהר געפרעגט פאַרוואָס איך וויין.

— דערפאַר וואָס די פרוי באַהאַנדעלט מיך זעהר גראָב. — האָב איך געענטפערט.

—איך וועל דאָס איהר זאָגען, — האָט דער אויפזעהער געענטפערט קורץ.

פון דאַן אָן האָט זיך די פרוי אָנגעהויבען באַנעהמען העפליכער צו מיר זי האָט מיך שוין מעהר ביי די האָר ניט געריסען.

און איצט קעהר איך זיך אום צוריק צום פּאַפּיר.

אין דער זעלבער צייט וואָס אונזערע פּאָעטען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג האָבען געשריבען לידער און באַזונגען די זון מיט דער לבנה, האָט דער אַרבייטער מאַרטינאָוו געשריבען פּראָזע, און ווען ער האָט אויסגעפילט דעם גאַנצען העפט, האָט

ער איהם אָבגעגעבען דעם אויפזעהער און יענער האָט עס אי־בערגעגעבען אין די הענד פונ׳ם פּאָליציי־דעפּארטמענט.

אין דעם העפט האָט מארטינאָוו באַשריבען די שבת׳דיגע אונטערזוכונגען. די באַשרייבונג איז אַ פּנים ארויסגעקומען זעהר געלונגען, און דער רעזולטאַט דערפון איז געוועזן — מען האָט די אונטערזוכונגען אינגאַנצען אויפגעגעבען.

# זיבעטער קאַפּיטעל.

מ. פ. גראַטשעווסקי.*)



ינ'ם יאָהר 1887, אסיען צייט, איז אויף אַ שרעק־ליבען אופן אומגעקומען מיין חבר, מ. פ. גראַ־טשעווסקי, וועלכער איז צוזאַמען מיט מיר געוועז אַ מיטגליד אין דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". זיין לע־בען איז געוועז פול מיט שטורמדיגע און אינטע־רעסאַנטע פּאַסירונגען. מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען ער איז נאָך געוועז אַ יונגער בחור'ל פון אכטצעהן יאָהר, איז ער ארוים פון דער סעמינאַר־שולע, וואו ער האָט זיך גע־לערענט און איז געוואָהרען אַ פּאָלקס לעהרער אין אַ דאָרף, ווייל דער חשק צו העלפען און ברענגען נוצען די פּויערים האָט אין איהם געברענט ווי אַ העליש פּייער; פּיער יאָהר צייט איז ער געוועז אַ לעהרער און דערנאָך האָט ער עס אויפגעגעבען, געוואָרען אַ שלאָסער אויף אַן אייזענבאַהן־סטאַנציע און אָנגע־פיהרט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די ארבייטער. דערנאָך איז ער אוועק קיין פּעטערבורג, וואו ער איז אריין אין דער גרופּע „טשאַיקאָווצעס" און מיט אַ צייט שפּעטער איז ער אוועק קיין מאָסקווע אָנפיהרען אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנ־דאַ צווישען די ארבייטער. דאָרטען האָט מען איהם באַלד ארעס־טירט און ער איז אָבגעזעסען אין טורמע דריי און אַ האַלב יאָהר ביז'ן פּראָצעס. אין 1878 האָט מען איהם ענדליך געשטעלט צום געריכט און דאַן האָט מען איהם פּאַר'משפּט אויף דריי חדשים טורמע. (דארויף האָט ער דאָס געדאַרפט וואַרטען אין טורמע דריי און אַ האַלב יאָהר!) שפּעטער האָט מען איהם

*) אַלע איינצעלהייטען וועגען גראַטשעווסקי'ס ביאָגראַפיע קען דער לעזער געפינען אין מיין בוך „די פּאַרשפּאַרטע אין שליסעלבורג" (רוסיש). — וועראַ פיגנער.

ווידער ארעסטירט, אין אדעס, און מען האָט איהם פארשיקט אין כאַלמאָגאָרי, ארכאַנגעלסקער גובערניע.

אליין זעהר אן ענערגישער און אן אומרוהיגער מענש, וואָס קען לאַנג אויף איין אָרט ניט איינזיצען, איז ער אנטלאָפען, אָבער אין די געדיכטע פעלדער און טיפע זומפען וואָס געפינען זיך אין יענעם געגענד, האָט ער זיך אראָפּגעשלאָגען פונ׳ם וועג, דאַן האָט מען איהם געכאפט און אין דער באַגלייטונג פון זשאַנדארען האָט מען איהם געפיהרט צוריק קיין ארכאַנגעלסק, אָבער איידער מען האָט איהם אריינגעפיהרט אין שטאָדט אריין, איז ער אראָפּגעשפּרונגען פון דער בריטשקע און האָט זיך באַהאַלטען אין א געדיכטען וואַלד. פון דאָרטען האָט ער זיך מיט גרויס מיה צוגעשלאָגען צו די חברים, וועלכע זיינען געווען פארשיקט, זיי האָבען איהם אויסבאַהאַלטען און דערנאָך איז ער אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג.

אין יענער צייט האָט זיך שוין געהאט געגרינדעט די פּאַרטיי „נאַראָדניא וואָליא“, און אזוי ווי גראַטשעווסקי איז שוין געווען א געניטער מענש אין רעוואָלוציאָנערער ארבייט, איז ער צוגעשטאַנען צו דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי. ווען מען האָט אין 1880 געמאַכט אַן איבערפאַל אויף דער דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאיא וואָליא“ און מען האָט זי פּאַרמאַכט, האָט מען גראַטשעווסקי׳ן איבערגעגעבען די ארבייט צו גרינדען א נייע דרוקעריי צוזאַמען מיט דער איוואַנאָווסקאַיאַ.

אַלס מיטגליד פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט“, האָט גראַטשעווסקי גענומען אַן אַקטיווען אנטייל אין דעם קאַמף וואָס די פּארטיי האָט אָנגעפיהרט געגען דער רוסישער זעלבסט הערשאַפט, און נאָכ׳ן ערשטען מאַרטש, 1881, ווען מען האָט דערהרג׳עט דעם קיסר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, איז ער געוואָרען איינער פון די וויכטיגסטע און פאַראַנטוואָרטליכסטע טוער פון דער באַוועגונג.

אינ׳ם יאָהר 1882, ווען א סך מיטגלידער פונ׳ם „קאָמיטעט“ זיינען אומגעקומען און א סך זיינען זיך צולאָפען, האָט גראַטשעווסקי אין פּעטערבורג געגרינדעט א געהיימע פאַבריקעל צו מאַכען באָמבעס, און ער אליין איז דאָרט געווען, אי דער אויפזעהער, אי דער בעל־מלאכה. אין יענער צייט האָט ער

געהאט א פאלשען פאספארט און ער איז געווען זיכער, אז מען ווייסט ניט ווער ער איז און וואס ער איז; אין דער אמת'ן אבער, האט שוין די פאליציי דאמאלט געהאט אן אויג אויף איהם, און ניט נאר אויף איהם, נאר אויף די אלע מענשען, מיט וועמען ער האט זיך געטראפען.

אין מאנאט יולי האט מען איהם ארעסטירט, צוזאמען מיט די אלע מענשען, וועלכע האבען מיט איהם געארבייט. גראטשעס־קי אליין איז געווען זיכער, אז ער איז שולדיג אין דעם וואס די אנדערע חברים זיינען אויך ארייננעפאלען, און דערפאר האט ער שרעקליך געליטען און האט זיך שיער ניט אויפגעגעסען א לע־בעדיגער.

כאטש ער האט געמאכט דעם אנשטעל פון א שטרענגען און קאלטען טעראריסט, איז ער דאך געווען א מענש מיט א גע־פיהלפולער ווארימער נשמה. ער האט אבער זיינע ווארימע גע־פיהלען אלע מאל איינגעהאלטען. ערשט ווען מען האט איהם ארייגגעזעצט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג און ער האט דער־זעהן, אז מעהר וועט ער שוין פאר דער רעוואלוציאנערער באווע־גונג גארניט קענען טאן, האבען זיך די געפיהלען, די ווארימע מענשליכע געפיהלען, שטארק צושטורמט ביי איהם אין הארצען און ער האט ניט געקענט צוזעהן ווי אזוי פיל יונגע מענשען, זיינע חברים, ווערען לעבעדיגערהייד פארפוילט אין די קברים.

אויפ'ן פראצעס, נאך איידער מען האט איהם ארייננע־זעצט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, האט ער זיך געהאלטען אזוי, אז אלע האבען איהם באוואונדערט; מיט יעדען ווארט וואס ער האט ארויסגערעדט, האט ער זיך אליין געפיהרט נעהנ־טער צו דער תליה; ער האט גענומען אויף זיך די גאנצע שולד, כדי מען זאל זיינע חברים ריינוואשען.

אין 1883, אויפ'ן „פראצעס פון די זיבעצעהן", האט גראַ־טשעווסקי געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האט געזאגט:

„איך בעט, אז מען זאל אבוואשען פון מיין נשמה כאטש א טייל פון די גייסטיגע ליידען, וואס איך האב איבערגעלעבט אין די צעהן מאנאטען וואס איך בין אין טורמע געזעסען. גלויבט מיר, אז די שווערסטע קערפערליכע שטראף וואס א מענש קען נאר אויסקלעהרען, איז גארניט אין פארגלייך מיט די גייסטיגע יסורים פון מיין נשמה. קיינער איז ניט פארמישט אין דעם די־

נאמיט־פאבריקעל וואס איך האב געגרינדעט; איך אליין בין אין אלעם שולדיג, קיינער האט מיר אין דער ארבייט ניט געהאלפען, און דאריבער בעט איך, אז דאס געריכט זאל די גאנצע שווערי־קייט פון דער שטראף ארויפלעגען אויף מיר און ניט אויף קיין אנדערען".

מיט א שווער געמיט און מיט א צוריסענער נשמה איז גרא־טשעווסקי ארוים פונ'ם געריכט און אזוי האט מען איהם אוועק־געפיהרט אין דעם לעבעדיגען קבר — אין דער אלעקסעיעווסקער „ראוועלינע" פון דער פעטראפאוולווסקער פעסטונג און פון דאר־טען — אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. פריהער האט מען איהם פאר'משפט צום טויט און דערנאך האט מען דעם אור־טייל פארביטען אויף אייביגער קאטארגע.

אין דער אלעקסיעווסקער „ראוועלינע" האט זיך גראטשעווס־קי געמוטשעט ווי איינער פאר'ן טויט, פונקט ווי די אנדערע „נא־ראדאוואלצעס", וועלכע זיינען פארמשפט געווארען אין די יאהרען 1882—1883. קיין ערגערונגען וועגען דעם לעבען אין דער „רא־וועלינע" האט מען ניט געשריבען. מען ווייסט אבער, אז עס איז דארטען געוועזען א שרעקליכער גהינום. קיינער האט דאר־טען קיין הויך ווארט ניט ארויסגערעדט, און גראטשעווסקי איז אויך ניט געוועזען קיין אויסנאהם.

דערפאר אבער האט ער ניט געשוויגען אין שליסעלבורגער פעסטונג. אין די ערשטע דריי יאהר האט ער זיך געהאלטען אין איין ווארפען און אלע מאל אנגעפיהרט א קאמף מיט דעם אויפ־זעהער סאקאלאוו. אנדערש האט ער ניט געקענט; ער איז גע־ווען צופיעל צושרויפט און יעדער קלייניגקייט האט איהם שרעק־ליך געערגערט.

מעהר פון אלעם האט ער ניט געקענט אריבערטראגען די שטילקייט.

ווי שרעקליך זי איז, די שטילקייט אין טורמע! די בא־אמטע לאזען קיין הויך ווארט ניט אויסריידען. עס מוז זיין שטיל. דערמיט שטרייכט מען אונטער די דיסציפלין אין טורמע, דערמיט באווייזט מען, אז די ארדנונג ווערט אפגעהיט. די טורמע מוז זיין טויט, טויט ווי א בית עולם, טויט בייטאג און ביינאכט. דעם איינציגען רעש וואס מען הערט אין טורמע איז דאן ווען מען עפענט, אדער מען פאררוקט דאס פארטקעלע צו דערלאנגען עסען.

דאָס קלאַפּען פון אַ טיר הילכט שטאַרק אָפּ איבער דער גאַנצער טורמע און דאַן דערמאָנסטו זיך, אַז דו ביזט דאָ ניט אַליין.... ווײַ־טער הערט מען ניט קיין שאָרך, קיין קלאַנג.

פּאָר אַ פרייען מענשען וואָס איז ניט זעהר נערוועז, איז שטילקייט אַ טובה; מען צושטרייט זיך די נערוועז און מען רוהט זיך אָפּ. אין טורמע אָבער איז גאָר אַנדערש. עס איז שטענדיג שטיל, און די שטילקייט לעגט זיך אַזוי שווער אויפ׳ן הארצען און אויפ׳ן מח, אַז עס איז אַ שרעק. די נערוועז ווערען דערפון אַזוי צושרויפט און אַזוי אָנגעצויגען, אַז עס דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועלען זיי פּלאַצען.

איבער דעם וואָס עס איז שטענדיג שטיל, ווערט דאָס גע־הער אין אויער זעהר עדעל — אַזוי עדעל, אַז ער קען דערנאָך דעם מינדעסטען שאָרך ניט אַריבערטראָגען. אייניגע ווערען אַזוי נערוועז, אַז אַלע מאָל, ווען זיי דערהערען אַ שאָרך, רייסט זיך ביי זיי אַרויס אַ קוויטש פון הארצען, און ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זיין — וואָס שטילער עס איז דער שאָרך, אַלס שטאַרקער איז דער קוויטש. אייניגע הויבען אָן וויינען ווען זיי דערהערען אַ שאָרך, און אויב דאָס ווידערהאָלט זיך איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, דערפיהלט מען זיך אַזוי שרעקליך מאָדנע, אַז מען וואָלט אַנטלאָפען אפילו אין עק וועלט. צו דעם קומט נאָך צו דאָס ערוואַרטען דעם שארך; אפילו ווען עס איז שטיל, דוכט זיך רק אויס, אַז אָט־אָט וועט זיך דערהערען אַ שאָרך; און ווען ער דערהערט זיך שוין יאָ, דוכט זיך דיר אויס, אַז ער איז געקומען אונערוואַרטעט.

דוכט זיך גאָרניט — אַ שאָרך, אַ קלאַנג; און פונדעסט־וועגען קען מען איבער דעם ביינאַכט ניט שלאָפען; זיי מאַכען אַזוי נערוועז, אַז מען פיהלט פּשוט ווי מען געהט אַראָפּ פון זינען און מען איז גרייט צו שרייען, מאַכען געוואַלדען, שלאָגען און הרג׳ענען, אַבי מאַכען אַ סוף צו די יסורים. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבען, אַז די זשאַנדאַרען טוען אומיסטען אויף צו׳להכעים, כדי ביי דעם אַרעסטאַנט זאָל די גאַל פּלאַצען; ווייל זיי ווייסען, אַז יעדער מינדסטער שארך רעגט אויף, טוען זיי דוקא אויף צו׳־להכעים, און וועה איז דעם וואָס בעט, אַז מען זאָל שאָנעווען זיינע נערוועז און ניט מאַכען קיין טומעל. ובפרט נאָך ווען אַן אַרעס־טאַנט פאַרלירט די געדולד און צובייזערט זיך דערפאַר. דאַן איז

גאָר געפעהרליך. מען טוט איהם אין טויט אריין און מען דער־
געהט איהם די יאָהרען, און עס בלייבט איבער בלויז איין אויסוועג
— אויסשפייען די גאַל און אליין נעמען זיך דאָס לעבען.

גראַטשעווסקי האָט ניט געקענט אריבערטראָגען די יסורים
אין דער שליסעלבורגער פעסטונג און ער האָט געהאַלטען אין איין
פּראָטעסטירען. אַלע מאָל האָט ער זיך פאַרטשעפּעט מיט די
זשאַנדאַרען און ספּעציעל מיט דעם שטרענגען אויפזעהער
סאָקאָלאָוו.

גראַטשעווסקי׳ס קאַמער איז געווען אונטען, און מיט אַ
שטאָק נידעריגער איז געווען דער קעלער, וואו עס איז שטענדיג
געווען אָנגעוואָרפען האָלץ און קויהלען צו באַהייצען די פעסטונג.
דאָרטען זיינען געווען די אויוועגס און אַלע מאָל האָט מען דאָר־
טען געוואָרפען און איבערגעוואָרפען דאָס האָלץ און די קויהלען
פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערען. גראַטשעווסקי האָט איבער דעם
טומעל ניט געקענט שלאָפען און אין דער פריה פלעגט איהם זיין
שווער אויפצושטעהן. די זשאַנדאַרען האָבען איהם אָבער ניט גע־
לאָזט ליגען אין בעט גלאַט אַזוי און יעדער ווייל פלעגט אַן
אַנדערער צוגעהן צו דער טיר, עפענען דאָס פאַרטקעלע און זעהן
וואָס ער טוט דאָרטען.

דאָס האָט גראַטשעווסקי׳ן געמאַכט נאָך נערוועזער ווי ער איז
געווען, עטליכע מאָל האָט ער זיך דארויף געקלאָגט פאַר׳ן קאָמענ־
דאַנט פון דער פעסטונג, און דערפאַר איז איהם דער אויפזעהער
נאָך מעהר אריין אין די ביינער.

אין מאָנאַט מאַרטש, 1886, זיינען אין דער שליסעלבורגער
פעסטונג געשטאָרבען צוויי חברים אונזערע — נעמאָלאָווסקי און
געלים. איידער זיי זיינען געשטאָרבען האָט מען איבער דער גאַנ־
צער טורמע געהערט זייערע שרעקליכע קרעכצען און זיפצען....
די זשאַנדאַרען האָבען געזעהן ווי מיר הערען זיך אַלע איין צו
די קרעכצען און זיפצען פון אונזערע צוויי חברים, וועלכע ראַנג־
לען זיך מיט׳ן טויט, איז זיי איינגעפאַלען צו נעהמען און זיי ארי־
בערפיהרען אין דער אַלטער טורמע. זאָלען זיי דאָרטען אויסגעהן
שטילערהייד און קיינער זאָל ניט וויסען. מיר האָבען אָבער גע־
וואוסט, אַז אין דער אַלטער טורמע איז נאָך ערגער ווי אין גהינום
און מיר האָבען אויך מורא געהאַט, מען זאָל זיי דאָרטען פאַר׳ן
טויט נאָך ניט מוטשען. האָט זיך אָנגעהויבען אַ טומעל; מיר

האָבען געזאָגט, אַז מיר וועלען בשום אופן ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל אונזערע צוויי קראַנקע חברים אַוועקפיהרען אין דער אַל־טער טורמע; אָבער מען האָט זיך מיט אונז ניט גערעכענט, נעמאַלאָווסקי׳ן האָט מען אוועקגעפיהרט אהין און געלים׳ן האָט מען אוועקגעטראָגען.... מען האָט איהם אריינגעלעגט אין אַ לייַ־לאַך און מען האָט איהם אוועקגעטראָגען, און ער האָט דערביי אזוי יאָמערליך געקרעכצעט, אַז עס האָט געריסען ביים הארצען...

גראַטשעווסקי׳ן האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען און ער האָט פּראָטעסטירט. מען האָט געמוזט ברענגען דעם קאָמענדאַנט פּאָקראָשינסקי, און גראַטשעווסקי האָט פאַר איהם פאָרגעלעגט די קלאַגע. דער אויפזעהער האָט געפּרובט זיך פאַרענטפערען. „די קראַנקע שטערען די אָרדענונג אין טורמע" — האָט ער געזאָגט. אָבער דער קאָמענדאַנט האָט זיך צוגעהערט צו גראַטשעווסקי׳ס טענות און געהייסען ברענגען געלים׳ן צוריק. נעמאַלאָווסקי׳ן ווידער, האָט מען צוריק שוין ניט געבראַכט; ער איז אין אָנ־פאַנג אפּריל געשטאָרבען איינזאַם אין דער אַלטער טורמע.

נאָכדעם האָט דער אויפזעהער אָנגעהויבען טאָן גראַ־טשעווסקי׳ן אויף צו׳להכעים און יעדער מאָל ווען ער האָט גע־עפענט דאָס פּאָרטקעלע פון דער אייזערנער טיר, האָט ער דערמיט געקלאַפּט אַ פינף מאָל, מאַכענדיג דעם אָנשטעל, אַז ער קען עס ניט פאַרמאַכען. אויף גראַטשעווסקי׳ס נערווען האָט עס שרעק־ליך געווירקט, און ער האָט זיך ביים אויפזעהער געבעטען: „קלאַפּט ניט אזוי פיל מאָל מיט׳ן פאָרטקעלע. איין קלאַפּ איז גענוג. איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ נערוועזער מענש און דאָס קלאַפּען רעגט מיך אויף".

„אזוי!" — פלעגט דער אויפזעהער זיך איהם נאָכקרימען,— „דאָס קלאַפּען רעגט דיך אויף, הא? מיר אויך"...

און אויף צו׳להכעים ווידער אַ קלאַפּ טאָן, איינמאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל.

עס איז ניט אוועק קיין איין טאָג, אַז גראַטשעווסקי זאָל זיך ניט קריגען מיט דעם אויפזעהער און אַלעמאָל האָט ער אויסגע־דריקט זיין פּראָטעסט אויף אַן אנדער אופן; איין טאָג האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון׳ם שפּאַציר און אַ צווייטען טאָג האָט ער אויף צו־להכעים ניט געגעסען. אזוי האָט ער אין אָקטאָבער, 1886, געפאַסט אכטצעהן טעג נאָכאנאַנד. (איינינע זאָגען, אַז אַכט־

און־צוואַנציג טעג.) און כדי די אַנדערע אַרעסטאַנטען זאָלען דאָס ניט וויסען, האָט איהם סאָקאָלאָוו איבערגעפיהרט אין דער אַלטער טורמע.

דאָרטען האָט גראַטשעווסקי אָנגעשריבען אַ לאַנגע שריפט־ליכע ערקלערונג, אַדרעסירט צום מיניסטער פון אינלענדישע אַנ־געלעגענהייטען, גראַף ד. א. טאָלסטאָי. אין דער ערקלערונג האָט ער אויסגערעכענט די אַלע באַליידיגונגען און די אַלע יסורים וואָס ער האָט אַריבערגעטראָגען אין דער „ראַוועלינע" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און אין דער שליסעלבורגער פעס־טונג.

גראַטשעווסקי אַליין האָט געגלויבט, אַז מען וועט זיין צו־שריפט איבערגעבען אין די הענט פון דעם ריכטיגען מענשען. און ער איז געווען זיכער, אַז יענער וועט אָננעמען אַלע מיטלען צו פאַרבעסערען די לאַגע פון די מענשען וואָס זיינען פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז פון דעם גאַנצען חלום האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. נאָך עד היום ווייסט מען ניט צי מען האָט די ערקלערונג אַריבערגעשיקט צום מיניסטער. וואָס מען ווייסט יאָ איז — אַז נאָכדעם האָט מען ביי גראַטשעווסקי'ן צוגענומען דאָס פּאַפּיר און די טינט; מען האָט איהם מעהר קיין ביכער ניט געגעבען; אַפילו די רעצעפּטען, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַר איהם פאַרשריבען, האָט מען ביי איהם צוגענומען.

אַזוי איז אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך און ביי גראַטשעווסקי'ן אין געדאַנק האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן, אַז אויב דער מיניסטער וועט טאַקע גאָרניט טאָן צו פאַרבעסערען די לאַגע פון די אַרעסטירטע, וועט ער אַליין שטעלען זיין לעבען אין קאָן, אָבער זיינס וועט ער אויספיהרען.

אין מאָנאַט מאַי, 1887, האָט מען עטליכע חברים אונזערע איבערגעפיהרט אין דער אַלטער טורמע דערפאַר וואָס זיי האָבען געקלאַפּט מיט די פינגער אין די ווענט. גראַטשעווסקי'ן האָט דאָס פאַרדראָסען מעהר ווי אַלעמען און דאַן האָט ער דורך דער וואַנט אויסגעקלאַפּט פאָלגענדע ווערטער:

„מעהר האָב איך קיין כח ניט דאָס אַריבערצוטראָגען. איך וועל פון זינען אַרונטער!... מאָרגען, ווען דער דאָקטאָר וועט אַריינקומען צו מיר, וועל איך איהם אויספּאַטשען!"

מען האָט זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל דאָס ניט טאָן. אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפען. דעם 26טען מאַי האָט ער אויסגעפּאַטשט דעם דאָקטאָר זארקעוויטש, דעם יונגען פייגלינג, וועלכער איז שטענדיג געווען אַ מליץ יושר פאַר דעם אויפזעהער און האָט פאַרלייקענט די גרעסטע געמיינהייטען וואָס ער האָט געטאָן.

גלייך נאָכדעם האָט ער דורך דער וואַנט געלאָזט וויסען די חברים וואָס ער האָט געטאָן. דערביי האָט ער אויך געזאָגט, אַז ער וויל מען זאָל איהם דערפאַר שטעלען צום געריכט, וואו ער וועט קענען שילדערען די שרעקליכע באַליידיגונגען און יסורים וואָס מיר שטעהען דאָ אויס; איהם מעג מען דערפאַר באַשטראָפען מיט'ן טויט; אָבער אויב מען וועט איהם דערפאַר מיט'ן טויט ניט באַשטראָפען און אָנשטאָט דעם וועט מען איהם גלאַט פייניגען און מוטשען, וועט ער זיך אָפּגיסען מיט קעראָסין און וועט זיך אַליין פאַרברענען.

אין דעם זעלבען טאָג האָט מען איהם אַוועקגעפיהרט אין דער אַלטער טורמע, פון וואַנען ער איז שוין מעהר קיין לעבעדיגער ניט אַרויס.

מאָנאַטען זיינען אַוועק און גראַטשעווסקי'ן האָט מען אַלץ ניט געשטעלט צום געריכט. דער אויסרייד איז געווען, אַז מען קען איהם צום געריכט ניט שטעלען, ווייל ער איז אַ גייסטיג קראַנקער מענש און ניט איינגאַנצען ביים זינען. און ווען ער האָט געזעהן, אַז אַלע זיינע האָפנונגען זיינען פאַרלאָרען און עס וועט זיך איהם טאַקע ניט איינגעבען צו דערצעהלען פאַר דער וועלט ווי אַזוי מען מוטשעט די „נאַראָדאָוואָלצעס" אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט ער דורכגעפיהרט דעם פּלאַן, וואָס ער האָט פריהער פאַרטראַכט, און דעם 24טען אָקטאָבער, 1887, האָט ער זיך אַליין אָפּגעגאָסען מיט קעראָסין פונ'ם לאָמפּ, זיך אַליין אָנגעצונדען און איז פאַרברענט געוואָרען אויף טויט.

אָט אַזוי האָבען מיר פאַרלאָרען איין חבר נאָכ'ן אַנדערען. מינאַקאָוו'ן האָט מען דערשאָסען דערפאַר וואָס ער האָט פּראָטעסטירט געגען דעם רעזשים אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. יענער האָט אויך געטרוימט וועגען אַ געריכט, וואו ער וועט פאַר דער וועלט קענען אויפדעקען דעם גיהנום פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, אָבער מען האָט איהם צום געריכט ניט געשטעלט...

איהם האָט זיך אַלץ געוואָלט, אַז דאָס פאָלק זאָל דערהערען זיין שטימע, אָבער מען האָט איהם ניט געלאָזט.

אויך מישקינ'ען האָט מען דערשאָסען. ער האָט אויך געוואָלט לאָזען הערען זיין שטימע אין געריכט, אָבער מען האָט איהם צום געריכט ניט געשטעלט.

און איצט גראטשעווסקי! ער האָט זיך אַליין לעבעדיגערהייד פארברענט, ווען ער האָט איינגעזעהן, אַז אַלע זיינע האָפנונגען זיינען אומזיסט און מען וועט איהם ניט געבען קיין געלעגענהייט צו לאָזען הערען זיין שטימע פון פּראָטעסט.

צווישען די ווענט פון דעם לעבעדיגען קבר, וואו מען האָט איהם פארשפּארט אין דער אַלטער טורמע פון שליסעלבורגער פעסטונג, האָט גראטשעווסקי פון זיך אַליין געמאכט א ברענענדיגען פאקעל...

אָט איז דער ברייטער קאָרידאָר, וואָס קוקט אויס ווי א צימער פון אינקוויזיטאָרס. איבער דער גאנצער לענג פונ'ם קאָרידאָר זעהט מען א רייהע שווארצע טירען, פארשלאָסען אויף זיבען שלעסער. זיי זיינען אזוי פארהאקט, אַז עס דוכט זיך, אַז מען וועט זיי גאָר קיינמאָל ניט עפענען און די מענשען, וואָס זיינען דאָרטען פארשפּארט, וועלען שוין קיינמאָל אין זייער לעבען די ליכטיגע שיין ניט זעהן. ארום און ארום איז טונקעל, גרוי און פייכט. די אָנגעמכורעטע זשאנדארען דרעהען זיך ארום ווי שאָטענס, אָדער ווי בייזע גייסטער פון תליינים אָדער געדונגענע רוצחים. אין אַלע ווינקעלאך איז שטיל. מיט אמאָל ווערט א טומעל, א גערודער און אַלעס צוואווייעגט זיך ארום און ארום... מען הויבט אָן קלינגען מיט'ן גלאָק און עס דערהערען זיך סיגנאַלען. עס ווערט א טרעוואָגע.

אָבער די טירען עפענען זיך ניט. זיי זיינען פארשלאָסען און קיינער קומט פון דאָרט ניט ארויס. די טיר פון גראטשעווסקי'ס קאַמער עפענט זיך אויך ניט... ניטאָ קיין שליסעל... און דאָרטען, אינוועניג, שטעהט א לעבעדיגער מענש, א הויכער, א דאַרער, מיט א טונקעלען פּנים, און ער ברענט... די פייערדיגע צונגען פארשפּרייטען זיך אַלץ מעהר און מעהר ארום זיין קערפּער... עס זעצט א רויך און דאָס פּנים פון דעם מענשען ווערט אַלץ טונקעלער און שווארצער... די פלאַמען קריכען איבער

איהם — פון אויבען אראָפּ או פון אַלע זייטען... אַ פּאַקעל ברענט — און דאָס איז אַ לעבעדיגער מענש!...

אין איילעניש קומט אריין דער אויפזעהער. ער לויפט און זיינע טריט זיינען שווער און קלינגען אָפּ איבער׳ן קאָרידאָר. אין זיין ברייטער לאַפּע האַלט ער אַ בינטעל מיט שליסלען, די מאָרדע איז ביי איהם אָרונטערגעלאָזט און אַלעמאַל באמערקט מען דאָרטען אַ נערוועזען צוק... ער רוקט אריין דעם שליסעל, דרעהט איהם אַהין און אַהער. ענדליך! די טיר איז געעפענט... די קאַמער איז פול מיט רויך און מיט פלאַמען, און אינמיטען שטעהט אַ מענש און ברענט... דער רויך קנוילט זיך, שלענגעלט זיך... פייערדיגע צונגען דרעהען זיך אַהין און אַהער... אַ גערוך פון קעראָסין שפּאָרט זיך צו דער נאָז... די האָר פון דעם מענשען זיינען שוין פאַרברענט... די קליידער רויכערען זיך נאָך און דער מענש פאַלט אום...

די שרעקליכע דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט. אין די קנוילען רויך איז דערשטיקט געוואָרען דער געדאַנק, אין די פייערדיגע פלאַמען איז אויסגעלאָשען געוואָרען דער באַוואוסטזיין.

אַ פּאָר קרעכצען... פאַרשטיקטע, דערוואָרגענע קרעכצען... און — דער מענש איז געשטאָרבען.

---

מיט דריי טעג שפּעטער האָט גענעראַל פּעטראָוו געמאַכט אַ וויזיט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, און באַלד נאָכדעם איז נעלם געוואָרען דער אויפזעהער סאָקאָלאָוו. מ׳האָט איהם אָפּגע־זאָגט פון דער שטעלע דערפאַר וואָס ער האָט ניט גענוג אכטונג געגעבען.

דער קרבן איז געבראַכט. נאָכדעם איז אין לעבען פון דער טורמע געקומען אַן ענדערונג... די טויטע זיינען אין די קברים פאַרפוילט געוואָרען און די לעבעדיגע האָבען אַ ביסעל פרייער אָפּגעאָטעמט.

די שליסעלבורגער פעסטונג איז געבליבען, אָבער דער אויפ־זעהער סאָקאָלאָוו איז שוין מעהר ניט געווען.

---

נאָכדעם ווי מען האָט סאָקאָלאָוו׳ן אוועקגעשיקט, אין מאָנאַט נאָוועמבער, 1887, איז אוועק אַ האַלב יאָהר און מען האָט קיין נייעם אויפזעהער ניט באַשטימט. סאָקאָלאָוו׳ס פּלאַץ האָט פאַר־

נומען א זשאנדארמסקער אפיצער, וואס האט געהאט צו זאגען איבער דער ווירטשאפט אין שליסעלבורגער פעסטונג. ערשט אין אפריל, 1888, האט מען באשטימט א יונגען מענשען פון א יאהר פינף־און־דרייסיג, און פון זיין באנעמען זיך צו אונז האט מען בשום אופן ניט געקענט וויסען צי ער איז א גוטער, צי א שלעכטער. דערנאך האט מען באשטימט אן אנדערען. פיאדא־ראוו האט מען איהם גערופען. ער איז שוין געווען א מענש אין די יאהרען, שטארק מקפיד געווען אויפ'ן געזעץ, און צו די אלע אנדערע „פיינע מעלות", וואס ער האט פארמאגט, איז ער נאך געווען א מסור אויך.

ביי איהם האבען מיר אבער אויסגעפיהרט אונזער פראטעסט און איך האב ווידער געהאט דאס גליק צו שפאצירען צוזאמען מיט מיין פריינדין ליודמילא וואלקענשטיין, ווייל די זעלבע פריי־ווילעגיע צו שפאצירען פארוויז האבען באקומען אלע חברים אונ־זערע, וועלכע זיינען געווען פארשפארט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

# אכטער קאַפּיטעל.

## סאַקאַלאָוו, דער אויפזעהער.



לס אַן אויפזעהער פון אַ רוסישער טורמע אין נײַנ־צעהנטען יאָהרהונדערט, איז סאַקאַלאָוו געווען ד'ער ריכטיגער מאַן אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ. אַליין האָט ער געשטאַמט פון די נידעריגסטע שיכטען, געווען אַן אונטער־אָפיצער אין אַ זשאַנדאַרמסקי קאָרפּוס, און — ווי מען האָט אונז איבערגעגעבען — איז ער געוואָרען אַ מאַכער דערפאַר, וואָס ער האָט אויף אַ קונציגען אופן, מיט דער שנעלקייט פון אַ קאַץ און מיט לאַפּעס פון אײַזען, געקענט אָנכאַפּען פאַר'ן גאָרגעל אַן אַרעסטירטען רע־וואָלוציאָנער פּונקט דאַן ווען ער האָט געפּרואווט אַרונטערשלינגען אַ פּאַפּירעל, וואָס דאַרף ניט אַרײַנפאַלען צו דער פּאָליציי אין די הענט.

אַ דאַנק דעם וואָס ער איז געווען אַזאַ געטרײַער דינער, פּונקט ווי אַ הונט, האָט מען איהם אַרײַנגענומען צום קיסר אין הויף, און דאָרטען איז ער געווען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען'ס לייב־וועכטער. נאָכ'ן ערשטען מאַרטש איז ער באַשטימט גע־וואָרען אַלס דער וועכטער פון די מענשען, וועלכע האָבען דעם קיסר דער'הרג'עט. ער איז געוואָרען דער אויפזעהער אין דער „ראַוועלינע", וואו מען האָט פאַרשפּאַרט די מיטגלידער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

סאַקאָלאָוו איז געווען אַ מענש זעהר אַ גראָבער און אָהן אַ ברעקעל בילדונג. אפילו זײַן אייגענע שפּראַך, רוסיש, האָט ער ניט געקענט ריידען ריכטיג; אָנשטאָט „עטאָ" האָט ער געזאָגט „יעפּטאָ"; פון אַזאַ זאַך ווי גראַמאַטיק האָט ער ניט אָנגעהויבען וויסען. איינמאָל האָט ער דערזעהן ווי מאָראָזאָוו האָט אויסגע־קריצט אויף דער וואַנט אַ דריי־עק, איז ער געוואָרען פול מיט רציחה ווי אַ גזלן, און קוקענדיג אויף דער אויסגעקריצטער געאָ־מעטרישער פיגור, האָט ער בייז געזאָגט: „העי, אַזעלכע שטוקעס זאָלט איהר מיר מעהר ניט מאַכען!"

אליין איז ער געווען א מענש פון מיטעלען וואוקס, א פעסט־געבויטער, א יאהר פופציג, פינף־און־פופציג. געהאט האט ער צוויי ברייטע פלייצעס און א טעמפען, שטרענגען פנים מיט א ברייטער, עטוואס גרוליכער באָרד; פון זיינע צוויי גרויסע אויגען האט ארויסגעקוקט א פעסטע עקשנות, און אלע מאל ווען ער איז געוואָרען בייז, האט די מאָרדע ביי איהם געציטערט.

צו זיינע פליכטען האט ער זיך באצויגען זעהר ערנסט און מיט גרויס איבערגעבענקייט. ער האט קיינעם פון די זשאנדארען ניט געטרויט אכטונג צו געבען אויף די ארעסטאנטען; איהם האט זיך אלץ געדוכט, אז זיי זיינען ניט גענוג געטריי צו זייערע פליכטען.

מיר פלעגען זיך וואונדערען פארוואָס ער ערלויבט זיך צו שלאפען אין דערהיים, און איך בין מעהר ווי זיכער, אז ווען ער וואלט ניט געווען פארהייראט און וואלט ניט געהאט קיין ווייב און קינדער, וואלט ער טאג ווי נאכט געווען אין טורמע.

די שליסלען פון די פארשלאָסענע „לעבעדיגע קברים" האט ער אויף קיין מינוט פון דער האנט ניט ארויסגעלאָזט; ער האט די „לעבעדיגע קברים" אליין געעפענט און אליין פארמאכט.

ווען מען פלעגט אונז ארויספיהרען שפאצירען, האט ער אליין יעדען איינעם באגלייט, נאכגעהענדיג די זשאנדארען, און ווען אלע „שטייגען", וואו מען פלעגט אונז ארויסלאָזען אויף דער פרישער לופט, זיינען שוין געווען פול, פלעגט ער ארויפ־קריכען אויף דעם הויכען דעכעל און שטונדען־לאנג שטעהן און קוקען אויף יעדען איינעם פון אונז. אין דרויסען האט געמעגט געהן א שניי אָדער א רעגען — ער איז געשטאנען אויפ'ן דעכעל און אליין אלעמען געהאלטען אויפ'ן אויג. אויף די וועכטער האט ער זיך ניט פארלאָזט.

זיינע זשאנדארען זיינען געווען א מוסטער, און ווען איינער איז דורכגעגאנגען זיין שולע, האט מען איהם געמעגט שיקען אין פייער און אין וואסער. ווען ער פלעגט צונעמען א זשאנ־דארם, פלעגט ער איהם שטעלען צו פראָבע; אויסגעקליבען האט ער די בעסטע, די שטרענגסטע, און ווען איינער איז איהם ניט געפעלען, האט ער מיט איהם קיין לאנגע שהיות ניט געמאכט און האט איהם גלייך ארויסגעוואָרפען. די זשאנדארען האָבען פאר איהם מורא געהאט ווי פאר פייער, און זיי פלעגען איהם שוין

פארשטעהן אויפ'ן וואונק. וואס ער האט געזאגט, איז געווען געזאגט; זיינעם א באפעהל האט מען געמוזט פאלגען. אפטמאל פלעגט ער אומיסטען אנטאן ווייכע שיך און שטילערהייד ארומגעהן איבער דעם לאנגען קארידאר, זיך אונטערהערען צו אימיצער פיהרט א געשפרעך קלאפענדיג אין דער וואנט. די מעהרסטע זשאנדארען, וועלכע זיינען געווען אונטער זיין אויפזיכט, האבען איהם גוט געקענט, ווייל זיי האבען צוזאמען מיט איהם געדינט אין דער „ראוועלינע".

די ערשטע צייט האבען די זשאנדארען אפילו ניט געוואוסט ווי מען רופט אונז. די פאמיליען־נעמען אונזערע האבען געדארפט בלייבען א סוד אפילו פאר די באאמטע פון דער טורמע. פארלארען די רעכט, האבען מיר אויך פארלארען אונזערע נעמען, און מיר זיינען געווארען ניט מעהר ווי נומערען. און די דיסציפלין איז געווען אזוי שטרענג, אז אין פארלויף פון איבער צוואנציג יאהר האט מיך קיין איין באאמטער ניט גערופען ביים נאמען, נאר „נומער עלף". שפאצירענדיג פלעגען מיר זיך איינע די אנדערע רופען ביי די נעמען, און די זשאנדארען פלעגען דאס הערען. דורך דעם האבען זיי זיך דערוואוסט ווי מיר הייסען, אבער זיי אליין האבען אונז ביי די נעמען דאך ניט גערופען.

די באאמטע האבען ניט געקוקט אויף אונז ווי אויף מענשען, נאר ווי אויף רעגירונגס־אייגענטום, וואס מען דארף אפהיטען. אין קארידאר איז געשטאנען א גרויסער שראנק מיט געלאדענע רעוואלווערען; טאמער וועט אימיצער מאכען אן אנפאל און פרואווען צונעמען „דאס אייגענטום פון דער רעגירונג", דארפען די רעוואלווערען זיין גרייט.

בטבע איז סאקאלאוו געווען א נוקם ונוטר און ווען ער האט זיך ארומגעטראגען מיט א האס אויף א מענשען, האט ער אלע מאל געפונען אן אנדער געלעגענהייט זיך נוקם צו זיין אין איהם. קאבילאנסקי'ן איז ער דערגאנגען די יאהרען איבער דעם, וואס יענער האט זיך ערלויבט איהם צו זאגען „דו". ער אליין האט דוקא גערעדט צו איהם אויף „דו" און אין דער זעלבער צייט האט ער געוואלט, אז איהם זאל מען זאגען „איהר". גראטשעווסקי'ן האט ער אזוי געפייניגט און געמוטשעט ביז ער האט זיך אליין לעבעדיגערהייד פארברענט.

איך אליין האב פון איהם אויך ניט וועניג געליטען. ווען

מען האָט מיך פארשפארט אין א באזונדער קארצער, האָט ער זיין גאנצען גרימצאָרן אויסגעלאָזען צו מיר, און ווען מען האָט אין א בוך געפונען מיינעם א בריף צו יורי באָגדאנאָוויטש, האָט ער מיך געזידעלט און באליידיגט.

מיט די מאנסבילען איז ער זיך באגאנגען שרעקליך ברוטאל און מיאוס, און פאר דער מינדעסטער נארישקייט האָט ער זיי גע'הרג'עט, געשלאָגען. ס'פארשטעהט זיך, אז ער אליין האָט דאָס ניט געטאָן, ער האָט אָבער געהייסען די זשאנדארען זיי זאָלען שלאָגען, און זיי האָבען געפאָלגט. דער גייסטיג קראנקער שטשעדרין, וואסילי איוואנאָוו, מאנטשוראָוו און אָפטמאָל אויך פאָפאָוו, האָבען ארייגעכאפט גענוג קלעפ פון די זשאנדארען. פאָפאָוו'ן פלעגט מען מערסטענטיילס בינדען און איהם שלאָגען, און דערנאָך פלעגט סאָקאָלאָוו צוגעהן צו איהם, מאכען דעם אָנ־שטעל אז ער איז גאָט די נשמה שולדיג און זאָגען אזוי: „ווען איך רייד צו דיר, מיין איך דאָך דיין טובה; ווי א טאטע צו א קינד, אזוי רייד איך צו דיר”...

די גאנצע ברוטאליטעט זיינע האָט זיך ארויסגעוויזען ווען אייניגע חברים אונזערע האָבען זיך אין די „לעבעדיגע קברים” געראנגעלט מיט'ן טויט. אין דער פריה פלעגט ער, פון יוצא וועגען, אריינפיהרען צו זיי דעם דאָקטאָר און אויף דער נאכט פלעגט ער אריינקומען אליין און שטרענג קוקען אויף זיי. אין שפיטאל האָט ער זיי ניט געוואָלט שיקען און קיינעם פון אונז האָט ער צו זיי ניט צוגעלאָזט. און ווען איינער איז אויסגע־גאנגען אין די ערגסטע יסורים, האָט ער איהם גלייך, שטילער־הייד, ארויסגעשלעפט פון טורמע, מיר זאָלען ניט זעהן, און די זשאנדארען האָט ער אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלען מאכען דעם אָנשטעל, אז זיי טראָגען אריין עסען אין יענעם קאמער, זיי זאָלען קלאפען מיט דער טיר, כדי מיר זאָלען מיינען, אז יענער חבר לעבט נאָך.

דאָס איז געווען א מענש אָהן א הארץ. ווען דער דאָקטאָר זארקעוויטש, וועלכער איז געווען א מיאוס'ער טרוס, א פיגלינג, פלעגט הייסען געבען מילך א קראנקען שווינדזיכטיגען ארעס־טאנט, האָט שוין סאָקאָלאָוו געזעהן, אז יענער זאָל קריגען וואָס ווייניגער מילך און וואָס זעלטענער.

„מילך קריגט מען?” — פלעגט דער דאָקטאָר פרעגען דעם

קראנקען און זיך אויסדרעהען אזוי, אז ער זאָל ניט דארפען זאָגען, ניט „דו“ און ניט „איהר“.

„ניין“, — פלעגט ענטפערען דער קראנקער.

„איך האָב דאָך געהייסען געבען מילך“.

נו, האָט מען ביי סאָקאָלאָװ׳ן אַן עולה! ער האָט אַלע מאָל געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט.

איין זאך האָב איך ניט געקענט פארשטעהן: ווי אזוי סאָקאָלאָוו, א מענש אָהן א הארץ און מיט אזא שטארקער אייזערנער האנט, פארבויגט דאָך אמאָל זיין כבוד און גיט נאָך פּאָפּאָוו׳ן.

און פּאָפּאָוו איז איהם ווירקליך געלעגען אין די ביינער; אַלע מאָל האָט ער זיך מיט איהם פארטשעפּעט איבער אַן אַנדער קלייניגקייט; אַלע מאָל האָבען זיי זיך איינער דעם אַנדערען גע־זידעלט. און מען מוז צוגעבען, אַז סאָקאָלאָוו פלעגט איהם דאָך אמאָל נאָכגעבען.

אזוי האָט ער איהם אמאָל ארייגעזעצט אין קארצער אויף ברויט און וואסער דערפאר וואָס ער קלאפּט אין די ווענט און רעדט זיך איבער מיט די חברים, און דערנאָך האָט ער מיט איהם געשלאָסען אַן אָפּמאַך, אַז ער, פּאָפּאָוו, זאָל טאַקע ניט אינגאַנצען אויפגעבען דאָס קלאַפּען; ער זאָל דאָס אָבער טאָן ניט אזוי אָפט און ניט אזוי שטראַק. צוויי וואָכען האָט סאָקאָלאָוו דעם אָפּמאַך געהאַלטען און דערנאָך האָט ער אָפּנים חרטה געקראָגען און האָט ארייגעזעצט אין קארצער אי פּאָפּאָוו׳ן, אי לאַגאָווסקי׳ן, אי די וואָלקענשטיין, און צו זיי האָט ער נאָך צוגעשלעפּט מאַנוטשאַראָוו׳ן, וועלכער האָט זיך אָנגענומען מיין קריוודע און האָט זיך אויפ׳ן קול צוזונגען אין מיטען דערינען. אין דער אַלטער טורמע האָט מען זיי געהאַלטען גאַנצע פינף מאָנאַטען און דאָרטען האָבען זיי געהאַלטען אין איין שרייען און געוואַלדעווען און קלאַפּען אין די טירען, פיהרענדיג אַ קאַמף מיט די זשאַנדאַרען, וועלכע האָבען געקלאַפּט נאָך שטאַרקער פון זיי.

כאָטש סאָקאָלאָוו פלעגט גאַנצע טעג איבערליגען אין טורמע, איז דאָס איהם ניט געווען גענוג, און אָפטמאָל פלעגט ער קומען ביינאַכט אויך. אַרום ניין אַזייגער אויף דער נאַכט פלעגען מיר דערהערען ווי עס עפענט זיך דער אייזערנער טויער און באַלד נאָך דעם די שווערע טריט פון דעם אויפזעהער. ער געהט פון טיר צו טיר און קוקט אריין דורכ׳ן פאָרטקעלע צו זעהן, אויב דאָס

„איינענטום פון דער רעגירונג" איז גאנץ. צוועלף אזייגער ביי־נאכט און אויך ארום דריי אזייגער בייטאג — ער איז ווידער דא. און זעקס אזייגער אין דער פריה, ווען עס איז נאך בלוי אין די פענסטער — ער איז שוין דא מיט די זשאנדארען, געהט ארום פון קאמער צו קאמער און פארשליסט די אייזערנע בעטלאך, מען זאל זיך בייטאג ניט קענען צולעגען.

דאס איז געווען אן אמת געטרייער הונט. און ער איז געווען געטריי ניט פאר מורא, נאר פשוט דערפאר, וואס ער האט ליעב געהאט זיין ארבייט. ער איז בטבע געווען א תליון, א רוצח. זיין ארבייט איז ביי איהם געווען א פליכט וואס מען דארף דורכ־פיהרען מיט אלע פיטשעווקעס. ער אליין פלעגט זאגען אזוי: „אויב מען וועט מיר ארויסגעבען א באפעהל צו רופען אן ארעסטאנט „אייער מאיעסטעט", וועל איך איהם רופען „אייער מאיעסטעט", און אויב מען וועט מיר ארויסגעבען א באפעהל איך זאל איהם דערשטיקען, וועל איך איהם דערשטיקען."

געזאגט האט ער דאס אמאל אין א געשפרעך מיט פאפאוו'ן, און דערביי וועל איך באמערקען, אז כאטש פאפאוו איז פון איהם אויסגעשטאנען אזוי פיל צרות און באליידיגונגען, פלעגט ער דאך פיהרען געשפרעכען מיט איהם.

ווי אזוי האט ער דאס געקענט, וויים איך ניט

ווינטער, ווען ער פלעגט אונז איינעם נאכ'ן אנדערען ארויס־פיהרען אויף שפאציר, און ער אליין, אנגעטאן אין א מיליטע־רישען מאנטעל מיט א גרויסען „באשליק", פלעגט זיך אוועקשטע־לען דער לעצטער און נאכגעהן, האלטענדיג אלעמען אויפ'ן אויג, האט עס אויסגעקוקט, אז דאס איז א לויה; לעבעדיגע מתים שפאנען און דער קברות־מאן באגלייט זיי צו דער אייביגער רוה.

וואס דען איז סאקאלאוו געווען, אויב ניט קיין קברות־מאן? אין זיין לעבען האט ער געזעהן ווי מענשען ראנגלען זיך מיט'ן טויט, ווי זיי געהן אוים ווי די ליכט. שוין אבגערעדט פון די וואס ער האט אליין געטריבען אין קבר אריין. פאר די דריי יאהר וואס ער איז געווען דער אויפזעהער אין שליסעלבורגער פעסטונג, האט ער אליין פון די קאמערען ארויסגעטראגען צוועלף טויטע מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען פון דער וועלט, ניט קענענדיג מעהר ארי־בערטראגען די יסורים און באליידיגונגען; ער האט זיי אליין באגראבען אין דער ערד, ער אליין האט זייערע קברים פארשאטען.

(אויף דעם זעלבען אָרט האָט מען אין 1918, נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע, אוועקגעשטעלט א גרויסען מאָנומענט). אין די זעלבע דריי יאָהר האָט ער ארויסגעפיהרט מינאקאָוו'ן און מיש־קין'ען צום שיסען, ראָגאטשאָוו'ן און שטראָמבערג'ן — צו דער תליה, און דערנאָך — אוליאנאָוו'ן (לענינ'ס ברודער), שעווער־דיעוו'ן, אָסיפּאנאָוו'ן, אַנדרעיושקין'ען און גענעראלאָוו'ן, און אינ'ם זעלבען יאָהר — אין 1887 — האָט ער געטריבען אין קבר אריין גראטשעווסקי'ן

און דוקא ער, אזא געטרייער און איבערגעבענער הונט, האָט פארלאָרען זיין שטעלע איבער דעם וואָס ער האָט ניט גע־נוג אכטונג געגעבען און דערלאָזט דערצו, אז גראטשעווסקי זאָל זיך פארברענען לעבעדיגערהייד אבי פטור צו ווערען פון די ליידען. פאר איהם איז דאָס געווען דער גרעסטער קלאָפּ, און עס איז פשוט מיט נסים וואָס ער האָט עס אריבערגעטראָגען.

געלד האָט ער זעהר שטארק ליב געהאַט, און ווי עס שיינט האָט ער געקענט גנב'ענען. אויף אויסצוהאלטען די ארעסטאַנטען האָט מען איהם ארויסגעגעבען ניט מעהר ווי צעהן קאָפּיקעס א טאָג, און דאָך האָט ער אויסגעבויט א שטיינערנעם פּאלאַץ. פון די צעהן קאָפּיקעס א טאָג פאר יעדען ארעסטאַנט האָט ער קיין קאַ־פּיטאלען ניט געקענט אָפּשפּאָרען, אָבער מאָלע פון וואנען אזא חברה'מאַן קען לקח'נען! אז צו באַוואכען צוויי־דריי צעהנדליג ארעסטאַנטען האָט ער געהאלטען דריי הונדערט און זעכציג מענשען.

ווי די זאך זאָל ניט זיין — עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז סאָקאָלאָוו האָט אין פּעטערבורג אן אייגענעם גרויסען שטיי־נערנעם מויער. אין דער זעלבער צייט איז ער געווען שרעקליך קארג און האָט זיך קיינמאָל ניט פארגונען אויסצוגעבען אן אי־בעריגען גראָשען. אינ'ם יאָהר 1907, דאָס הייסט צוואנציג יאָהר נאָכדעם ווי מען האָט סאָקאָלאָוו'ן אוועקגעשיקט פון זיין שטעלע, איז אין פּעטערבורג ערשינען דער ערשטער באנד פון דער „גאלעריע פון די פארשפּארטע אין שליסעלבורגער פעסטונג". דעם בוך האָט מען געקאָנט קריגען אין „רוסקאָיע באָגאטסטוואָ". איינמאָל איז סאָקאָלאָוו געקומען אהין און געבעטען, מען זאָל איהם ווייזען דעם בוך. ער וויל איהם אָנקוקען און זעהן וואָס פ'שטעהט דאָרטען. דערביי האָט ער געזאָגט, אז מען האָט איהם

איבערגעגעבען, אז דער רעוואָלוציאָנער פּאָליוואנאָוו האָט אין זיינע מעמוארען פון דער אלעקסעיעווסקער „ראוועלינע" אָנדער־צעהלט „איבעריגע זאכען" וועגען איהם, דעם בוך האָט ער אָבער ניט געקויפט, ווייל ער האָט געקאָסט אזש דריי רובעל, און אזא גרויסע סומע האָט זיך דער קאַרגער סאָקאָלאָוו ניט געקענט פאַר־גינען אויסצוגעבען.

א האלב יאָהר איידער ער איז געוואָרען אויס אויפזעהער, האָט מען אין שליסעלבורגער פעסטונג פאַרשפּאַרט דעם רעוואָ־לוציאָנער נאָוואָרוסקי. ער האָט זעהר געוואָלט אויסגעפינען איינ־צעלהייטען ווי אזוי ניעטשאיעוו און אלעקסאנדער מיכאילאָוו זיי־נען אומגעקומען אין דער „ראוועלינע" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווס־קער פעסטונג, און צוליעב דעם האָט ער געוואָלט האָבען א ספּעצי־עלען געשפּרעך מיט סאָקאָלאָוו'ן, אָבער דאָס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען.

סאָקאָלאָוו איז געשטאָרבען, אָבער מיר, די מענשען, וועלכע זיינען געוועזן ביי איהם אין די הענד, וועלען איהם געדענקען ביז'ן טויט אריין; עס וועלען איהם אויך געדענקען די מענשען, וועלכע וועלען זיך אינטערעסירען מיט דעם לעצטען אקט פון דעם קאמף וואָס די „נאראָדנאיא וואָליא" האָט אָנגעפיהרט געגען דער זעלבסטהערשענדער רוסישער רעגירונג — דער שרעק־ליכער אקט וואָס איז מיט בלוט פאַרשריבען אויף די זייטען פון דער געשיכטע פון שליסעלבורגער פעסטונג.

# ניינטער קאַפּיטעל.

## דער הונגער־סטרייק. (אינ'ם יאָהר 1889).



ס זיינען אוועק צוויי יאָהר זינט איך בין דאָס ערשטע מאָל געזעסען אין קארצער. אין די צוויי יאָהר האָב איך איבערגעלעבט גענוג טעג, וואָס זיינען איינער אָן אנדערען געווען געראָטען. עס זיינען געווען צייטען, ווען איך האָב געפיהלט, ווי די נשמה רייסט זיך ערגעץ און געפינט קיין רוה ניט. און עס זיינען אויך געווען אזעלכע צייטען, ווען איך האָב געפיהלט ווי דאָס הארץ נאָגט און נאָגט, טוט אזוי וועה, אז קיין רפואה קאָן ניט העלפען. עפּעס א פּאָר מאָל האָב איך יאָ געהאט א שטיקעל צוזאמענשטויס מיט די באאמטע, אָבער עס איז ניט געווען אזוי ערנסט, אז עס זאָל זיך אָבשטעמפּלען אין זכרון.

וועגען איין צוזאמענשטויס וויל איך דאָ אָבער יאָ דערצעה־לען. דאָס איז געווען א צוזאמענשטויס וואָס האָט געטראָגען דעם כאראקטער פון אן אלגעמיינעם פּראָטעסט. איך מיין דעם הונ־גער סטרייק וואָס מיר האָבען אָנגעפיהרט ניין מעת־לעת נאָכ־אנאנד.

ווי געוועהנליך אין יעדען רעגירונגס אנשטאלט, פלעגען צו אונז אין טורמע פון צייט־צו־צייט קומען מיט א וויזיט פארשי־דענע הויכע רעגירונג־באאמטע. געוועהנליך פלעגען זיי קומען צוויי מאָל אין יאָהר, און כאָטש דאָס איז ניט אזוי אָפט, זיינען זיי ביי אונז דאָך ניט געווען קיין אָנגעלעגטע געסט, און אלע מאָל, ווען זיי זיינען געקומען, האָבען מיר געפיהלט, אז זיי זיינען איבעריג. מיר האָבען זיי ניט געקענט פארטראָגען, ניט דערפאר וואָס מיר האָבען זיי ניט ליב געהאט, נאָר פּשוט דערפאר וואָס מיר זיינען געווען אזוי נערוועז, אז יעדער איבעריגער גערודער האָט אונז שרעקליך אויפגערעגט. עס איז געווען גענוג, אז א טאָג זאָל אוועק ניט אזוי ווי נעכטען און עהרנעכטען און מיר זיינען שוין ארומגעגאנגען צורודערטע און יעדער איינער פון אונז האָט זיך

ארומגעטראָגען מיט א שרעקליכען קאָפּוועהטאָג און זיך אין ער־געץ קיין פּלאַץ ניט געפונען.

די וויזיטען פון די הויכע באַאמטע זיינען פאר אונז געוועזן אן אָבקומעניש. מיט אמאָל דערהערט מען ווי עס עפענט זיך די טיר פון איין קאמער, פון א צווייטער, א דריטער און א פערטער. פונ'ם לאנגען קאָרידאָר דערטראָגען זיך שווערע טריט און א הילך פון קולות. דו ווייסט, אז באלד־באלד וועט מען אריינקומען צו דיר אויך. עס וועלען אריינקומען א סך מענשען מיט גילדענע קנעפּ, ארומגערינגעלט מיט זשאנדארען, פּרעמדע, גלייכגילטיגע מענשען, וועלכע פארשטעהן דיך ניט און ווילען דיר נישט פאר־שטעהן. מען וועט דיר שטעלען פראגען און מען וועט זיך גאָרניט רעכענען דערמיט צי מען טוט דיר וועה, צי ניין. א באַאמטער מיט גילדענע קנעפּ וועט זיך קאלט אוועקשטעלען פאר דיר און וועט דיר פרעגען זאכען, אויף וועלכע דו קענסט ענטפערען „יאָ" אָדער „ניין", און לעבען איהם וועלען זיין אויסגעשטעלט די זשאנדארען, וועלכע „עסען דעם נאטשאלניק מיט די אויגען" און זיינען גרייט זיך ארויפצוואַרפען אויף דיר ווי אויף א ווילדער חיה, אויב דו וועסט זיך דערוועגען צו זאָגען אזא וואָרט וואָס דו טאָרסט ניט.

דערנאָך געהען אלע אוועק און דו בלייבסט אליין. דאָס האַרץ איז פארביטערט, הויבסטו זיך אָן ארומדרעהען איבער דער קאמער אהין און צוריק און פיהלסט ווי דער קאָפּ ווערט ביי דיר אויף שטיקער צושאָסען.

די בעאמטע פון דער פעסטונג האָבען געוואוסט ווען א הויכער בעאמטער וועט קומען צו אונז מיט א וויזיט, און זיי האָבען זיך געגרייט איהם אויפצונעמען. אין די ערשטע יאָהרען פלעגען זיי זיך גרייטען שטילערהייד, דערנאָך האָבען זיי זיך שוין פאר אונז אויפגעהערט צו היטען.

אָסיען־צייט, אינ'ם יאָהר 1889, האָט אונז דער אויפזעהער פּיאָדאָראָוו אָנגעזאָגט די בשורה, אז א געהויבענער גאסט דארף קומען צו אונז, און דערביי האָט ער געבעטען, אז מיר זאָלען קיין „איבעריגע ביכער" ביי זיך ניט האַלטען; מיר זאָלען זיי בעסער אָפּגעבען צוריק אין דער ביבליאָטעק.

„די איבעריגע ביכער" האָט ער געמיינט יענע, וואָס מיר האָבען געבראכט מיט זיך פון דער היים. עס האָט אונז געקאָסט

גענוג מיה ביז מיר האָבען גע׳פועל׳ט, אז מען זאָל זיי אריינגעמען אין דער ביבליאָטעק פון דער שליסעלבורגער פעסטונג. אויף דער ליסטע וואָס מען האָט צוגעשטעלט די הויכע בעאמטע אין פעטערבורג זיינען זיי ניט געווען.

דעם אויפזעהער׳ס עצה איז גראדע געווען א גוטע, מיר האָבען איהם געפאָלגט און האָבען באהאַלטען די „איבעריגע ביכער״. בלויז איינער פון אונזערע חברים האָט ניט געפונען פאר נויטיג צו פאָלגען.

דער הויכער בעאמטער, וואָס איז געקומען צו אונז מיט א וויזיט, איז געווען פיאָטער ניקאָלאַיעוויטש דורנאָוואָ, וועלכער איז אין יענער צייט געווען דער דירעקטאָר פונ׳ם פאָליצייסקע דעפּארטמענט. ער איז ארומגעגאנגען פון איין קאמער אין צווייטען און האָט זיך אויף קיין טריפה זאכען ניט אָנגעשטויסען. אזוי איז ער געגאנגען און געגאנגען ביז ער איז אריינגעקומען אין דעם קאמער וואָס האָט געטראָגען דעם נומער 28, וואו סערגעי איוואנאָוו איז געווען פארשפּארט. אויפ׳ן בעטעל האָט דורנאָוואָ דערזעהן א בוך, און ווען ער האָט איהם גענומען אין דער האנט און א קוק געטאָן אויף איהם. האָט ער מיט בטול א זאָג געטאָן:

„הם... הם... די געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע״... מניע !...

ארויסגעהנדיג פון׳ם קאמער האָט ער דעם אויפזעהער געזאָגט, אז עס איז אַן עולה וואָס מען לאָזט די ארעסטאַנטען לייענען אזעלכע ביכער. דערנאָך האָט ער ארויסגעגעבען א באפעהל, אז מען זאָל איבערקוקען דעם קאטאלאָג פון אונזער ביבליאָטעק און מען זאָל צונעהמען די אלע ביכער וואָס האָבען א שטיקעל שייכות מיט די פּאָליטישע אנשויאונגען פון די ארעסטירטע רעוואָלו־ציאָנערען.

זיין באפעהל איז דורכגעפיהרט געוואָרען. די בעסטע פינף־און־דרייסיג ביכער, אָהן וועלכע מיר האָבען זיך ניט געקאָנט באגעהן, האָט מען ביי אונז צוגענומען. דאָס האָט אונז שטארק פארדראָסען און מיר האָבען אָנגעהויבען זוכען מיטלען ווי אזוי אויסצודריקען א שטארקען פּראָטעסט געגען דעם.

נאָך איידער מען האָט ביי אונז צוגענומען די בעסטע ביכער, האָבען איינינע חברים אונזערע אויסגעפונען, אז די רעהרען, דורך וועלכע מען ציהט אריין וואסער אין די קאמערען, זיינען

ניט אָפּגעזונדערט איינער פון׳ם צווייטען, אז בלויז אין פיער פּלעצער זיינען זיי איבערגעשניטען און אז ווען מען פּאָמפּעט פון זיי אַרויס די וואַסער, קאָן מען דורך זיי ריידען פון איין קאַמער אין דער אַנדערער.

פאַר אונז איז דאָס געווען אַ גליק. און אַ דאַנק דעם, האָבען זיך צווישען אונז גלייך געגרינדעט פיער קלאָבען און עס איז אוועק אַ גאַנג פון אונטערהאַנדלונגען וואָס מען זאָל טאָן כדי אויסצודריקען דעם פּראָטעסט געגען דעם וואָס מען האָט ביי אונז צוגענומען די בעסטע ביכער. די מיטגלידער פון יעדער קלאָב האָבען זיך צונויפגערעדט דורך די רעהרען און דערנאָך האָט מען זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די אַנדערע קלאָבען דורך דעם וואָס מען האָט געקלאַפּט אין די ווענט.

פון אָט די אַלע אונטערהאַנדלונגען דורך די וואַסער־רעהרען און ווענט־קלאַפּעניש, איז איין זאַך אַרויסגעקומען קלאָהר — אז שווייגען טאָר מען ניט, אז עפּעס מוז געטאָן ווערען.

איינינע האָבען פאָרגעשלאָגען, אז מען זאָל אויסדריקען אַ פּראָטעסט דורך דעם, וואָס מען וועט זיך אויף צו׳להכעיס אָפּזאָגען פון די שפּאַצירען. אָבער דאָס האָבען מיר ניט געקאָנט אָננעמען, ווייל מיר האָבען פאַרשטאַנען, אז קיינער פון די בעאמטע וועט זיך דאָס ניט נעמען צום האַרצען.

זיך אָפּזאָגען פון דער מעגליכקייט אַרויסצוגעהן אויף דער פרישער לופט כאָטש איין שטונדע אַ טאָג; זיצען פאַרשפּאַרט אין אַ לעבעדיגען קבר, זיך פּלאַגען און מוטשען, און דערנאָך ערשט זיך איבערצייגען, אז די גאַנצע מיה און די אַלע אָפּקומענישען זיינען געווען אַרויסגעוואָרפען. ניין! דאָס ניט! דער פּראָטעסט מוז זיין אַזאַ וואָס זאָל אויפרייסען די אויגען, — האָב איך געזאָגט. און דערביי האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אז מיר זאָלען ערקלעהרען אַ הונגער־סטרייק. ניט עסען! אָבער ניט אָפּקומען מיט אַ דריי־פיער טעג, נאָר טאַקי הונגערען אזוי לאַנג ביז מיר וועלען אויספיהרען. אויב עטליכע חברים אונזערע וועלען שטאַרבען, מאַכט אויך ניט אויס. שווייגען טאָרען מיר ניט! די בעאמטע דאַרפען זעהן, אז מיר זיינען ניט פון די מענשען וואָס פאַרשווייגען ווען מען באַגעהט געגען זיי אַן עולה!

איינינע האָבען געזאָגט אזוי און אַנדערע אַנדערש. עס איז אונמעגליך געווען זיך צו אייניגען אויף איין באַשלוס. לודמילא

וואָלקענשטיין, מאַראַזאָוו, קאָנאַשעוויטש, פּאָכיטאָנאָוו, טריגאָני, בודינסקי און נאָך איניגע האָבען געהאַלטען, אז מען דאַרף זיך אָפּזאָגען פון די שפּאַצירען און טאַקע באַלד האָבען זיי דעם באַשלוס זייערען דורכגעפיהרט און האָבען אויפגעהערט שפּאַצירען. אַנדערע ווידער, — איך, יורקאָווסקי, פּאָפּאָוו, סטאַראָדוואָרסקי און מאַרטינאָוו, — האָבען גע'טענה'ט, אז דאָס איז ניט גענוג און אז דאָס בעסטע וואָס מען דאַרף איצט טאָן איז — אַן אַלגעמיינער הונגער־סטרייק. צונויפרעדען זיך אַזוי, אז מען זאָל קענען קומען צו איין באַשלוס איז געווען אונמעגליך, ווייל די וואַסער־רעהרען זיינען אויף פיער פּלעצער געווען איבערגעשניטען, און דאַריבער איז אויסגעקומען אַזוי, אז איניגע האָבען אָנגעהויבען אַ הונגער־סטרייק און אַנדערע זיינען ניט צוגעשטאַנען. צווישען די וואָס זיינען אַרוים אין אַ הונגער־סטרייק בין איך אויך געווען.

און איצט מוז איך זיך מודה זיין, אז מיר זיינען דאַן באַגאַנגען אַ גרויסען פעהלער. ערשט מיט יאָהרען שפּעטער, ווען קאַרפּאָוויטש האָט אין 1901 ערקלערט אַ הונגער־סטרייק, האָב איך איינגעזעהן, אז מיר האָבען ניט ריכטיג געהאַנדעלט. אין אַ טורמע קען מען ניט אַרוים מיט אַזאַ פּראָטעסט אין דער צייט ווען ניט אַלע זיינען איינשטימיג, און אין גאַנצען איינשטימיג קען מען ניט זיין דערפאַר וואָס אין אַ טורמע קען מען זיך פּשוט ניט צונויפרעדען. און חוץ דעם, זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע קלייניגקייטען, וואָס זיינען אַ גרויסע שטערונג, אין דעם; אַ חבר זעהט, אז אַן אַנדערער עסט ניט, באַקומט איהם שוין ניט דאָס עסען און ער הויבט אויך אָן הונגערען, כאָטש אין האַרצען איז ער גאָר געגען דעם. און אַ הונגער־סטרייק — דענק איך — דאַרף מען אָדער אינגאַנצען ניט אָנהויבען, אָדער דורכפיהרען ביז צום סוף. שטאַרבען און זיך ניט אונטערגעבען! אָבער נעהמען מענשען און מיט געוואַלד זיי צווינגען, אז זיי זאָלען זיך מקריב זיין, כאָטש זיי זיינען געגען דעם — דאָס טאָר מען ניט.

צו מיין גרויסען באַדויערען האָב איך דאָס דאַמאָלסט ניט פאַרשטאַנען. איך האָב זיך ניט גערעכענט מיט די געפיהלען פון אַנדערע און בין געווען שטאַרק ברוגז אויף די, וועלכע האָבען ניט איינגעשטימט מיט מיר. עס האָט מיך פאַרדראָסען פאַרוואָס זיי שטעהען ניט צו צום הונגער סטרייק; איך האָב געקוקט אויף זיי

ווי אויף טרוסען, וועלכע האָבען ניט געגוג מוט צו ריזיקירען און איינשטעלען דאָס לעבען.

געענדיגט האָט זיך אונזער הונגער סטרייק זעהר טרויעריג, ספּעציעל פאר מיר.

אזוי שנעל ווי מיר האָבען אויפגעהערט עסען, האָבען די איבעריגע אויך אויפגעהערט עסען, כאָטש זיי אליין האָבען מיט אונז ניט איינגעשטימט. ערשט שפּעטער האָבען מיר זיך דער־וואוסט, אז שטילערהייד האָבען זיי צווישען זיך אָפּגעמאכט, אז אויב מיר וועלען אויפהערען עסען, וועלען זיי אויך טאָן דאָס זעלבע.*)

אויף אזא'ן אופן איז אויסגעקומען, אז די גאנצע טורמע האָט זיך פאראייניגט. בלויז א פּאָר מענשען זיינען ניט צוגעשטאַנען צום כלל: לאָפּאטין, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט באטייליגט אין אונזערע פּראָטעסטען, ווייל ער האָט געהאלטען, אז יעדער אלגעמיינער ארויסטריט אין טורמע איז אן איבעריגע זאך, וואָס ברייגגט ניט קיין נוצען; אנטאָנאָוו, ווייל זיין מיינונג איז געווען, אז אויב יא פּראָטעסטירען, דארף דער פּראָטעסט זיין אן אקטיווער און ניט קיין פּאסיווער; אשענברענער, ווייל ער האָט אליין געזאָגט, אז ער האָט מורא דאָס ער וועט ניט קאָנען אויסהאלטען ביז'ן סוף, און אויך וואָסילי איוואנאָוו און מאנוטשאראָוו. די לעצטע צוויי זיינען געווען געגען הונגער־סטרייק; דאָך האָבען זיי ניט געגעסען. די שפּייז, וואָס מען האָט זיי געגעבען, האָבען זיי גענומען, זיי האָבען דאָס אָבער ארויסגעוואָרפען און גאָרניט פארזוכט דערפון. דער שכל איז געווען א גאנץ פּשוט'ער, זיי האָבען מורא געהאָט, אז זיי וועלען ניט קענען אויסהאלטען ביז'ן סוף און וועלען מוזען זיך אונטערגעבען און דאָס וועט שטערען ־עם אלגעמיינעם פּראָ־טעסט.

אין דעם „קלאָב", וואו איך, יורקאָווסקי, פּאָפּאָוו, מארטינאָוו און סטאראָדוואָרסקי זיינען געווען מיטגלידער, פלעגט יעדער איי־נער ביי זיך אין „לעבעדיגען קבר" ליגען גאנצע טעג אויפ'ן בעטעל און ניט ריידען. און אין דעם „קלאָב", וואו לודמילא וואָלקענשטיין

*) דערביי האָבען זיי אָפּגעמאכט, אז טהע זאָלען זיי יא נעהמען, אָבער אָהן צוקער. זיי האָבען אויך באשלאָסען, אז די פרויען זאָלען אָנהויבען דעם הונגער־סטרייק מיט צוויי טעג שפּעטער. — וו. פ.

און די אנדערע חברים זיינען געווען מיטגלידער, פלעגט מען אלע־מאָל קלאפּען איינער צום אנדערען דורך די ווענט און פרעגען ווי מען פיהלט זיך. א פּאָר טעג זיינען אוועק — איינער האָט אָנגע־הויבען ליידען פון שטארקע קאָפּ־ווערטאָגען און אן אנדערער איז געוואָרען אזוי שוואך, אז ער האָט אויף די פיס ניט געקאָנט איינ־שטעהן. בוצינסקי איז געוואָרען אזוי קראנק, אז עס האָט איהם גענומען געהן בלוט פון׳ם האלז. מען האָט געבראכט צו איהם דעם דאָקטאָר נארישקין און יענער האָט אפילו קיין רעצעפּט ניט געוואָלט פארשרייבען, ערקלערענדיג, אז עס איז לעכערליך צו היילען א מענשען, וועלכער פּלאגט זיך אליין דערמיט וואָס ער עסט ניט.

דער פאל מיט בוצינסקי׳ן איז פאָרגעקומען דעם ניינטען טאָג פון׳ם הונגער סטרייק. דאָן האָט איינער פון זיינע שכנים געמאכט א פאָרשלאָג אז מען זאָל דעם הונגער סטרייק אויפגעבען. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען און די אלע חברים, וועלכע זיינען געזעסען אין דער צפון־מערב׳דיגער זייט פון דער טורמע, האָבען אָנגעהויבען עסען. די נייעס וועגען דעם האָט מיר איבער־געגעבען פּאָפּאָוו און דערביי האָט ער מיר געזאָגט, אז ער אליין שטעהט אויך צו צו דער מאַיאָריטעט און ער הויבט אויך אָן עסען.

מארטינאָוו, אליין דוקא זעהר א געזונטער און א שטארקער מענש, האָט קוים דריי טעג אויסגעהאלטען. מעהר האָט ער ניט געקענט און ער האָט דעם הונגער סטרייק אויפגעגעבען. דערפאַר האָב איך מיט איהם אויפגעהערט ריידען.

סטאראָדוואָרסקי האָט געפּרובט זיך עפּענען אן אָדער און אָפּ־געהן מיט׳ן בלוט, אָבער די זשאנדארען האָבען איהם געכאפּט ביי דער האנט און איהם אוועקגעפיהרט אין דער אלטער טורמע, און דאָרטען האָט ער אָנגעהויבען עסען. דער תירוץ זיינער איז געווען, אז ער האָט מיט אמאָל באקומען א שטארקען חשק צו לעבען.

בלויז צוויי מענשען זיינען געבליבען פעסט ביי זייער באַ־שלוס און האָבען בשום אופן ניט געוואָלט אויפגעבען דעם הונגער סטרייק. די צוויי זיינען געווען — איך און יורקאָווסקי.

דורך דער וואנט האָט מיר יורקאָווסקי געלאָזט וויסען, אז ער וועט ניט אָפּשטעהן פון מיר; וואָס איך וועל טאָן וועט ער אויך טאָן. און איך האָב איהם געענטפערט, אז ווען איך הויב עפּעס אָן, ענדיג איך עס; אין מיטען וועג שטעל איך זיך

ניט אָפּ, און דאָס וואָס אַנדערע האָבען אויפגעגעבען דעם הונגער סטרייק איז פאַר מיר קיין ראיה ניט, אז איך דאַרף אויך טאָן דאָס זעלבע.

איך האָב זיך געפיהלט שטאַרק געקרענקט דערפון וואָס די חברים האָבען דעם הונגער סטרייק אויפגעגעבען ; דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסען און איך האָב זיך שרעקליך געערגערט דערפון. וואָרים ווען מען האָט מיך מיט פינף יאָהר צוריק פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג האָב איך אהין געבראַכט דעם אידעאַלען באַגריף וועגען אַ רעוואָלוציאָנער בכלל און וועגען אַ פאַראייניגטער גרופּע בפרט. איך בין געווען זיכער, אז אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער גיט זיך קיינמאָל ניט אונטער ; פאַר אַ ביישפּיעל האָב איך גענומען זשעליאַבאָוו'ן, פּעראָווסקאַ'ן און אַנדערע מיטגלידער פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". איך האָב געדענקט די שטאַרקע אייניגקייט און די מערקווירדיגע דיסציפּלין פונ'ם „קאָמיטעט". און מיט אַמאָל — אַזאַ ענטוישונג! רעוואָלוציאָנערען גיבען זיך אונטער און קענען ניט דורכפיהרען קיין הונגער־סטרייק ביז'ן סוף ! וואָס הייסט דאָס ? פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אזוי ? זיי האָבען דאָך אַליין געזאָגט, אז זיי ווילען זיך בשום אופן ניט אונטערגעבען ! האָבען זיי אפשר ניט געמיינט וואָס זיי האָבען געזאָגט ? ווענען האָבען זיי געוואָלט אָפּנאַרען, זיך אַליין אָדער אַנדערע ? וואָס ווילען די באַאמטע דאַרויף זאָגען ? וואָס פאַר אַ פּנים ווילען מיר האָבען ביי זיי ?

און דאָס זיינען דאָך די שטאַרקסטע מענשען וואָס רוסלאַנד פאַרמאָגט ! וואָרים ווען זיי וואָלטען ניט געווען קיין שטאַרקע מענשען, וואָלטען זיי דאָך ניט געשטעלט זייערע לעבענס אין קאַן אין קאַמף פאַר פרייהייט, וואָלטען זיי איצט ניט געווען פאַרשפּאַרט אין די לעבעדיגע קברים. נו, געוויס. זיי זיינען שטאַרקע מענשען און פאַר זיי פּאַסט ניט זיך אונטערצוגעבען.

און דאָך...

דאָך האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען !

פאַר מיר איז דאָס געווען אַ שרעקליכע ענטוישונג און איך בין געווען ברוגז דערפאַר. דער כעס האָט אין מיר געברענט. איך האָב אָנגעהויבען קוקען מיט חשד אויף אַלעמען און מיר האָט זיך גענומען דוכטען, אז איך האָס זיי אַלעמען.

דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך. מעהר ווי זיי, די חברים

אין טורמע, האָב איך אין לעבען ניט פארמאָגט, און איצט האָבען זיי מיך אַלע פארראַטען און זיינען מיר מיט אַמאָל געוואָרען פרעמד. איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט בארוהיגען; מיינע חברים, רעוואָלוציאָנערען! איך האָב געמיינט, אַז זיי זיינען העלדען און צום סוף זיינען זיי גאָר טרוסען!

א שווארצער וואָלקען האָט זיך אין מיין נשמה צושפרייט, דער קאָפּ איז מיר שיער אויף שטיקער צושאָסען געוואָרען, און וואָס שוואכער איך בין געוואָרען פון ניט עסען, אַלץ שטארקער איז אין מיר געוואָרען דער פארלאַנג דורכצופיהרען דעם הונגער סטרייק ביז'ן סוף. שטאַרבען און זיך ניט אונטערגעבען! און איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז מיר איז דאַמאָלט געווען א סך גרינגער צו שטאַרבען איידער צו לעבען.

יאָ, אַזוי בלייבט עס! איך וועל זיך אַליין אויסצעהרען, אויסמאָרען! אָנגעהויבען א זאַך, דארף מען עס ענדיגען! זיי, די חברים מיינע, געהן מיך איצט ניט אָן! זיי האָבען זיך אונטערגעבען, אָבער איך — ניט!

און פּונקט דאַן ווען מיין ווילען איז געווען אַזוי שטארק און מיין באַשלוס אַזוי פעסט, האָב איך געקראָגען א נייעם קלאַפּ. צוויי חברים, פּאָפּאָוו און סטאַראָדוואָרסקי, האָבען מיר דורך דער וואַנט געלאָזט וויסען, אַז אויב איך וועל ניט צושטעהן צום כלל און וועל ניט אויפגעבען דעם הונגער סטרייק, וועל איך דאָך זיכער שטאַרבען, און אויב איך וועל שטאַרבען, וועלען זיי זיך נעמען דאָס לעבען.

זיי האָבען זיך ביידע ניט צונויפגערעדט איינער מיט'ן אַנדערען; באַזונדער האָט מיר יעדער איינער פון זיי דאָס אָנגעזאָגט.

ווען איך האָב דאָס דערהערט בין איך אריין אין אַזא ווילדען כעס, אַז איך בין געווען גרייט זיי ביידען אויף שטיקער צוצורייסען. וואָס פאַר א רעכט האָבען זיי מיר צו זאָגען דעות?! וואָס הייסט זיי וועלען מיך צווינגען צו טאָן דאָס וואָס זיי ווילען?! איך בין די שוואכע פרוי און זיי זיינען די שטאַרקע מענער, נעמען זיי און גיבען זיך אונטער, און איצט פאָדערען זיי נאָך, אַז איך זאָל זיך אויך אונטערגעבען! נו, געווים, עס פּאַסט זיי ניט, עס שטעהט זיי ניט אָן וואָס אין דער זעלבער צייט וואָס זיי, אַזעלכע געזונטע און שטאַרקע מענער האָבען זיך אונטערגעגעבען, געפינט זיך א פרוי מיט א פעסטען כאַראַקטער און מיט א שטאַרקען ווילען און גיט זיך

ניט אונטער! זיי שעהמען זיך... זיי האָבען ניט געוואָלט שטאַרבען און דערפאַר ווילען זיי מיך צווינגען צו לעבען!

ס'קען זיין, אז אין דער אמת'ן וואָלט איך זיך געווען געדאַרפט אויסלאַכען פון זיי. אָבער עפּעס איז אין זייער ערקלעהרונג געווען אזעלכעס, וואָס האָט מיך געצוואונגען צו גלויבען, אז זיי מיינען דאָס ערנסט, און איך האָב זיי געגלויבט.

וואָס האָב איך זיך געקענט העלפען? האָב איך דען געקענט נעהמען צוויי מענשען און זיי פיהרען אין קבר אריין אין דער צייט ווען איך האָב געוואוסט, אז דאָס לעבען איז ביי זיי טייער און אז זיי ווילען זעהר שטאַרק לעבען! ניין, איך וויל ניט, אז זיי זאָלען איבער מיר געהן פון דער וועלט!

און דערפאַר טאַקע האָב איך אויפגעגעבען דעם הונגער־סטרייק. אָבער א וועהטאָג אין הארצען איז ביי מיר דאָך געבליבען. איך האָב געוואָרפען אַן אומ'חן אויף די מעהרסטע חברים מיינע און איך האָב זיי גאַנץ אָפען געלאָזט וויסען, אז פון היינט אָן און ווייטער קעהר איך זיך מיט זיי מעהר ניט אָן און אויב זיי וועלען ווידער אמאָל פאַרטראַכטען עפּעס צו טאָן אינאיינעם, זאָלען זיי מיך אויס־שליסען פון כלל; אויב מען וועט דאַרפען פּראָטעסטירען געגען עפּעס, וועל איך פּראָטעסטירען אַליין, אויף מיין אייגענער אחריות; איך וועל מיך געהן מיט מיין אייגענעם וועג און וועל אַליין באַשלי־סען וואָס איך זאָל יאָ טאָן און וואָס ניט.

ערשט דאַן האָב איך איינגעזעהן, אז לאָפּאַטין איז געווען גע־רעכט דערמיט וואָס ער איז קיינמאָל ניט צוגעשטאַנען צו די אַלגע־מיינע פּראָטעסטען אין טורמע; ער האָט פאַרשטאַנען פון סאַמע אָנפאַנג אָן, אז אין טורמע קען מען זיך ניט צונויפריידען ווי עס באַדאַרף צו זיין און אז דערפאַר קען מען קיינמאָל ניט דורכפיה־רען קיין זאַך ביז'ן סוף. איך האָב זיך דערנאָך אויך דערוואוסט, אז איידער מיר האָבען ערקלעהרט דעם הונגער סטרייק האָבען די חברים צווישען זיך גערעדט אזוי: „מיר מוזען דאָך צושטעהן צום הונגער סטרייק, ווערא וועט דאָך זיכער ניט עסען, היינט ווי אזוי־זשע וועלען מיר קענען אָפּשטעהן פון איהר?" דערצעהלט האָט דאָס מיר מאָראָזאָוו.

עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אז אונזער הונגער סטרייק איז געווען א דורכפאַל. די באַאַמטע האָבען זיך אויסגעלאַכט פון אונז און האָבען אונז די ביכער צוריק ניט געגעבען.

נאָך מעהר, מען האָט אונז דערפאַר נאָך שטאַרקער גענומען אונטערדריקען, און איך געדענק ווי אין איינעם פון די טעג, ווען איך האָב נאָך געפאַסט, איז דער נייער קאָמענדאַנט דאָבראָדעיעוו ארומגעגאַנגען איבער אַלע קאַמערען און האָט אונז געלאָזט וויסען, אז דאָס געלט וואָס מיר האָבען מיט זיך געבראַכט אין דעם טאָג ווען מען האָט אונז אין שליסעלבורגער פעסטונג פארשפארט, וועלען מיר מעהר אין די אויגען ניט זעהן, ווייל עס ווערט קאָנפיסקירט און שפּעטער וועט מען עס אָבשיקען צו אונזערע קרובים אהיים.*) פריהער פלעגען מיר פון צייט צו צייט קענען ארויסנעמען אַ ביסעל פון יענעם געלד און קויפען נייע ביכער.

מעהר פון אַלעמען האָט עס אָבגעגליקט מאָראָזאָוו'ן, ווייל נאָך איידער דער קאָמענדאַנט האָט ארויסגעגעבען די נייע גזירה, האָט ער, מאָראָזאָוו, אוספּייעט אויסצושרייבען רעקליו'ס גרויסע געאָגראַ־פיע אין עטליכע בענדער. די אַנדערע חברים האָבען אַזאַ גליק ניט געהאַט.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט אונזער הונגער סטרייק אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. קיין פארבעסערונג האָט דאָס קיינעם פון אונזערע חברים ניט געבראַכט און מיך האָט דאָס שיער אין קבר אריין ניט געטריבען. מיין גאַנצע נשמה איז געוועזן ווי צוטריי־סעלט און עס האָט געמוזט אוועקגעהן אַ צייט פון יאָהרען און יאָהרען ביז איך בין ווידער צו זיך געקומען. אַ שפּור פון יענע אי־בערלעבונגען איז ביי מיר געבליבען נאָך ביז היינטיגען טאָג.

אין די ערשטע ניין טעג וואָס איך האָב געפאַסט, האָט דער הונגער מיר קיין גאָר גרויסע שמערצען ניט פארשאַפט. איך קען זאָגאַר זאָגען, אַז עס האָט מיך ניט געאַרט. און איך האָב זיך גע־וואונדערט ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז מענשען, וועלכע זיי־נען אַ סך געזונטער פון מיר און ניט אַזוי נערוועז ווי איך, האָבען אויפ'ן דריטען טאָג גענומען ליידען פון שטאַרקע קאָפּ וועהטאָגען און אַנדערע אָנשיקענישען. דער געזונטער מאַרטינאָוו האָט קיין דריי טעג ניט געקענט אויסהאַלטען. איך ווידער, האָב זיך געפיהלט גאַנץ גוט און דאָס עסען איז מיר גאָרניט אָבגעגאַנגען, גלייך ווי פאַסטען וואָלט ביי מיר געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך. רוהיג און געלאַסען בין איך מיר געלעגען אויפ'ן בעטעל און האָב געלייענט

*) מען האָט עס קיינמאָל ניט אָפּגעשיקט.

א בוך. דער קאפ האט ביי מיר געארבייט קלאהר און איך האב מיט גרויס פארגעניגען געלעזען מאליער׳ס קאמעדיעס אויף פראנצויזיש. איך האב געלייענט און מיט גרויס הנאה געלאכט פון זיין גארפא־גאנ׳ען, ווי ער פיהרט א געשפרעך מיט זיין קוכער און מעהר פון אלעם האב איך אנגעקוואלען פון זיין קאמעדיע „א פשוט׳ער בעל הבית׳על צווישען פריצים״. אבער ביסלאכווייז האב איך אנגעהויבען פיהלען ווי איך ווער אלץ שוואכער און שוואכער, און אויפ׳ן נײנטען טאג האט מיר אנגעהויבען ווערען טונקעל אין די אויגען יעדעס מאל ווען איך האב געפרואווט זיך אויפהויבען.

אויף אזא׳ן אופן איז אויסגעקומען, אז איך האב גארניט גע־דארפט זיין קיין איבעריג גרויסע העלדין צו באשליסען ווייטער אנצוגעהן מיט דעם הונגער סטרייק. עס איז מיר ניט געווען שווער צו פאסטען און דערפאר האב איך געקענט פועל׳ן ביי זיך דורכצו־פיהרען דעם הונגער סטרייק ביז׳ן סוף. מיינע חברים ווידער איז געווען שווער צו פאסטען און דערפאר האבען זיי זיך אונטערגע־געבען.

און דאך האט מיך דער הונגער סטרייק שרעקליך צובראכען אי גייסטיג, אי קערפערליך. די נערוועז זיינען ביי מיר געווארען שטארק צורודערט, דער ווילענסקראפט איז פון מיר אינגאנצען פאר־שוואונדען, דאס געהער איז ביי מיר געווארען אזוי ערדעל, אזוי מאדנע ערדעל, אז ווי איך האב נאר דערהערט א שארך, האט זיך ביי מיר פון הארצען ארויסגעריסען א שרעקליכער קוויטש און איך פלעג זיך אזוי צוכליפען, אזוי צואווײנען, אז עס איז אונמעגליך געווען מיר איינצונעמען.

ווער ווייסט, וואס עס וואלט דאן פון מיר געווארען ווען איך וואלט ניט דערהערט וואס לאפאטין האט איינמאל וועגען מיר גע־זאגט.

„ווערא, — האט ער געזאגט, — באלאנגט ניט נאר צו אונז. נאר צו גאנץ רוסלאנד.״

א געזעלשאפטליכע ראלע! א געזעלשאפטליכע אויפגאבע! געשיקט זיך, אז דא, אין דעם לעבעדיגען קבר, וואו איך ליג א פאר־שפארטע, אינגאנצען אבגעריסען פון דער וועלט, האב איך נאך א געזעלשאפטליכע אויפגאבע אויף זיך?... געשיקט זיך, אז אימיצער דארף מיך נאך, און איך געהער ניט נאר צו זיך, נאר אויך צו אנ־דערע?... אבי איך האב געמיינט, אז די געזעלשאפט דארף מיר

מעהר ניט... געשיקט זיך, אז איך האָב גאָר עפּעס אַן אויפגאַבע דורכצופיהרען?

מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז איך האָב שוין מיין געזעל־שאַפטליכע ראָלע אָפּגעשפּילט, און איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז אין דער צייט ווען כ׳בין געווען פריי און האָב געאַרבייט אין דער באַוועגונג, איז מיר גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען, אַז אונזערע נעמען וועלען בלייבען אין דער געשיכטע און אַז מען וועט אונז לאַנג געדענקען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מיר זיינען נאָך ווייט, זעהר ווייט פונ׳ם ציל און אַז די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” איז ניט מעהר ווי אַ קליינע אָרגאַניזאַציע וואָס ווערט געגרינדעט און ווערט פאַרשוואונדען און דערנאָך גרינדען זיך נאָך און נאָך אָרגאַ־ניזאַציעס, און אַזוי געהן אַוועק יאָהרען און יאָהרען, דורות און דורות ביז מען דערשלאָגט זיך ענדליך צום ציל.

ווען איך האָב זיך גוט אַריינגעטראַכט אין די ווערטער וואָס לאָפּאַטין האָט געזאָגט וועגען מיר, האָב איך דערפיהלט און טאַקע אָנגעהויבען גלויבען, אַז איך בין נאָך ניט אָבגעשטאָרבען פון דעם לעבען וואָס געפינט זיך אויסער די גרעניצען פון דער שליסעלבורגער פעסטונג. מיר האָט זיך גענומען דוכטען, אז די ווענט פון דער טורמע האָבען זיך פאַנאַנדערגערוקט און מיין בליק איז געווענ־דעט ווייט־ווייט, אַהין וואו איך בין געווען פריהער און וואו איך דאַרף בלייבען אויף דער הויכקייט, וואו מען האָט מיך אַוועק־געשטעלט.

## צעהנטער קאפיטעל:

### דער מאמע׳ס ברכה.



וױשען די זאכען, װאס זײנען בײ מיר טײער נאך ביז הײנטיגען טאג, געפינט זיך א ביליגע קמיעה׳לע. דאס האט מיר די מאמע געגעבען װען זי האט זיך מיט מיר געזעגענט נאכדעם װי מען האט מיך פאר׳משפט צום טױט. דאס קמיע׳לע איז בײ מיר זעהר טײער און איך היט עס אב װי דאס שװארצאפעל פונ׳ם אויג. קײנער האט עס בײ מיר ניט צוגענומען. אפילו אין דער שליסעלבורגער פעסטונג האב איך עס געהאלטען בײ זיך און נאך איצט שײד איך זיך קײנמאל ניט דערמיט.

אויף אײן זײט פון דעם קמיע׳לע איז נאאיװ אויסגעמאהלען א פיגור, װאס שטעהט אויף די קניע פאר דער הײליגער מאריא, און אויף דער אנדערער זײט — אן אויפשריפט, װאס לײענט זיך אזוי: „די הײליגע פרוי, װאס האט א גאט געבארען. אומגעריכטע פרײד”.

בײם געזעגענען זיך, האט די מאמע מיך געבענשט. „אפשר,— האט זי געזאגט, — װעט גאט העלפען און צו דיר װעט אויך קומען אומגעריכטע פרײד”.

װאס האט דאמאלט די מאמע געטראכט װען זי האט מיר איהר ברכה געגעבען ?... האט זי אפשר געטראכט װעגען דעם, אז ס׳װעט נאך אמאל קומען א צײט און זי װעט זיך װידער זעהן מיט מיר ? אדער אפשר האט זי מיר גלאט געװאלט אונטערגעבען מוט, אז איך זאל געדענקען, אז װי שלעכט עס זאל ניט זײן א מענשען, איז אונמעגליך, אז ער זאל אין לעבען ניט געפינען אזא זאך, װאס קען איהם דאך פארשאפען פרײד !

עס איז אװעק א יאהר נאך א יאהר און דאס גליק כאטש נאך אײנמאל צו זעהן די מאמע איז ניט געקומען. און װאס װײטער איך בין אװעק פון דעם גליק, װאס מעהר איך האב זיך צוגעקוקט צו דעם לעבען איז געפענגעניש, אלץ מעהר האב איך ארויסגעקוקט, אז עס

זאָל מקוים ווערען דער מאַמעס ברכה און עס זאָל קומען אן „אונ־ערוואַרטעטע פרייד”.

האָבען מיר אין דער שליסעלבורגר פעסטונג געהאַט אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען אונז פאַרשאַפט פרייד?

יאָ, מיר האָבען געהאַט. אַנדערש וואָלטען מיר אפשר די צרות דאָרט ניט געקענט איבערטראָגען.

אין די ערשטע יאָהרען, וואָס זיינען געווען די שווערסטע, איז די פרייד באַשטאַנען אין דעם וואָס מען האָט זיך צונויפגערעדט מיט די חברים, קלאַפּענדיג מיט די פינגער אָן די ווענט. אַ שטילער גרוס, אויסגעקלאַפּט דורך דער וואַנט, אַ געדיכט, איבערגעגעבען פון איינעם צום אַנדערען אויף דעם זעלבען שטייגער, אַ באַגריסונג צום געבורטסטאָג, אַ פּאָר וואַרימע ווערטער אין אַ צעטעלע, וואָס מען האָט שטילערהייד אַריינגעלעגט אין אַ בוך — אָט די אַלע זאַכען האָבען אונז פאַרשאַפט גרויס פרייד.

אָבער אין אָט דער פרייד איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַרויסגערופען טרערען. און ניט איינמאָל איז איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז ס'וואָלט אפשר געווען בעסער, מען זאָל זיך איינער דעם אַנדערען ניט פאַרשאַפען אַזאַ פרייד, כדי מען זאָל פאַרשפּאָרען דערנאָך שאַרפער צו פיהלען דעם וועהטאָג.

...די יאָהרען זיינען אוועק און האָבען געבראַכט פאַר אונז אַזאַ פרייד, וואָס האָט שוין מעהר ניט אַרויסגערופען קיין טרערען אין די אויגען.

די ערשטע פרייד פון דעם מין איז געווען אַ צ י י ט ו נ ג, איין נומער פון אַ צייטונג.

אַריינגעפאַלען צו אונז איז די צייטונג גאָר אונגעריכטערהייד. אַ הויכער שעהנער אָפיצער איז אַ געוויסע צייט געווען דער פאַר־וואַלטער אין די ווערקשטאַטען, וואו מיר האָבען געאַרבייט אין דער אַלטער טורמע. דאָרטען פלעגען מיר מיט אַ קלאַפּעריי פון האַמערס און הובעלס פאַרטויבען די צרות און פאַרטרייבען פון געדאַנק די אַלע מענשען, וועלכע זיינען אַמאָל דאָ געווען פאַרשפּאַרט אין דער שוועער־דריקענדער שטילקייט.

איינמאָל, ווען מיר האָבען געאַרבייט, איז דער אָפיצער געקומען מיט אַ צייטונג אין דער האַנט, און נאָכדעם ווי ער האָט די צייטונג איבערגעלייענט, האָט ער זי — אומיסטען, אָדער ניט אומיסטען —

אוועקגעלעגט אין א זייט, אזוי אז ווער עס האָט נאָר געוואָלט, האָט זי געקענט נעמען און באהאלטען.

און אזוי איז טאַקע געווען. איינער פון אונז האָט די צייטונג צוגענומען, און דערנאָך איז זי שוין געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, איבער דער גאַנצער טורמע.

אונזער פרייד האָט צו זיך גאָר קיין גלייכען ניט געהאַט. מיר האָבען זיך מיט דער צייטונג ארומגעטראָגען ווי מיט אַן אבן טוב און געשלונגען יעדער וואָרט, וואָס איז דאָרטען געשטאַנען.

קיין גוטע נייעס וועגען דעם לעבען אין רוסלאַנד האָבען מיר טאַקע אין דער צייטונג ניט געזעהן, און עס איז אויסגעקומען אזוי, אז פאַר די אַלע יאָהרען האָט זיך דאָרטען קיין זאַך ניט געביטען.

דערפאַר אָבער האָבען מיר אין דער צייטונג געפונען א גוטען ארטיקעל וועגען דייטשלאַנד און דאָס האָט אונז געעפענט די אויגען. מיר האָבען זיך דערוואוסט, אז קייזער ווילהעלעם קלייבט זיך צו־נויפצורופען אַן אַלגעמיין־אייראָפּעאישע קאָנפערענץ וועגען ארביי־טער־געזעצגעבונג, אז מען שאַפט אָב אין דייטשלאַנד די אויסנאַמס געזעצען געגען סאָציאַליסטען, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך דאָרטען גאַנץ היבש צוואוואָקסען. מיט אַן אונגע־הויערער פרייד אין הארצען האָבען מיר געלייענט יעדער שורה וועגען פאַרזאַמלונגען און קאָנגרעסען, וואָס ווערען דאָרטען אָבגעהאַל־טען; ווי די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּרעסע האָט זיך דאָרטען ענטוויקעלט און ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי קריגט צו אַלץ מעהר און מעהר מיטגלידער.

אמת, טאַקע, דאָס איז אין דייטשלאַנד, ניט אין רוסלאַנד. אָבער מיר זיינען דאָך אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען און די אינטערע־סען פון'ם ארבייטער־קלאַס אין אַלע לענדער זיינען איצט נאָהענט און טייער.

און מיר האָבען זיך אזוי געפרעהט! אונז האָט זיך אויסגע־וויזען, אז די ווענט פון דער טורמע זיינען מיט אמאָל געוואָרען גע־ראַמער; עס איז אונז געוואָרען ליכטיגער אין די אויגען און מיר האָבען געפיהלט ווי ערגעץ ווייט בלאָזען נייע, פרייע ווינטען.

און נאָך א פרייד האָבען מיר געהאַט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג — ביכער.

די ערשטע צייט איז די שליסעלבורגער ביבליאָטעק געווען זעהר א קליינע. ארום און ארום זיינען דאָרטען געווען 160 ביכער,

צווישען זיי אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבען געטראָגען אַ רעליגיעזען כאַ־ראַקטער, און די איבעריגע — גלאַט אַלטווארג. די ערשטע דריי־פיר יאָהר האָבען מיר געמוזט שלינגען די ביכער פון דער ביבליאָטעק, ווייל מיר האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. דערנאָך האָט מען אונז ערלויבט אַריינצוגעבען אין דער ביבליאָטעק די ביכער, וואָס יעדער איינער פון אונז האָט מיטגעבראַכט פון דער היים. אָבער עס האָט לאַנג ניט געדויערט און מיר האָבען די געבראַכטע ביכער אויך איבערגעלייענט. קיין נייע ביכער האָט מען כמעט ניט צוגעלאָזט צו אונז, און עס איז דאַריבער אויסגעקומען אַזוי, אַז מיר האָבען מעהר ניט געהאַט וואָס צו לייענען.

שטאַרקער ווי אַלעמאָל האָט זיך דער מאַנגעל אין ביכער גע־פיהלט אין'ם יאָהר 1894. און דאַן האָב איך איינמאָל געבעטען גאַנגאַרדן, דעם קאָמענדאַנט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, אַז ער זאָל אייניגע פון אונז ערלויבען זיך צו פאַרשרייבען אַלס אַבאָ־נעמענטען אין איינער פון די פעטערבורגער ביבליאָטעקען און די זשאַנדאַרען זאָלען פאַר אונז דאָרטען קריגען ביכער און זיי דערנאָך אָבפיהרען צוריק.

דעם אמת געזאָגט, איז מיר גאָר אפילו ניט איינגעפאַלען, אַז מען זאָל אונז געבען אַזאַ ערלויבניש, ווייל דאָס וואָלט דאָך געהייסען אונז געבען אַ געלעגענהייט זיך צו שטעלען אין פאַרבינ־דונג מיט דער פרייער וועלט.

ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרען ווען דער קאָמענדאַנט גאַנגאַרד האָט מיר דאַרויף געענטפערט: „גוט. איך וועל דאָס פאַר אייך טאָן!"

מיט עטליכע טעג שפּעטער האָבען מיר געקראָגען אַ קאַטאַלאָג, און דערנאָך אַ גאַנצען קאַסטען מיט ביכער, וואָס מיר האָבען, לויט'ן קאַטאַלאָג, אויסגעקליבען.

אונזער פרייד איז געווען אָהן אַ ברעג!

דער ערשטער בוך, וואָס איז מיר אַריינגעפאַלען אין די הענט איז געווען וועגען ענגלאַנד. די פאַרפאַסערין פון דעם בוך איז גע־ווען מאַדאַם יאַנזשול. אפילו אין נאָרמאַלע צייטען וואָלט אַזאַ בוך געמאַכט אַן איינדרוק אויף מיר. ובפרט נאָך אין אַ צייט ווען איך בין געווען אָבגעריסען פון דער גאַנצער וועלט. איך האָב פון דעם בוך אָנגעקוואָלען פונקט ווי אַ פשוט'ער לעזער, ווען ער פּאַקט אַ

ביכעל, וואס איז „פארבאטען", און עס דוכט זיך איהם אויס, אז יעדער ווארט עפענט פאר איהם גאנצע וועלטען.

טאקע נאר דאן ווען מען איז פארשפארט אין א טורמע, קען מען ווערען אזוי באגייסטערט ווי איך בין באגייסטערט געווארען לעזענדיג וועגען די מעכטיגע ענגלישע טרייד־יוניאנס, וועגען די גלענצענד דורכגעפיהרטע סטרייקס פון די קויהלען־גרעבער, וועגען דער אויסערגעוועהנליכער אויפבליהונג פון די ענגלישע קאאפעראַטיווען און וועגען דער באוועגונג צווישען דער ענגלישער אינטעליגענץ, וואס דריקט זיך אויס אין ארגאניזירען פאלקס אוניווערזיטעטען.

איך האב געלעזען ווי די ענגלישע אינטעליגענץ, פונקט ווי די רוסישע יונגוואַרג אין די זיבעציגער יאהרען, טראגט אריין בילדונג און ליבע אין די ארבייטער־קווארטאלען פון לאנדאן, מאנטשעסטער און ליווערפול. און דאס האט מיר פארשאפט א סך נחת און פארגעניגען. איך האב פארגעסען אן דער טורמע, איך האב פארגעסען אן דעם וואס איך אליין טו גאר ניט און איך האב געטראכט וועגען דעם וואס ערגעץ ווייט־ווייט זיצען מענשען ניט ליידיג און ארבייטען צו פארבעסערען די לאגע פון ארימע און אונטערדריקטע.

די ציימונג איז געקומען — איין נומער — א שיין געטאן און איז אוועק.

דער בוך איז געקומען — אויף א ווײַלע געמאכט געראמער די ווענט פון דער טורמע — א שיין געטאן און איז אויך אוועק...

דער פאליציי־דעפארטמענט האט אונז באלד פארווערט ארויסצונעמען ביכער אין א ביבליאטעק, וואס געפינט זיך אויף דער פרייהייט.

אינ'ם יאהר 1896 איז אונז צוגעקומען א נייער קוואל פון פרייד. און געשעהן איז דאס אזוי:

מאראזאוו האט זיך איינמאל צורעדט מיט'ן דאקטאר פון שליסעלבורגער פעסטונג, און יענער האט איהם דערצעהלט, אז אין פעטערבורג געפינט זיך איצט א וואנדערענדער מוזעאום מיט א גרויסען זאפאס פארשידענערליי קאלעקציעס אויף אלע געביטען פון נאטור־וויסענשאפט. דער דאקטאר האט איהם זאגאר איינמאל געבראכט איניגע קעסטעלאך מיט מוסטערען.

מאראזאוו, לוקאשעוויטש און נאווארוסקי האבען זיך זעהר שטארק אינטערעסירט מיט נאטור־וויסענשאפט, און איך האב

אויך געהאַט גרויס חשש דערצו, ווייל איך האָב געוואָלט אַניאָגען, דאָס, וואָס איך האָב פאַרפעהלט.

שטודירען נאַטור־וויסענשאַפט אָהן די נויטיגע קאָלעקציעס איז זעהר שווער, האָט זיך מאַראַזאָוו געווענדעט צו גאַנגאַרד׳ען, אַז ער זאָל אונז מאַכען פאַר אַבאָנענטען אין דעם וואַנדערענדען מוזעאום. גאַנגאַרד איז בטבע געווען אַ גאַנץ גוטער מענש, אָבער ער האָט אונז געענטפערט, אַז מיט אַזאַ בקשה מוז מען זיך ווענדען צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט; אַליין קען ער אונז, ליידער, אַזאַ ערלויבניש ניט געבען.

וואָס־זשע פאַר אַ תירוץ אָבער גיט מען אָן אין דער בקשה צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט? האָט מאַראַזאָוו געטראַכט און גע־טראַכט, ביז ער איז געפאַלען אויף אַ שכל: אין דער בקשה האָט ער געשריבען, אַז ער דאַרף האָבען שטיינער, ווייל ער אַר־בייט אויף אַ ווערק וועגען דעם געבוי פון שטאָפען.

מיר האָבען דאַן אַלע געלאַכט און מיר זיינען געווען זיכער, אַז עס וועט פון דער בקשה גאָר ניט ווערען.

און דאָך...

דאָך האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אונז געגעבען די ערלויבניש צו ווערען אַבאָנענטען אינ׳ם מוזעאום. ביכער ניט, אָבער שטיינער יאָ...

פון דאַן אָן איז דאָקטאָר בעזראָדנאָוו פיער יאָהר נאָכאַנאַנד געווען דער פּערמיטלער צווישען אונז און דעם פּעטערבורגער מוזעאום.

אַלע צוויי וואָכען האָט ער אונז געבראַכט גאַנצע קאַסטענס מיט פאַרשידענערליי קאָלעקציעס, און מיר האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו באַאָבאַכטען און באַקוקען די קאָלעקציעס איבער געאָלאָגיע, פּאַלעאָנטאָלאָגיע (די לעהרע וועגען פאַרשטיינערטע איבערבלייבונגען פון פאַרצייטיגע אָרגאַניזמען, וואָס האָבען אַמאָל עקזיסטירט אויף דער ערד) און מינעראַלאָגיע. אַלעס האָבען מיר באַטראַכט און שטודירט, ניט דורכגעלאָזען קיין איין זאַך פונ׳ם מוזעאום.

וואָס אַמאָל איז אונז געוואָרען בעסער. דער דאָקטאָר האָט אונז אָנגעהויבען ברייגגען פונ׳ם מוזעאום ביכער אויך, און ניט נאָר דוקא וויסענשאַפטליכע, נאָר ביכער אין אַלגעמיין. דער מוזעאום האָט אָנגעהויבען האָבען נוצען פון אונז; מיר האָבען

פאַר איהם געאַרבייט, און אַזוי ווי אונזער אַרבייט איז געווען גוט, האָט מען אונז שוין צוגעשיקט רויהע מאַטעריאַלען איבער ענטימאָלאָגיע (די וויסענשאַפט וועגן אינזעקטען), באָטאַניק, מינעראַלאָגיע. מיר האָבען די רויהע מאַטעריאַלען באַאַרבייט, און דער מוזעאום האָט זיי צושיקט איבער די פאַרשידענע לעהראַנשטאַלטען.

אין די גערטענדלעך, וואָס מען האָט אונז געגעבען, האָבען מיר אויך אָנגעהויבען מאַכען וויסענשאַפטליכע עקספּערימענטען מיט פאַרשידענערליי פּלאַנצונגען, און דער באָדען אויפ'ן אינזעל איז געווען זעהר גינסטיג פאַר דעם.

איבער דער גאַנצער טורמע האָט די אַרבייט געברענט אונטער די הענט. די סטאָליאַרעס, די טאָקערס און די איינבינדערס האָבען זיך מיט גרויס חשק אַ נעהם געטאָן אַרבייטען; מען האָט געמאַכט קעסטעלעך פון האָלץ, געקלעפּט קעסטעלעך פון קאַרדאָן, געשניצט שעלעכלעך פאַר די מינעראַלען, און די מענשען, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט נאַטור־וויסענשאַפט, האָבען געזאַמעלט קאָלעקציעס פון פאַרשידענערליי פּלאַנצונגען און זריעות און צוגעגרייט אָהן אַ שיעור מוסטערען פון אַלצדינג. און אָט די אַלע זאַכען פלעגען מיר נאַכהער, אין גלעזערנע סלאָיעקלאַך און אין הילצערנע און פּאַפּירענע קעסטעלאַך, דורכ'ן דאָקטאָר אַוועקשיקען פאַר'ן מוזעאום.

יאָ, ווען איך טראַכט וועגן יענע יאָהרען, קום איך צום באַשלוס, אַז עס איז געווען, וואָס צו גערענקען. מיר האָבען געהאַט מיט וואָס אויסצופילען די טעג, מיר האָבען געהאַט אַן אויפגאַבע. די אַרבייט, וואָס מיר האָבען געטאָן פאַר'ן מוזעאום, איז געווען דער פאָדים, וואָס האָט זיך געצויגען פון די טויטע צו די לעבעדיגע. מיר האָבען שוין מעהר ניט געדאַרפט ליידען דערפון, וואָס מיר מאַכען זיך ניט ניצליך מיט קיין זאַך. דער וועהטאָג איז שוין ניט געווען אַזוי גרויס, ווען מיר האָבען געטראַכט וועגען דעם, וואָס מיר זיינען אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט.

...דערנאָך האָט מען אָט דעם פאַרגניגען אויך צוגענומען ביי אונז. גאַנגאַרד איז אַוועק. בעזראָדנאָוו אויך. אין טורמע איז געווען אַ טומעל... די דיסציפּלין איז געוואָרען שטרענגער. די אַרבייט, וואָס האָט אונז פאַרשאַפט פרייד, האָט מען ביי אונז פון די הענט אַרויסגעריסען.

...מיט דער מאַמען האָב איך זיך מעהר ניט געזעהן! אָבער איהר ברכה איז דאָך מקוים געוואָרען. וואָרים ווי שלעכט עס איז מיר געווען אין טורמע, האָב איך דאָרטען דאָך געהאַט אומגעריכטע פרייד אויך.

אין דעם שווארצען קנויל פון צער און טרויער זיינען דאָך געווען פעדים, וואָס האָבען געשיינט; איז דאָך געווען פרייד, „אומגעריכטע פרייד", ווי די מאַמע האָט מיר געווינשעוועט ביים געזעגענען זיך, געבענדיג מיר דאָס קמיע'לע, וואָס איך היט אָפּ נאָך ביז היינטיגען טאָג.

## עלפטער קאפיטעל.

### דער קאָמענדאַנט גאַנגאַרד.



ער ערשטער קאָמענדאַנט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג איז געווען פּאָקראַשינסקי. דאָס איז געווען אַ מענש, אין די עלטערע יאָהרען, אַ הויכער, אַ דאַרער, אָהן אַן אויסדרוק אויפ'ן פּנים, און מען האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסען, וואָס פאַר אַ מענש ער איז.

זעהן פלעגן מיר איהם בלויז איין מאָל אין מאָנאַט, ווען ער פלעגט אַרומגעהן פון איין קאַמער אין דער צווייטער און פרעגען, ווי מען פיהלט זיך אין געזונט און צי מען האָט ניט עפּעס אַ קלאַגע אויף אימיצען.. געוועהנליך פלעגט קיינער אויף קיינעם קיין קלאָגע ניט ברענגען, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז די קלאָגעס וועלען העלפען, ווי אַ טויטען באַנקעס, ווייל ער, דער קאָמענדאַנט, קען סיי ווי סיי ניט ענדערען דעם רעזשים פון דער פעסטונג.

אין זיין באַנעהמונג איז ער געווען צו אונז זעהר העפליך. אָבער דער אמת איז, אַז אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַט צו זאָגען איבער דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָבען די זשאַנדאַרען גע'הרג'עט-געשלאָגען אונזערע חברים. עס איז אויך אַ פאַקט, אַז ער, דער העפליכער קאָמענדאַנט, האָט אַליין געזעהן, ווי די זשאַנדאַרען האָבען געשלאָגען דעם רעוואָלוציאָנער מאַנוטשאַראָוו, בעת זיי האָבען איהם געפיהרט אין קאַרצער — געזעהן און קיין וואָרט ניט געזאָגט.

פינף יאָהר איז ער געווען דער קאָמענדאַנט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. די גאַנצע צייט האָבען מיר פון איהם קיין האָניג ניט געלעקט. דערפאַר אָבער איז איהם אויך ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. ער איז אַרונטער פון זינען, ווייל ער איז שטענדיג געווען אין דער מורא, אַז ווען ס'ניט-איז וועלען רעוואָלוציאָנערען מאַכען אַן אָנפאַל אויף דער שליסעלבורגער פעסטונג און וועלען אונז פון דאָרטען באַפרייען. איהם האָט זיך אַלץ

געדוכט, אז אַט קומט מען, אַט לויפט מען, און אַלע מאָל האָט ער געשיקט די זשאנדארען אויסגעפינען, צי מען זעהט ניט פון דער־ווייטענס קיין באוואָפּענטע מענשען.

אין יאָהר 1889, באַלד נאָכ'ן הונגער־סטרייק, איז אַלס קאָ־מענדאנט באשטימט געוואָרען דאָבראָדעיעוו, א זשאנדארמסקע אָפיצער, וועלכער איז אין אדעס פּאַרוואונדעט געוואָרען אויף אַן אויער ביי דעם באוואָפּענטען ווידערשטאַנד אין קאָוואַלסקי'ס פּראָצעס. געזעהן האָבען מיר איהם ניט מעהר, ווי איין מאָל, ווען ער איז ארומגעגאַנגען איבער די קאַמערען און פאַר אונז איבער־געלייענט א פּאַפּיר, אין וועלכען עס איז געשטאַנען, אז מיר טאָ־רען קיין נייע ביכער פאַר זיך ניט קויפען און ניט קריגען.

גלייך נאָך דאָבראָדעיעוו'ן איז אַלס קאָמענדאַנט באשטימט געוואָרען קאָרענעוו, א הויכער, מיטעליעהריגער מאַן מיט א גאַנץ סימפּאַטישען פּנים.

מיט איהם האָב איך געהאַט א גאַנץ אָריגינעלע באַגעגעניש. ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אריינגעקומען צו מיר אין קאַמער, האָט ער זיך העפליך פּאַרגויגט, מיר דערלאַנגט די האַנט און מיט א שמייכעל געזאָגט:

„איך קען אייך. איך האָב געדינט אין דער שטאָדט קאַזאַן, און באַלד נאָכדעם, ווי איהר האָט געענדיגט דעם אינסטיטוט, האָב איך אייך געטראָפען אויף א פּריצישען באַל. איהר זייט מיר דאַן שטארק געפעלען. אַלע האָבען געזאָגט, אז איהר זייט זעהר א שעהנע מיידעל, און איך האָב לאַנג געקוקט אויף אייך."

געזאָגט האָט מען, אז קאָרענעוו האָט א שוואכקייט צום בי־טערען טראָפּען. דאָס ווייס איך אָבער ניט אויף זיכער. וואָס איך ווייס יאָ, איז, אז ער איז געווען זעהר א שטילער, אז ער פלעגט אין טורמע אריינקומען זעהר זעלטען און זיך שטענדיג געהאַלטען אזוי, גלייך דער גאַנצער עסק וואָלט איהם גאָרניט אָנגעגאַנגען. מיר האָבען זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט, וואָס ער איז ניט אזוי שטרענג, און ביסלעכווייז האָבען מיר זיך אַליין אָנגעהויבען נעהמען געוויסע פּריוויליגיעס. איהם האָט דאָס ניט געאַרט.

אין דער צייט, ווען ער איז געווען קאָמענדאַנט, האָט מען אונז אָנגעהויבען געבען בעסער עסען. ווייסע ברויט און צוקער איז ביי אונז געוואָרען א גאַנץ געוועהנליכע זאַך. אין 1891—2 האָט

ער פאַר אונז געלאָזט מאַכען עטליכע ווערקשטאַטען, וואו די מאַנסבילען האָבען געאַרבייט, און איך און לודמילא וואָלקענשטיין האָבען אין אונזערע קאַמערען געקראָגען אַן אַרבייט אויסצונעהען אויף לייווענט פאַרשידענע צאַצקעס.

איידער קאָרענעוו איז געוואָרען דער קאָמענדאַנט פון אונזער פעסטונג, איז אויסגעקומען אַזוי, אַז איך האָב זיך געקענט זעהן בלויז מיט לודמילא וואָלקענשטיין, ווייל מירביידע זיינען געווען די איינציגע צוויי פרויען אין טורמע. די מאַנסבילען ווידער האָבען ביי יעדען שפּאַציר־פּאָרוויז געקענט אויסקלייבען אַן אַנדער חבר, אַזוי אַז ביסלעכוויז האָבען זיי זיך אַלע איינער דעם אַנדערען געזעהן. אַרום און אַרום זיינען מיר געווען פון איין און צוואַנציג ביז אַכט און צוואַנציג מענשען; זיי האָבען זיך אַלע געוואָלט זעהן מיט אונז אויך, ריידען פּנים אל פּנים מיט אונז, די איינציגע צוויי פרויען אין דער גזעלשאַפט. האָבען זיי אַזוי לאַנג געטראַכט וועגען דעם, ביז זיי זיינען געפאַלען אויף אַ שכל: זיי האָבען ביסלעכוויז אַנגעהויבען פאַרניכטען די פּאַר־קענס, וואָס האָבען אָפּגעטיילט איין „שטייג" פון דער אַנדערער, וואו מיר פלעגען שפּאַצירען פּאָרוויז. זיי האָבען פון די ווערק־שטאַטען אַרויסגענומען עקבערלאַך און האָבען אין די ברעטער אויסגעבויערט לעכער; דערנאָך האָט מען די לעכער געמאַכט אַלץ גרעסער און גרעסער, ביז זיי האָבען אויסגעקוקט, ווי פענסטער. און דערנאָך פלעגען מיר זיך פראַנק און פריי צונויפריידען איינע מיט די אַנדערע.

די זשאַנדאַרען און דער אויפזעהער, פיאָדאָראָוו, האָבען זיך געקאָכט, ווען זיי האָבען דערזעהן, ווי מיר האָבען דורכגעבראָכען די ווענט, אָבער קיין טומעל האָבען זיי וועגען דעם ניט געמאַכט, ווייל זיי האָבען געזעהן, ווי קאָרענעוו אַליין באַציהט זיך צו דעם קאַלטבלוטיג, און עס אַרט איהם ניט.

דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך זיך די ערשטע צייט ווייניג געפרעהט דערמיט, וואָס איך האָבען באַקומען די געלעגענהייט פראַנק און פריי זיך דורכצוריידען מיט אַלע חברים. איבער דעם, וואָס איך בין שטענדיג געווען פאַרשפּאַרט איינע אַליין און אינגאַנצען אָפּגעריסען פון דער וועלט, איז ביי מיר אָפּגע־שטאָרבען דער חשק צו ריידען מיט מענשען, זיך צו טרעפען מיט זיי. פאַר מיר איז געווען גענוג דאָס טרעפען זיך מיט לודמילא

וואָלקענשטיין. מעהר האָב איך ניט געוואָלט. די וואָלקענשטיין ווידער האָט זיך אַנדערש באַצויגען צו דעם. זי האָט ליב געהאַט צו זיין צווישען מענשען. דער בעסטער פאַרגעניגען, ווי זי אַליין פלעגט זאָגען, איז ביי איהר געווען — „זיין אין גאַס". פונקט דער היפוך פון מיר איז זי געווען. זי האָט געקענט ריידען מיט די חברים שטונדען לאַנג, און עס איז איהר גאָר קיינמאָל ניט נמאס געוואָרען. מיר ווידער פלעגט באַלד נמאס ווערען דאָס ריידען מיט די חברים; און איך בין זיך מודה, אַז אָפטמאָל פלעג איך זיין צופרידען פטור צו ווערען פון זיי און ווידער בלייבען איינע אַליין מיט זיך.

אָפטמאָל פלעג איך זיך קלאָגען פאַר דער וואָלקענשטיין דאַרויף, וואָס איך קען ניט אַריבערטראָגען די באַגעגענישען און די געשפּרעכען. איך האָב איהר גאַנץ אָפען געזאָגט, אַז די גע־שפּרעכען זיינען איבעריג און ברענגען ניט קיין נוצען. איך בין געוואוינט געווען צו זיין איינע אַליין און שטענדיג שווייגען. אָבער די וואָלקענשטיין האָט מיט מיר לאַנג גע'טענה'ט, אַז איך מוז אַרויסרייסען פון זיך די נידערגעשלאָגענע שטימונג, ווייל דאָס איז אַ קראַנקהייט, פון וועלכער מען דאַרף פטור ווערען. איהרע טענות האָבען געהאָלפען, און ביסלאַכווייז האָט זיך מיר דאָך איינגעגעבען צו ווערען אַן אַנדערע; איך האָב ווידער באַ־קומען דעם פאַרלאַנג צו טרעפען זיך מיט מענשען און פיהרען געשפּרעכען מיט זיי.

אין 1891, ווען קאָרענעוו איז נאָך געווען קאָמענדאַנט, האָט מען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג געבראַכט סאָפיע גינזבורג, און גלייך איז פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אָנגעקומען אַ באַפעהל, אַז מען זאָל זי האַלטען ווייט פון אונז. דאַן האָט מען זי פאַר־שפּאַרט אין אַ „לעבעדיגען קבר" אין דער אַלטער טורמע; און כדי מיר זאָלען קיינמאָל ניט האָבען די געלעגענהייט צוצוקומען נעהנטער צו איהר, האָט מען פאַרמאַכט דעם ווערקשטאַט פון דער אַלטער טורמע, מיט אַן אויסרייד, אַז מען מוז דאָרטען אי־בערפאַרבען די ווענט. מעהר ווי אַכט און דרייסיג טעג האָט סאָפיע גינזבורג די יסורים ניט געקענט אַריבערטראָגען, און דעם 7טען יאַנואַר, 1892, האָט זי זיך אַליין געקוילעט מיט דער שער, וואָס מען האָט איהר געגעבען צו שניידען לייוועגט און נעהען וועש. זי וואָלט אפשר אַזוי שנעל ניט געווען געמאַכט קיין סוף

צו איהר לעבען, אָבער ניט ווייט פון איהר קאַמער איז געווען פאַרשפאַרט דער רעוואָלוציאָנער שטשעדרין, און ער איז פאַר צרות משוגע געוואָרען און זעהר אָפט פלעגט ער ווערען שרעקליך ווילד און שרייען מיט אַזעלכע באַנומענע קולות, אַז עס פלעגט פאַלען אַ פּחד, ווען מ'האָט זיי געהערט. איבער דעם איז סאָפיע גינזבורג געוואָרען שרעקליך נערוועז און זיך גענומען דאָס לעבען.

מיר האָבען אפילו ניט געוואוסט דערפון, אַז סאָפיע גינז־בורג געפינט זיך אין דער אַלטער טורמע פון דער שליסעלבורגער פעסטונג. מיר האָבען אויך ניט געוואוסט, אַז זי האָט זיך דאָס לעבען גענומען. דערוואוסט האָבען מיר זיך דאָס ערשט מיט עטליכע יאָהר שפּעטער.

צווישען די קאָמענדאַנטען, וועלכע זיינען געווען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג אין פאַרלויף פון צוואַנציג יאָהר צייט, פאַרנעמט גאַנגאַרד גאָר אַ באַזונדער אָרט. באַשטימט געוואָרען אַלס קאָמענדאַנט איז ער נאָך קאָרענעוו'ן. און איך זאָג, אַז אויב דער טשיטשינסקער קאָמענדאַנט, לעמארסקי, וועלכער האָט פאַרגרינגערט די שווערע דאָליע פון די דעקאַבריסטען, איז אַריין אין דער געשיכטע; אויב דער נאָמען פון דר. האאַז, וועלכער איז געווען אַן אמת'ער פריינד פון די פאַרשפאַרטע אין מאָס־קווער בוטירקער טורמע, איז אַריין אין דער געשיכטע, — דאַן מעג גאַנגאַרד'ס נאָמען אַוועקגעשטעלט ווערען אין איין רייהע מיט זיי.

חוץ די קלענערע און גרעסערע פּריווילעגיעס, וואָס מיר האָ־בען פאַר זיך אויסגעקעמפט — פּריווילעגיעס, פאַר וועלכע מיר האָבען באַצאָלט מיט די לעבענס פון אַזעלכע גוטע חברים, ווי מינאַקאָוו, מישקין און גראַטשעווסקי, און אַ חוץ די פּריווילעגיעס, וואָס מיר האָבען מיט אונזערע אייגענע כחות פאַר זיך אויס־געקעמפט, זיינען צוגעקומען נאָך און נאָך פּריווילעגיעס; און פאַר אַלעם האָבען מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען גאַנגאַרד'ן. און מען קען זאָגען, אַז ער האָט אונז געראַטעוועט פון דער מערדער־ליכער האַנט, וואָס די פּאָליציי און אויך דאָס מיניסטעריום פון אינערען האָבען שטענדיג געהאַלטען אויף אונז. ער איז געווען אַ מענש מיט אַ גוט האַרץ און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ גרויסע עולה צו מוטשען און פּייניגען מענשען, ביי וועמען מען האָט צוגענומען די פרייהייט, זיי אָפּגעריסען פונ'ם לעבען און פון

אלע זייערע פריינד און קרובים; ער האט פארשטאנען, אז דאס אליין איז שוין א גענוגע שטראף פאר א מענשען, און צוגעבען צו דעם נאך עפעס, וואלט שוין געהייסען איבערגעכאפט די מאס.

די רעגירונג האט געטראגען א האס אויף אונז, „נאראדא־וואלצעס“, און האט אלץ געוואלט זיך נוקם זיין אן אונז. אפילו ניקאלאי דער ערשטער האט זיינע ארעסטאנטען ניט אויסגע־מארעט דורך הונגער און האט ניט געטריבען אין קבר אריין דורך אויסצעהרונג, ווי מען האט געטאן מיט אונז. אבער די פלעוועס און די דורנאוואס, וועלכע האבען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהן דעם קאמף, וואס מיר, „נאראדאוואלצעס“, האבען אנגע־פיהרט געגען דער רעגירונג, זיי האבען זיך ארומגעטראגען מיט א געפיהל פון נקמה אויף אונז און זיי האבען גוט געוואוסט און גוט געדענקט די ראלע, וואס יעדער איינער פון אונז האט גע־שפילט אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. דאס איז זיי גוט געלעגען אין זינען, און זיי האבען דאס בשום אופן ניט געקענט פארגעסען.

ווען גאנגארד איז געווארען קאמענדאנט, האט ער גלייך באמערקט די פענסטערלאך, וואס מיר האבען געמאכט אין די פארקאנס, כדי מיר זאלען זיך פריי קענען צונויפריידען איינער מיט'ן אנדערען, ווען מען פיהרט אונז ארויס אויף שפאציר. אבער אנשטאט אנצונעהמען מיטלען געגען דעם און אונז פאר־שאפען יסורים, האט ער געטאן א זאך, וואס האט אונז פאר־שאפט פארגניגען: ער האט גע'פועל'ט אין פאליציי־דעפארט־מענט, אז מען זאל די אויבערשטע טייל פון די פארקאנס איינ־גאנצען ארונטערנעהמען און דארטען מאכען אזעלכע הילצערנע שטאכעטען, דורך וועלכע מען קען זעהן. די פאליציי וואלט איהם דארויף די ערלויבניש ניט געגעבען, אבער ער איז ניט געוועזן קיין נאר און געוואוסט, וואס פאר א תירוץ אנצוגעבען. האט ער דערצעהלט א מעשה, אז מען מוז דאס טאן, כדי די זון זאל קענען צוקומען צו די גערטענדלאך, וואס מיר האבען פאר־פלאנצט. דערמיט האט ער אונז געטאן איינע פון די גרעסטע טובות.

דערמיט האט ער זיך נאך ניט באגנוגענט; ער האט נאך געלאזט מאכען עטליכע הילצערנע בריקלאך און זיי אוועקגע־שטעלט לעבען די שטאכעטען, אזוי אז ווען מיר פלעגען זיך אויף

די בריקלאך אוועקשטעלען, האבען מיר זיך געקענט ניט נאר צונויפריידען, נאר אויך פיהרען דעבאטעס איינע מיט די אנדערע.

מיט אזא גוטער געלעגענהייט האבען מיר זיך באנוצט. און יעדער מאל, ווען מען פלעגט אונז ארויספיהרען אויף שפאציר אין די „שטייגען", פלעגען מיר זיך אויסשטעלען אויף די הילצערנע בריקלאך, און איינער פון אונז פלעגט האלטען א לעקציע וועגען א וויכטיגען ענין אדער פארלעזען עפעס אויפ'ן קול, אז אלע זאלען הערען. די פארלעזונג האב איך זעהר ליב געהאט, ספּעציעל ווען מאראזאוו אדער נאווארוסקי פלעגען לעזען.

אין אונזער לעבען איז דאס געווען א גאנצע רעוואלוציע.

אין דער צייט, ווען גאנגארד איז געווען אונזער קאמענדאנט, האט קיין זשאנדארם ניט געמייעט אויפצוהויבען א האנט אויף אונז. ער האט די זשאנדארען אנגעזאגט מיט'ן הארבען ווארט, אז זיי זאלען זיך ניט דערוועגען אונז צו טשעפּען, זיי זאלען אונז קיין קרום ווארט ניט זאגען.

כדי מיר זאלען זיך קענען צושטרייען, האט ער געלאזט מאכען נאך עטליכע ווערקשטאטען, און ווער עס האט נאר געוואלט האט דארטען יעדען טאג געקענט ארבייטען און טאן וואס ער וויל. אין יענער צייט האב איך און לודמילא וואלקענשטיין באקומען חשק צו ארבייטען ביי סטאלעריי, האט אונז גאנגארד געטאן די טובה און געלאזט מאכען פאר אונז צוויי ווערקשטאטען.

א דאנק זיין מיה האט מען פאר אונזערע חברים געמאכט צוויי ווערקשטאטען פאר טאקעריי, און דאן האט ער אליין אין שטאדט געקראגען פאר אונז באשטעלונגען צו מאכען געוויסע ארטיקלען און ער אליין האט אונז געבראכט דאס געלד וואס מען האט פאר די באשטעלטע ארטיקלען געצאהלט. אונזערע חברים זיינען געווארען בעלי מלאכות; עס האבען זיך צווישען אונז געפונען איינציגע סטאליארעס און שלאסערס, און א דאנק גאנגארד'ן האבען זיי געקראגען ארבייט, פארדינט געלד און באקומען די מעגליכקייט צו קויפען נאך ביכער. און דערנאך האט ער זיך פאר אונז ווייטער געסטארעט און האט פאר אונז געקראגען וועלכע ביכער מיר האבען נאר געוואלט אין דער גרויסער שטאדטישער ביבליאטעק.

ער האט געזעהן, אז ביכער זיינען ביי אונז דאס לעבען מיט דער נשמה, האט ער איינגעארדענט צוויי ווערקשטאטען פאר איינבינדעריי און אליין געקראגען פאר אונז באשטעלונגען איינצובינדען

פאַרשידענערליי ביכער און זשורנאַלען, כדי מיר זאָלען זיי פאַר איינוועגס קענען איבערלייענען אויך.

וואָס ער האָט נאָר געקענט, האָט ער פאַר אונז געטאָן. מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער האָט ער איינגעפיהרט ביי אונז אַ מין זעלבסט־פאַרוואַלטונג, באַשטימט איינעם פון אונזערע חברים אַלס דעם עלטסטען, כדי מיר זאָלען פאַרשפּאָרען אַלע מאָל זיך צו פאַרטשע־פּען מיט די זשאַנדאַרען, אָדער מיט׳ן אויפזעהער.

אַ דאַנק איהם האָבען מיר געקראָגען ביכער אין דער פּעטער־בורגער פּרייער ביבליאָטעק און אַ דאַנק איהם האָבען מיר אין מוזעאום געקראָגען די אַלע נויטיגע אינסטרומענטען וואָס מיר האָ־בען געדאַרפט האָבען פאַר דער וויסענשאַפטליכער אַרבייט וואָס מיר האָבען געטאָן אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען די אַלע גוטע זאַכען וואָס גאַנגאַרד האָט פאַר אונז געטאָן. ביי יעדער געלעגענהייט האָט ער זיך פאַר אונז איינגעשטעלט, און די זשאַנדאַרען האָבען שוין גע־וואוסט, אַז איבער איהם טאָרען זיי אונז קיין קרום וואָרט ניט זאָגען.

ווי אַזוי האָט זיך איהם איינגעגעבען צו טאָן פאַר אונז אַזוי פיל? צי איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס די רעגירונג אַליין האָט אפשר געביטען איהר שטעלונג צו אונז נאָכדעם ווי מיר זיינען שוין אַריין אין דעם צווייטען צעהנדליג יאָהר אין דער שליסעלבורגער פעסטונג? צי האָט גאַנגאַרד אַליין געהאַט אַזעלכע פאַרבינדונגען מיט דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, אַז ער האָט אַליין געקענט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט און ניט אָנפרעגען ביי די גרעסערע נאַטשאַל־ניקעס? — דאָס וויים איך ניט באַשטימט.

איך וויים אָבער, אַז צווישען אונז אַליין איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז ווען גאַנגאַרד האָט אָנגענומען דעם אַמט אַלס קאָמענדאַנט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט ער אויסגענומען, אַז ער זאָל האָבען די פולע רעכט צו פיהרען די טורמע ווי איהם געפעלט און אַזוי ווי ער וועט געפינען פאַר נויטיג.

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין — אונז האָט ער געטאָן אַזוי פיל טובות, אַז מיר מוזען איהם דערמאָנען מיט אַ געפיהל פון דאַנק־באַרקייט, ווי מען דערמאָנט געוועהנליך אַ גוטען מענשען; איהם האָבען מיר אַ סך צו פאַרדאַנקען, ווייל אַ דאַנק זיין גוטסקייט האָט זיך אונז איינגעגעבען צו האָבען געגוג כח אַריבערצוטראָגען די צרות אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

## צוועלפטער קאַפּיטעל.

### ניקאָלאַי דאַנילאָוויטש פּאַכיטאָנאָוו.*)




י איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, זיינען צווישען אונז געווען עטליכע גייסטיג־קראַנקע. שטשעד־רינ׳ען, איגנאַטי איוואַנאָוו׳ן און אַראַנטשיק׳ן האָט מען געבראַכט אין שליסעלבורגער פעסטונג אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ס׳וואָלט געווען אַ סך גלייכער מען זאָל זיי אוועקפיהרען אין אַ סאַניטאַריום פאַר גייסטיג־קראַנקע. קאָנאַשעוויטש איז אַרונטער פון זינען אין אַזאַ צייט ווען מיר, די אַרעסטאַנטען פון דער שליסעל־בורגער פעסטונג, זיינען געווען אָפּגעריסען איינער פון׳ם אַנדערען, און דעריבער האָבען מיר ניט געקענט זעהן ווי אַזוי די קראַנקהייט האָט זיך ביי איהם ביסלאַכווייז אַנטוויקלעט. אָבער פּאַכיטאָנאָוו! ער איז קראַנק געוואָרען פאַר אונז אין די אויגען, און מיר האָבען אַליין געזעהן ווי דער מענש פאַרלירט ביסלאַכווייז זיין פאַרשטאַנד און געהט אינגאַנצען אונטער.

אַליין אַ געוועזענער אַרטילערי־אָפיצער און אַ מענש מיט אַ היבשער בילדונג, האָט ער זיך מיט לייב און לעבען אַריינגעוואָרפען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און געהאַט אַ גרויסען איינ־פלוס אויף זיינע חברים־אָפיצערען. נאָכדעם ווי מען האָט איהם אַרעסטירט, איז געראַדע אויסגעקומען אַזוי, אַז מען האָט איהם גע־שטעלט צום געריכט אינאיינעם מיט מיר.

אַ האַלב יאָהר איידער מען האָט איהם אַרעסטירט, האָב איך איהם, דורך דעגאַיעוו׳ן, געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז ער זאָל אַרויס פון דער אַרמעע און זיך אינגאַנצען אָפּגעבען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די לאַגע אין דער פּאַרטיי אַז דאַן געווען אַזאַ ביטערע, אַז מען האָט געמוזט צוציהען נייע, ענערגישע מענשען, וועלכע זאָ־

---

*) די איינצעלהייטען וועגען פּאָכיטאָנאָוו׳ס ביאָגראַפיע, וועט דער לעזער געפינען אין מיין בוך „די פאַרשפאַרטע אין שליסעלבורג". — וו. פ.

לען זיך אינגאנצען אפּגעבען מיט רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט און קיין אנדערע זאכען ניט האָבען אין זינען.

פּאָכיטאָנאָוו האָט דאָס ניט געוואָלט נעמען אויף זיך. ער האָט געזאָגט, אז לײדער, איז פאר איהם אונמעגליך דאָס צו טאָן, ווייל אזוי ווי ער שטעהט שוין במילא אונטער א חשד, וועט מען דאָך שטענדיג האלטען אן אויג אויף איהם און ער וועט מוזען לעבען אונטער א פרעמדען נאָמען און זיין א פּאַרוואָגעלטער, און דאָס איז פאר איהם זעהר שווער, ווייל די דאָקטורים האָבען איהם בפירוש געזאָגט, אז אויב ער וועט ניט לעבען רוהיג און שטיל, אויב ער



ניקאָלאַי פּאָכיטאָנאָוו

וועט זיך ניט אָפּהיטען ווי עס באדארף צו זיין, וועט ער ארונטער פון זינען.

גע'מסור'ט האָט איהם זיין חבר, מיט וועלכען ער האָט צוזאַמען געלערענט אין שולע און צוזאמען אין דער אָרגאניזאציע געאר־בייט — סערגעי דעגאַיעוו.

אלס א מיטגליד פון דער מיליטערישער אָרגאניזאציע אין דער פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא" איז פּאָכיטאָנאָוו פאר'משפט געוואָרען צום טויט, אָבער דערנאָך האָט מען איהם באגנאדיגט און פאר־שיקט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

אליין איז ער געווען זעהר א געבילדעטער און אויפגעקלער־טער מענש, אָבער מיט קיין באזונדער שטארקער ווילענסקראפט

האָט ער זיך ניט אויסגעצייכענט. בטבע איז ער געווען אַ ווייכ־הערציגער און ער האָט זיך שטענדיג גענויטיגט אין אַ גוט וואָרט פון אַ חבר. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבען און אַלע פאַר־גענינגענס פונ׳ם לעבען. דערצו איז ער נאָך געווען אַ צובאַלע־ווּעטער און האָט קיינמאָל פון קיין נויט ניט געוואוסט. און דערפאַר טאַקע איז פאַר איהם געווען אַזוי שווער אַריבערצוטראַ־גען די צרות אין שליסעלבורגער פעסטונג. ער האָט געליטען מעהר פאַר אַלעמען, און עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז זיין לעבען זאָל זיך ענדיגען אַזוי טרויעריג.

ווען מען זיצט פאַרשפאַרט אין טורמע, טרייסט מען זיך דערמיט, וואָס מען ליידט ניט אַליין, נאָר צוזאַמען מיט אַלע אַנ־דערע חברים, וועלכע האָבען אויך דעם זעלבען מזל. אין די ערשטע יאָהרען האָט זיך פּאָכיטאָנאָוו אויך געטרויסט דערמיט, אָבער ער האָט זיך שטאַרק גענומען צום הארצען דאָס, וואָס די דאַמען דאַרפען אויך אַריבערטראָגען אַזוי פיל צרות און באַ־ליידיגונגען אין שליסעלבורגער פעסטונג. אין אַ צעטעלע, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט אין 1888, שרייבט ער אַזוי: „ווען ניט איהר, וואָלט דאָ אוממעגליך געווען צו לעבען".

אפילו אין דעם לעבעדיגען קבר איז פּאָכיטאָנאָוו געווען אַ קאַוואַליער.

לעבן פּאָכיטאָנאָוו׳ס קאַמער (נומער 21), אַ טיר ביי אַ טיר, איז געווען פאַרשפאַרט יורי באָגדאַנאָוויטש, און דאָס האָט פּאָ־כיטאָנאָוו׳ן געטאָן אַ סך גוטעס. ער איז מיט באָגדאַנאָוויטש׳ן שטאַרק באַפריינדעט געוואָרען. און דערנאָך איז ער שטאַרק באַפריינדעט געוואָרען מיט לודמילאַ וואָלקענשטיין און מיט לו־קאַשעוויטש׳ן.

אין טורמע האָט פּאָכיטאָנאָוו זעהר אַ סך געלייענט און אַ חוץ דעם האָט ער געשטודירט אויסלענדישע שפּראַכען. דערצו האָט ער זיך נאָך אויסגעלערענט זיין אַ בעל־מלאכה. ער איז געוואָרען אַ גוטער סטאָליאַר און ניט קיין שלעכטער טאָקאַר. אינ׳ם יאָהר 1895 איז ער געווען געזונט. פון די אַלע קראַנק־הייטען, וואָס זיינען ארומגעגאַנגען אין טורמע, האָט ער ניט גע־ליטען.

אַליין אַ מענש מיט אַ לעבעדיגען טעמפּעראַמענט, איז ער שטענדיג געווען זעהר טעטיג און אַלעמאָל איז ער געפאַלען אויף

אַן אַנדער המצאה. גאַנץ אָפט פלעגט ער מאַכען פאַרשידענערליי צאַצקעלאַך, שאַפקעלאַך און שטולעכלאַך פאַר לודמילאַ וואָלקענשטיין, מיט וועמען ער איז געווען זעהר גוט באַפריינדעט. ער פלעגט האָבען פאַרגניגען דערפון, וואָס זי קוועלט אָן פון די צאַצקעס, וואָס ער מאַכט פאַר איהר.

איינמאָל, אין דעם טאָג, ווען מען פייערט כריסטוס'עס געבורט, האָט פּאָכיטאָנאָוו געמאַכט פאַר אונז אַ „יאָלקאַ" (קריסטמעס-בוים), טאַקע אַן אמת'ע „יאָלקאַ", מיט לאַמטערענדלאַך פון פאַרשידענערליי קאָלירען און מיט וואַקסענע ליכט. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַ מאַדים צו באַלעווען און אַריינטראָגען פרייד אין דעם פינסטערען לעבען פון דער שליסעלבורגער פעסטונג. אַרויסגעוויזען האָט ער דאָס דעם 16טען און דעם 17טען סעפּטעמבער, ווען מיר האָבען געפייערט אונזער געבורטסטאָג. עטליכע טעג פאַר דעם האָבען אַלע מאַנסבילען פון דער טורמע אָפּגעשפּאָרט פונ'ם עסען, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט: פּוטער, רייז און הערינג. אין גאָרטען האָט מען שטילערהייד אָנגעקליבען פאַרשידענערליי גרינסען און פרוכטען; און דערנאָך האָט מען פון די אַלע זאַכען געמאַכט זעהר אייגענאַרטיגע מאכלים, און פּאָכיטאָנאָוו האָט יעדען מאכל גענעבען אַן אַנדער נאָמען, פּונקט ווי אין די רייכע אַריסטאָקראַטישע רעסטאָראַנען. און פון דעם אופן, ווי ער האָט צונויפגעשטעלט די שפּייז-קאַרטע, און פון די נעמען, וואָס ער האָט געגעבען די מאכלים, האָט מען געזעהן, אַז ער איז אין די רייכע אַריסטאָקראַטישע רעסטאָראַנען געווען אַן אָפטער אַריינגעהער.

---

וואָס ער האָט דאָס צוגעבייט, ווען איך און לודמילאַ וואָלקענשטיין האָבען געפייערט אונזער געבורטס-טאָג! חוץ דער קונציג-צונויפגעשטעלטער שפּייז-קאַרטע, האָט ער אויף אַ קאָלירטען שטיק קאַרדאָן אויסגעשניטען פיגורען מיט גרויסע און לאַנגע טרובעס אין די הענט, און געהייסען האָט עס: הוליעט, חברה!

ווי עס שיינט אָבער, האָט ער זיך בלויז אָנגעטאָן אַ כח צו זיין פרעהלאַך. אָבער אין דער אמת'ן האָט אַן אומגעהויערע שטאַרקע בענקעניש גענאַגט זיין האַרץ. און איינמאָל — דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין 94טען יאָהר — איז ער אַרויסגעקומען אויפ'ן שפּאַציר אַ פרעהליכער, אַ לוסטיגער, מיט אַ ברייטען

שמייכעל אויף די ליפּען און מיט א באזונדער מין פייערעל אין די אויגען.

— וואָס איז אייך? — האָט איהם א חבר געפרעגט.

האָט ער זיך אין מיטען דערינען פאנאנדערגעלאכט, און אָנ־נעמענדיג זיך מיט דער האנט פאר'ן הארצען, האָט ער גע־ענטפערט:

— נאָר וואָס האָט מיך דער דאָקטאָר אונטערזוכט און גע־זאָגט, אז „ס'הויבט זיך שוין אָן" ביי מיר.

א צווייטען מאָל האָט אונז לוקאשעוויטש דערצעהלט, אז ער האָט געהערט, ווי פּאָכיטאָנאָוו האָט זיך ארויסגעכאפּט מיט אזעלכע ווערטער:

„איך מוז זיך נעמען דאָס לעבען! ווייטער ליידען קען איך ניט!"

פּאָכיטאָנאָוו איז ארונטער פון זינען. אייניגע האָבען גע־מיינט, אז דאָס איז געשעהן מיט אמאָל; אָבער די מענשען, וועלכע האָבען זיך מיט איהם אָפט געטראָפען, האָבען נאָך צוויי יאָהר פאר דעם אומגליק באמערקט אין איהם צייכענס פון משוגעת. מיר האָבען געזעהן, ווי ער ווערט אנדערש, און ווי זיין גייסטיגער צושטאנד בייט זיך: פריהער איז ער געווען אזא ווייכער, אזא נאָכגיביגער און מיט אמאָל איז ער געוואָרען א ווילדער עקשן.

קלייניגקייטען, וואָס האָבען ניט קיין באדייטונג, צואוואקסען זיך אין טורמע אזוי גרויס, אז מען מיינט טאקע, אז זיי זיינען גוואלדיג וויכטיג. אין דעם פּרט איז טאָלסטאָי געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אז עס איז אויף דער וועלט ניטאָ קיין איין קלייניגקייט, וואָס זאָל זיך ניט קענען צואוואקסען גוואלדיג גרויס. מען דארף נאָר אָנווענדען די גאנצע אויפמערקזאמקייט דארויף. דאָס זעלבע איז געווען דער פאל מיט פּאָכיטאָנאָוו'ן. יעדער קלייניגקייט, וואָס ער האָט געטאָן דאן, ווען ער איז שוין געווען געריהרט פון זינען, האָט זיך צופיל געוואָרפען אין די אויגען.

ווי שווער עס איז פאר אונז געווען צו זעהן, ווי אזוי אזא טייערער חבר פארלירט זיין פארשטאנד און ווערט משוגע!

זומער־צייט, אינ'ם יאָהר 1895, האָט ער אונז געמאכט א פאָרשלאג, אז מיר זאָלען הערען, ווי ער האלט לעקציעס וועגען מאטעמאטיק. מיר האָבען דארויף איינגעשטימט. אָבער נאָך

די ערשטע פּאָר לעקציעס, האָבען מיר מעהר ניט געוואָלט הערען, ווייל עס האָט זיך פּשוט ניט געקלעפּט א וואָרט צו א וואָרט. איהם האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען.

א צווייטען מאָל האָט ער פאַרגעשלאָגען, מען זאָל אויסהערען זיינע א לעקציע וועגען דער עקאָנאָמישער לאַגע אין רוסלאַנד. אין דער לעקציע האָט ער זיך צוריסען לויבענדיג דעם דאַמאָלס־דיגען פינאַנץ־מיניסטער וויטע. דערצו האָט ער זיך נאָך ווידער־שפּראָכען. און חוץ דעם, האָט זיין מיינונג לחלוטין ניט גע־שטימט מיט די עקאָנאָמישע און דעמאָקראַטישע אָנשויאונגען פון א רעוואָלוציאָנער. דאָס האָט אונז שטאַרק פאַרדראָסען.

אין די זומערדיגע מאָנאַטען פון דעם זעלבען יאָהר האָט ער זיך איינמאָל אַרויסגעכאַפּט מיט אזא פראַגע:

— איהר גלויבט אין יענער וועלט? וואָס? ניין?... איך יאָ... נעכטען ביינאַכט איז מיר די מאַמע געקומען צו חלום... ניין, ניין! איך וועל אייך קיין וואָרט ניט זאָגען וועגען דעם... איך טאָר דאָס אייך ניט זאָגען.

מיט א קורצער צייט שפּעטער האָט ער גענומען ריידען וועגען גייסטער. אָבער יעדער מאָל האָט ער זיך אליין איבער־געשלאָגען אין מיטען ריידען. ער האָט, קענטיג, פאַרשטאַנען, אז דאָס זיינען סימנים פון גייסטיגער קראַנקהייט, און מען דאַרף זיך אָננעמען מיט כח צו קעמפען געגען דעם.

איך געדענק שוין ניט גענוי דעם טאָג, אָבער מיר דוכט זיך, אז דאָס איז געווען דעם 14טען אָדער דעם 15טען סעפּטעמבער — דאַן האָבען מיר שוין אלע געזעהן, אז פּאָכיטאָנאָוו איז א פאַרלאָרענער, אז ער איז אַרונטער פון זינען. פון דאַמאָלט אָן האָט ער זיך מעהר ניט אָנגעקערט מיט קיינעם פון אונז. ער איז קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען אויף שפּאַציר און אלע מאָל האָט ער געהאַט איין תירוץ — ער איז קראַנק. קיין וועש האָט ער ניט געביטען, געוואַשען האָט ער זיך אויך ניט און אלעמאָל האָט ער צו אימיצען אַנדערש צוגעשיקט א צעטעלע פול מיט קלאַגעס, אז מען גיט איהם ווייניג עסען. און אָפטמאָל פלעגט ער נעמען די שיריים פונ׳ם עסען, אויסמישען עס אינאיינעם אזוי, אז עס פלעגט אַרויסקומען קאַשע מיט באָמשווינע און דערנאָך עס צו־שיקען איבער אלע קאַמערען.

א גאַנצען טאָג האָט ביי איהם געברענט דאָס לעמפּעלע,

וואָס האָט געהאַלטען אין איין טשאַדען, און איהם האָט דאָס ניט געאַרט. און ווען ער פלעגט שוין אַמאָל יאָ אַרויסגעהן פון זיין קאַמער, איז געווען אַ שרעק אויף איהם צו קוקען, ווייל דאָס פּנים איז געווען ביי איהם אויסגעשמירט, ווי ביי אַ קוימען־קעהרער.

פון זיין קאַמער האָט מען שטענדיג געהערט אַ קלאַפּעריי; וואו נאָר עפּעס אַ שטיקעל געצייג, האָט ער עס אַריינגעשלעפּט צו זיך אין קאַמער און האָט געהאַלטען אין איין בעל־מלאכה'ווען. אַלעס האָט ער צובראָכען, צולאָמעט און צוריסען. אפילו די בילדער פון זיינע עלטערן. און ווען מען פלעגט איהם אַרויס־פיהרען אַמאָל אין קאָרידאָר, האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ ציכעלע פון אַ קישען אויף די פּלייצעס און אַזוי געגאַנגען פון טיר צו טיר און מיט אַ נגון רחמנות'דיג געבעטען: „שענקט מיר אַ נדבה!"... „האָט רחמנות און שענקט מיר אַ נדבה!"...

אַ פּחד פלעגט פאַלען ווען מען האָט דערזעהן זיין ווילדען בליק אינ'ם „אויגעל" פון דער אייזערנער טיר.

ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס איז שוין פאַר אַלעמען געווען קלאָהר, אַז פּאָכיטאָנאָוו איז משוגע, האָבען די זשאַנדאַרען איהם דאָך געהאַלטען צוזאַמען מיט די געזונטע, און מיר האָבען אַלע געדאַרפט ליידען. פון צייט צו צייט פלעגען זיי איהם אַרויספיה־רען אין קאָרידאָר גלייך מיט אַלעמען, אויב ער האָט דאָס נאָר גע־וואָלט. אין די ווערקשטאַטען פון דער אַלטער טורמע איז ער ניט געגאַנגען, ווייל,ווי עס שיינט, האָט ער פּשוט פאַרגעסען אָן זיי.

אין יענער צייט האָט ער אַ סך געערעדט און נאָך מעהר גע־שריבען וועגען מיטלען וואָס מען זאָל אָננעמען, כדי צו קריגען גרויסע סומען געלד פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקען. צו יעדען איינעם פון אונז פלעגט ער אַלע מאָל אַריינשיקען גאַנצע פּעק מיט שטיקלאַך פּאַפּיר, באַשריבען און פאַרפּאַטשקעט פון אַלע זייטען מיט אַ בליישטיפט און אַלץ געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם ענטפערען, אַז עס איז גוט.

איינמאָל האָב איך פון איהם געקראָגען אַ גאַנצען פּאַק אַזעלכע פּאַפּירלאַך און אַזוי ווי איך האָב זיך צו דעם באַצויגען זעהר געוויסענהאַפט, האָב איך זיי אַלע אויפמערקזאַם איבערגע־לייענט, און וואָס זאָל איך אייך זאָגען! ער האָט אין די פּאַ־פּירלאַך אָנגעוואָרפען אַ גאַנצע רייהע מיט פּלענער ווי אַזוי מען

זאָל פאר דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג מאכען מיליאָנען. אָבער וואָס זאָג איך מיליאָנען! ביליאָנען און טריליאָנען, און דערצו נאָך אזוי לייכט, אויף א גאנץ פשוט'ן, איינפאכען שטייגער.

פון די פארשידענערליי פּלענער וואָס ער האָט אויסגערעכענט, געדענק איך איצט נאָר איינעם: מען זאָל נעמען ברעטער און מען זאָל פון זיי מאכען רעמלאך פאר בילדער. אלע רעהמלאך זאָלען געמאכט ווערען לויט איין שניט. אוועקגעלעגט א ברעט און־איינס־צוויי־דריי און עס זיינען פארטיג עטליכע רעמאלאך מיט איין קלאפּ; פאר יעדער רעהמעל וועט מען נעמען ניט ווייניגער ווי צוואנציג קאָפּיקעס; אין פארלויף פון א געוויסער צייט וועט מען מאכען אָהן א שיעור רעהמלאך און אויף אזא אופן וועט מען שאפען מיליאָנען און טויזענטער מיליאָנען רובעל. דער קאָפּ האָט זיך מיר אזש פארדרעהט פון די ציפערען וואָס ער האָט דאָרטען אָנגעשטעלט.

פון די שטיק וואָס ער האָט געפּראוועט, זיינען מיר אלע געוואָרען שרעקליך נערוועז. אונז האָט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז אָט־אָט וועט ער אָפּטאָן עפּעס א שרעקליכע זאך, וואָס מען וועט האָבען צו געדענקען, אָדער מען וועט איהם אָפּטאָן אזא שוידערליכע זאך, וואָס וועט אויף אלעמען מאכען א מורא'דיגען איינדרוק. אונז האָט זיך געדוכט, אז עס וועט גאָר קיינמאָל קיין סוף ניט נעמען צו דעם; מיר האָבען געפּיהלט, אז אויב עפּעס וועט ניט געטאָן ווערען, וועלען מיר אלע ארונטער פון זינען און פון דער גאנצער שליסעלבורגער פעסטונג וועט ווערען א משוגעים־הויז. וואָרים מען דארף ניט פארגעסען, אז א חוץ פּאָכיטאָנאָוו'ן, האָבען מיר אין טורמע געהאט נאָך א פּאָר גייסטיג קראנקע — שטשעדרינ'ען און קאָנאשעוויטש'ן...ביידע זיינען זיי אמאָל געוועזען זעהר קלוגע און ענערגישע מענשען, און איצט האָט איינער געליטען פון דער גרויסקייט־מאניע און האָט שטענדיג געהאלטען אין איין מאכען א שרעקליכען טומעל, און דער צווייטער האָט מיט עפּעס אזא מאָדנער שטימע שטענדיג געזונגען דאָס לידעל: „שעהנע מיידעל, פארלאָז זיך אויף מיר“, און ווען ער האָט אויפגעהערט זינגען, האָט ער זיך גענומען שרייבען עפּעס א ווערק, אין וועלכען ער האָט צווישען אָהן א שיעור זייטען קוים מיט צרות געפונען עטליכע ווערטער, וואָס זיינען קלאָהר ארויסגעקומען פון אן אָנגעוועהטאָגט הארץ. די ווערטער

האָבען זיך געליינט: „גאָט מיינער, ווען וועט זיך שוין אמאָל ענדיגען אָט די שרעקליכע קאטאָרגע!"

איינמאָל, ווען ביי אַלעמען זיינען די נערוועז געווען שטארק אָנגעצויגען, האָט פּאסירט א פּאַל, וואָס האָט זיך שיער ניט גע־ענדיגט מיט א בלוט־פארגיסונג. פּונקט דאַן ווען אלע זיינען גע־ווען אין די ווערקשטאטען פון דער אַלטער טורמע, און בלויז די וואָלקענשטיין און איך זיינען געבליבען פארשפּארט אין אונזערע קאמערען, איז אין מיטען דערינען אריינגעלאָפען מארטינאָוו און דערציילט, אז די זשאנדארען האָבען געשלאָגען פּאָכיטאָנאָוו'ן.

אזוי שנעל ווי ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט, זיינען אלע פון די ווערקשטאטען אריינגעלאָפען אין קאָרידאָר און עס איז געוואָרען אזא טומעל, אז עס איז פּשוט אונמעגליך געווען איינצושטילען; אלע האָבען געשריען, אלע האָבען זיך געבייזערט און יעדער איי־נער איז מיט די פויסטען געווען גרייט זיך ארויפצוווארפען אויף די זשאנדארען.

ארום און ארום זיין דאַן געווען ניט מעהר ווי א דריי־פיער זשאנדארען, און איינער פון זיי — געדענק איך נאָך אזוי ווי היינט — האָט געהייסען גאָווריושענקאָ. זיי, די זשאנדארען האָבען זיך געשוואָרען, אז זיי האָבען פּאָכיטאָנאָוו'ן ניט געטשע־פּעט, און מארטינאָוו האָט זיך געשוואָרען, אז ער איז זיכער אין דעם, אז זיי האָבען פּאָכיטאָנאָוו'ן יאָ געשלאָגען.

מעהר פון אלעמען האָט זיך פארענטפערט גאָווריושענקאָ און ווען מען האָט איהם געזאָגט, אז עס איז א גרויסע עולה צו שלאָ־גען א קראנקען מענשען, האָט ער זיך אָנגערופען: „בין איך דען ניט קיין קריסט? טראָג איך דען ניט קיין צלם?" און ווען יאנאָוויטש האָט דאָס דערהערט, האָט ער מיט כעס אויס־געשריגען: „איהר זיינט א לומפּ!"

גאָווריושענקאָ'ן האָט דאָס שטארק פארדראָסען און ער האָט א ציה געטאָן דאָס שטריקעל פון'ם גלאָק און שנעל צוגעמאכט די טויערען, און איידער מיר האָבען זיך געריהרט, האָט מען דערהערט שנעלע טריט און עס זיינען גלייך אָנגעקומען סאלדא־טען, מיט געלאַדענע ביקסען, גרייט צו שיסען. נאָך א מינוט און עס וועלען נעמען פליהען קוילען פון אלע זייטען און מענשען וועלען פאלען אין בלוט. פּאָליוואנאָוו, וועלכער האָט געהאט א טבע זיך צו היצען און באלד ווערען א צוקאָכטער, איז אריינגע־

לאָפען אין ווערקשטאַט, געכאַפּט אַ האַק און איז שוין געווען גרייט צו לויפען צו די זשאַנדאַרען און זיי אָפּהאַקען די קעפּ, אָבער צום גליק האָט וואַסילי איוואַנאָוו ביי איהם פון דער האַנט די האַק ארויסגעריסען און האָט איהם פאַרהאַלטען.

גאַווריושענקאָ האָט דערזעהן, אַז די לאַגע איז צו ערנסט און ער האָט די סאָלדאַטען געהייסען געהן צוריק. און דערמיט האָט זיך עס געענדיגט.

קיין שטרענגע מיטלען געגען אונז האָט מען דערנאָך דאָך ניט אָנגענומען. בלויז מאַרטינאָוו'ן האָט מען באַשטראָפט דערמיט, וואָס מען האָט איהם דריי טעג ניט ארויסגעלאָזט אויף שפּאַציר, און געהייסען האָט עס, אַז ער קריגט די שטראָף דער־פאַר וואָס ער האָט געמאַכט אַ בלבול אויף די זשאַנדאַרען.

דער קאָמענדאַנט גאַנגאַרד האָט געוואוסט, פאַרוואָס עס איז שיער ניט געקומען צו אַזאַ צוזאַמענשטויס און ער האָט אונז צוגעזאָגט, אַז ער און דער דאָקטאָר בעזראָדנאָוו וועלען שוין זעהן, אַז מען זאָל פּאָכיטאָנאָוו'ן ערגעץ אוועקפיהרען.

אויף אונז אליין האָט די גאַנצע געשיכטע זעהר שטאַרק גע־ווירקט און מיר זיינען געוואָרען נאָך נערוועזער ווי מיר זיינען געווען. מיר האָבען פּשוט געפיהלט, אַז אויב מען וועט ניט אוועק־פיהרען פּאָכיטאָנאָוו'ן, וועלען מיר אַלע ארונטער פון זינען, אפילו די זשאַנדאַרען האָבען פון איהם ניט געקענט אויסהאַלטען. דער דאָקטאָר בעזראָדנאָוו האָט אונז צוגעזאָגט, אַז שפּעטער וועט מען פּאָכיטאָנאָוו'ן אוועקפיהרען אין אַ שפּיטאָל פון גייסטיג קראַנקע אין פּעטערבורג, און דערוויילע זאָל מען איהם איבערפיהרען אין דער אַלטער טורמע. אבי ער זאָל ניט זיין צוזאַמען מיט אונז. אָבער מיר האָבען מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט דאָרטען זיין, ווייט פון אונז, וועט מען איהם אודאי שלאָגען. דאַן האָבען מיר זיך בעראַטען און עס איז ביי אונז געבליבען, אַז איינער פון אונז זאָל זיך לאָזען פאַרשפּאַרען אין אַ קאַמער לעבען פּאָכיטאָ־נאָוו'ן אין דער אַלטער טורמע, און אכטונג געבען, אַז מען זאָל איהם ניט שלאָגען.

דער גורל איז געפאַלען אויף לוקאַשעוויטש'ן, פּאָכיטאָנאָוו'ס בעסטער פריינד, און די באַאַמטע פון דער טורמע האָבען גאָרניט געהאַט געגען דעם, און עס איז אַזוי געבליבען.

אין דער אַלטער טורמע האָט זיך די קראַנקהייט ביי פּאָכי־

טאַנאָוו׳ן נאָך מעהר אָנגטוויקעלט. בייטאָג און ביינאַכט האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט די שרעקליכסטע זאַכען און ער האָט געהאַלטען אין איין ריידען וועגען זעלבסטמאָרד. ער פלעגט שטענ־דיג תפילה טאָן צו גאָט און אין מיטען דערינען פלעגט ער ווערען שרעקליך ווילד און אָנהויבען שרייען און געוואַלדעווען מיט באַ־נומענע קולות. לוקאַשעוויטש׳ן פלעגט ער רק בעטען, אַז ער זאָל זיך לאָזען צושפּאַלטען דעם קאָפּ און אַרויסנעמען דעם מאַרך; פון היץ פלעגט ער דערצעהלען מעשיות, אַז גאָט אַליין האָט זיך צו איהם באַוויזען, אַז ער האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד און די גאולה פון דער וועלט איז שוין געקומען, און עס איז אַ גרויסע רציחה וואָס מען האַלט איהם דאָ אין אַזאַ גהינום אין דער צייט ווען ער וואָלט געקענט זיין אין אַ ליכטיגען גן־עדן. וואָס אַמאָל איז איהם געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער; ער האָט אויפגעהערט וויסען וואָס עס טוט זיך אַרום איהם און ווען ער האָט עפּעס געזאָגט, האָט זיך ניט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

ער פלעגט זעהר אָפט ווערען אַזוי ווילד און אַזוינס דעראַר־בייטען, אַז לוקאַשעוויטש איז פּשוט געווען שטאַרקער פון אייזען וואָס ער האָט פון איהם אַריבערגעטראָגען. אויך דער דאָקטאָר און די זשאַנדאַרען האָבען שוין פון איהם ניט געקענט אויסהאַל־טען. ווייטער ליידען האָט מען שוין ניט געקענט און דער דאָק־טאָר בעזוראָדנאָוו האָט גע׳פּועל׳ט, אַז מען זאָל איהם אוועקפיהרען קיין פּעטערבורג אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיג־קראַנקע.

ווען לוקאַשעוויטש האָט פּאָכיטאָנאָוו׳ן אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מען פיהרט איהם אַרויס פון דער שליסעלבורגער פעס־טונג, האָט ער דאָס ניט אינגאַנצען פאַרשטאַנען. ער האָט גאָר גע־מיינט, אַז מען שיקט איהם נעמען די הונדערטע און טויזענדע מי־ליאָנען, וואָס באָמבלען זיך איהם אין קאָפּ, אָדער מען לאָזט איהם אַריין אין דעם גן־עדן, וועגען וועלכען ער טרוימט.

דאָס האָט איהם געמאַכט פרעהלאַך און ער איז געוואָרען אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט זיך געהייסען דערלאַנגען אַ גרויסע שאַרפע האַק; מיט דער האַק וועט ער אַלעמען צושפּאַל־טען די מחות און דאַן וועט די גאַנצע וועלט אויסגעלעזט ווערען.

דעם פינפטען פעברואַרי, 1896, האָט מען פון די אוי־בערשטע פענסטער פון דער נייער טורמע געזעהן, ווי לעבען דאָק־

טאר׳ס וואהנונג שטעהט א פוהרעל. באלד האבען שוין אלע געוואוסט, אז מען פיהרט פּאָביטאָנאָוו׳ן אוועק פון אונז. באַגלייט האָט איהם דאקטאר בעזראָדנאָוו, וועלכער האָט זיך שטענדיג באצויגען פריינדליך צו אונזערע פארשפּארטע חברים. אָן איבערגעטאָנענער זשאנדאר איז אויך מיטגעפאָהרען.

צוועלף יאָהר איז פּאָביטאָנאָוו געווען פארשפּארט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. ווען מען האָט איהם געבראכט איז ער געווען א שעהנער, א יונגער און זעהר א קלוגער מענש, מיט א לעבעדיגען, פייערדיגען טעמפּערמענט. און איצט האָט מען איהם פון אונז אוועקגעפיהרט און מען האָט אונז צוגעזאָגט, אז מען וועט איהם וויזען זיינע עלטערען און זיינע פריינד.

אָבער אין וואָס פאר א געשטאלט וועט מען איהם וויזען!

ער איז שוין ניט געווען דער פּאָביטאָנאָוו וואָס פריהער. א צובראָכענער מענש, געריהרט פון זינען, אָהן געדאנקען און אָהן געפיהלען.

אין פּעטערבורג האָט מען איהם אוועקגעלעגט אין דעם ניקאָלאיעווסקען מיליטערישען שפּיטאָל, אין דער אָפּטיילונג פאר גייסטיג קראנקע.

אָבער ער איז דאָרטען לאנג ניט געווען. דעם 4טען אַפּריל, אינ׳ם יאָהר 1897, איז ער געשטאָרבען. און עס איז נאָך גוט וואָס די לעצטע טעג פון זיין לעבען זיינען פארדעקט מיט א פאָרהאנג פאר די מענשען, וואָס האָבען איהם ליב געהאט. פאר די חברים, וועלכע האָבען צוזאמען מיט איהם געקעמפּט פאר דער באפרייאונג פון רוסלאנד.

# דרייצענטער קאפיטעל.

## איניגע ווערען באפרייט.



ון דאנען געהט מען ניט ארוים, פון דאנען טראָגט מען ארוים". — אזוי האָט אמאָל געזאָגט איינער א הויכער רעגירונגס-בעאמטער, וועלכער האָט באזוכט די שליסעלבורגער פעסטונג. און ווירקליך, א סך חברים אונזערע זיינען פון דער שליסעלבורגער פעס־טונג ניט ארויסגעגאנגען, נאָר מען האָט זיי פון דאָר־טען ארויסגעטראָגען, אָבער איינינע זיינען דאָך ארויסגעגאנגען, ווייל אין טורמע ביי אונז זיינען געווען ניט נאָר אזעלכע, וואָס זיינען פאר'משפט געוואָרען אייביג אפצושמאכטען זייערע יאָהרען אין לעבעדיגען קבר, נאָר אויך אזעלכע, וואָס זיינען פאר'משפט געוואָרען אויף א באשטימטער צייט.

דער ערשטער, וועלכער איז ניט אויסגעזעסען די גאנצע צייט און איז ארוים פריי, איז געווען דער פלאָטען-אָפיצער יוּאוואטשאָוו, וועלכער איז געשטעלט געוואָרען צום געריכט צוזאמען מיט מיר. אריינגענומען אין דער באוועגונג האָט איהם דער פּאָלקאָווניק אשענברענער; ער איז געוואָרען א מיטגליעד אין דער מיליטערי־שער אָרגאניזאציע פון דער פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא" און האָט געארבייט אין דער ניקאָלאיעווער גרופּע, וועלכע האָט אָנגעפיהרט א שטארקע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאגאנדע צווישען די אָפיצערען און מאטראָזען פון דער פלאָטע.

אין געריכט האָט יואוואטשאָוו קיין באזונדער שטארקען איינ־דרוק ניט געמאכט; ער האָט אליין גע'טענה'ט, אז ער האָט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג גאָר ניט צו טאָן, דאָך האָט מען איהם פונקט ווי די אנדערע אָפיצערען פאר'משפט צום טויט, און נאָכ־דעם ווי מען האָט זיך געווענדעט מיט א בקשה צום קיסר, האָט מען איהם באגנאדיגט און אָנשטאָט טויט-שטראָף האָט מען איהם פאר־שיקט אויף פופצעהן יאָהר קאטאָרגע.

באלד נאָכדעם ווי מען האָט איהם געבראכט אין דער שליסעל־

בורגער פעסטונג, האָט ער אָנגעהויבען ארויסווייזען א נייגונג צו רעליגיעזער משוגעת, און אזוי ווי די בעאמטע פון דער טורמע, האָבען זיך שטארק געזאָרגט פאר אונזערע נשמות און האָבען אונז געגעבען יעדען איינעם אַן עוואנגליע, האָט יואוואטשאָוו געהאט אַן ארבייט גאנצע טעג צו שטעהן אויף די קני און תפילה טאָן צו גאָט, און חוץ דעם האָט ער נאָך געפאסט תעניתים אויך.

אין מאָנאט יאנואר, אין יאָהר 1885, נאָך דער געשיכטע מיט דעם רעוואָלוציאָנער מישקין, האָט ארזשעווסקי, דער רוסישער מיניסטער פון אינערליכע אנגעלעגענהייטען, געמאכט א באזוך ביי אונז אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. ווען ער איז געקומען, האָט ער געטראָפען יואוואטשאָוו'ן שטעהן אויף די קני, מיט אַן עוואנגע־ליום אין דער האנד. ער האָט זיך שטארק פארוואונדערט און גע־שטעלט אזא פראגע:

— אפשר ווילט איהר גאָר, מען זאָל אייך איבערפיהרען אין א מאָנאסטיר?

— איך בין דאָס ניט ווערט. — האָט יואוואטשאָוו געענט־פערט.

אין פארלויף פון איין יאָהר צייט האָט ער זיינע פּאָליטישע איבערציינגונגען אינגאנצען געביטען. ער איז געוואָרען אויס רע־וואָלוציאָנער, אויס טעראָריסט, אויס קעמפער און אָנגעהויבען האלטען פון'ם כלל, אז א מענש טאָר זיך ניט שטעלען אנטקעגען און דארף מקבל זיין באהבה אלעס וואָס עס פאסירט מיט איהם.

נאָכדעם ווי בוצעוויטש, מיט וועלכען מאָראָזאָוו פלעגט שפּאַ־צירען צוזאמען, איז געשטאָרבען, האָט מען גענומען יואוואטשאָוו'ן און מען האָט איהם צונויפגעפּאָרט מיט מאָראָזאָוו'ן, זיי זאָלעןביידע שפּאצירען צוזאמען. דאן האָט יואָוואטשאָוו געפרעגט ביי מאָראָזאָוו'ן, צי עס איז ניט זיין פליכט צו לאָזען וויסען דער רע־גירונג וועגען א פּלאַן, וואו מען קאָן זעהר לייכט מאכען א פאר־זוך צו דער'הרג'ענען דעם קיסר, אלעקסאנדער דעם דריטען. זיין מיינונג איז געווען, אז אזוי ווי ער איז שוין איצט אַן אנדערער און זיינע פּאָליטישע איבערציינגונגען זיינען שוין ניט די זעלבע וואָס פריהער, איז זיין פליכט צו ווארנען די רעגירונג באצייטענס וועגען א געפאהר וואָס קאָן קומען.

יואוואטשאָוו'ס פאָטער האָט געדיענט אין דעם אנימשקאָווער פּאלאַץ, דאָרטען האָט ער טאקי געוואוינט, און פון פענסטער האָט

מען זעהר לייכט געקאָנט ווארפען א באָמבע אויפ'ן קיסר פונקט דאַן ווען ער פאָהרט ארויס פון דאָרטען; און אָט דאָס פענסטער האָט יואוואטשאָוו'ן ניט געלאָזט רוהען און ער האָט זיך אלץ גע־ארומגעטראָגען מיט'ן געדאנק, אז עס איז זיין פליכט צו מעלדען וועגען דעם דער רעגירונג.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז מאַראָזאָוו האָט איהם פארזאָגט, אז ער זאָל זיך ניט דערוועגען דאָס צו טאָן.

די באַאמטע פון דער טורמע האָבן פון יואוואטשאָוו'ן גאָר אָנגעקוואָלען; עס איז זיי שטארק געפעלען וואָס ער איז אזוי פרום, ניט ווי די אַנדערע ארעסטאַנטען, וועלכע האָבען ניט קיין „גאָט אין הארצען"; און דערפאר טאַקי האָבען זיי זיך אזוי געפרעהט ווען מען האָט יואוואטשאָוו'ן באפרייט פון דער שליסעלבורגער פעס־טונג, נאָכדעם ווי מען האָט איהם דאָרטען געהאלטען ניט מעהר ווי קנאפע צוויי יאָהר. דאָס איז געווען אין יאהר 1886.

מיט א צייט שפעטער האָבען אונז די זשאַנדארען דערצעהלט א מעשה, אז ווען יואוואטשאָוו איז נאָך געווען פארשפּארט אין דער פעטערבורגער טורמע, איז צו איהם געקומען מיט א וויזיט די קיסרינע מאריא פיאָדאָראָוונא און האָט מיט איהם געהאַט א גע־שפּרעך. עס פארשטעהט זיך, אז דאָס איז געווען א בבא־מעשה; מען האָט גלאַט געפלוידערט אין דער וועלט אריין, און דיזעלבע מעשה האָט מען אַלע מאָל דערצעהלט אַנדערש, און עס איז אויס־געקומען, אז ניט נאָר די קיסרינע, נאָר אויך די פרייליין נארישקינא, די פירסטין דאָנדוקאָווא־קאָרסאקאָווא און אנדערע הויף־דאמען און אַלע צוזאמען האָבען געארבייט מעשים איהם ארויפצופיהרען אויפ'ן גלייכען וועג, ער זאָל ווערען אויס רעוואָלוציאָנער.

יואוואטשאָוו'ן האָט מען דערנאָך פארשיקט אויפ'ן אינזעל סאכאלין. די דאָרטיגע אדמיניסטראציע האָט זיך באנוצט מיט זיינע קענטעניס אַלס פלאָטען־אָפיצער, און אדאנק דעם האָט ער געהאַט די מעגליכקייט צו באָאבאכטען און שטודירען דאָס לעבען פון די פארשיקטע און די באציהונגען פון די בעאמטע צו די אומ־גליקליכע מענשען, ביי וועמען מען האָט צוגענומען אַלע רעכט.

איינמאָל — דאָס איז געווען אונגעפעהר אין די נייינציגער יאָהרען — האָט דער קאָמענדאנט גאנגארד אונז געבראכט איינ־בינדען דעם זשורנאַל „היסטאָריטשעסקי וועסטניק", און דאָרטען האָבען מיר געפונען א רייהע ארטיקלען, אונטער וועלכע עס איז

געווען אונטערגעשריעבען איינער מיט'ן נאָמען מיראליובאָוו, און אזוי שנעל ווי מיר האָבען די ארטיקלען איבערגעלייענט, האָבען מיר גלייך דערקאָנט אז דאָס איז ניט קיין אנדערער ווי יואוואט־שאָוו. די ארטיקלען זיינען געווען זעהר גוט אָנגעשריבען און אין זיי האָט דער מחבר געשילדערט אין וואָס פאר א שרעקליכע אומ־שטענדען עס לעבען די פארשיקטע אויפ'ן אינזעל סאכאלין.

ווען לודמילא אלעקסאנדראָוונא וואָלקענשטיין איז געווען פארשיקט אויפ'ן אינזעל סאכאלין, האָט זי אויך קיין מאָל ניט געוואָלט געבען די האנד די מענשען, וועלכע האָבען אזוי געפּלאָגט און געמוטשעט די פארשיקטע. יואוואטשאָוו האָט אָבער ניט געהאט אזוי פיעל מוט און ווען איינער פון די בעאַמטע האָט איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף מיטאג, האָט ער די איינלאַדונג אָנגע־נומען. פונקט דאן ווען מען איז געזעסען ביים טיש האָט מען אין דרויסען געשמיסען די ארעסטאַנטען. עס כאַפּט אָן א שרעק ווען מען לייענט דאָס. דער אמת פאָדערט אָבער צוצוגעבען, אז מירא־ליובאָוו (יואוואטשאָוו) האָט ניט געקאָנט עסען, הערענדיג די באַ־נומענע קולות פון דעם געשמיסענעם ארעסטאַנט.

ווען יואוואטשאָוו האָט זיך פון אינזעל סאכאלין אומגעקעהרט צוריק קיין רוסלאנד איז ער געוואָרען א מיטגליעד פון דעם אָפּי־ציעלען טורמע־קאָמיטעט אין פעטערבורג און חוץ דעם איז ער געווען דער הויפּט פון דעם „געצעלט פון דער הייליגער מאגדאלינא" וואָס האָט ארויפגעפיהרט אויפ'ן דרך הישר געזונקענע פרויען.

דער צווייטער ארויסצוגעהן פון דער שליסעלבורגער פעסטונג איז געווען וואסילי אַנדרעיעוויטש קאראאולאָוו, וועלכער איז אין 1884טען יאָהר אין קיעוו פאר'משפּט געוואָרען אויף פיער יאָהר קאַטאָרגע. אליין איז ער געווען א מיטגליעד פון יענעם קאָמיטעט, וועלכער איז אין 1883 געגרינדעט געוואָרען אין פאריז. די הויפּט גרינדער זיינען געווען לעוו טיכאָמיראָוו און די אשאנינא. חוץ קאראאולאָוו'ן זיינען אין דעם קאָמיטעט אריין: לאָפּאַטין, די סאָ־לאָווא, סערגעי איוואנאָוו און סוכאָמלין, וועלכער איז גראדע דאן געווען אין אויסלאנד. ווען זיי זיינען אלע געקומען צוריק קיין רוסלאנד, איז צו זיי צוגעשטאנען יאקובאָוויטש־מעלשין, אָבער עס האָט לאנג ניט געדויערט און אין פארלויף פון א קנאַפּען יאָהר צייט האָט מען זיי איינציגווייז ארעסטירט און זייער פּאָליטישע טהעַ־טיגקייט איז אין גאנצען איבערגעריסען געוואָרען. דאָס איז געווען

איינע פון די ניט געלונגענע פּראָבעס צו שאַפן אַ נייע צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם צוקלאַפּטען „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", וואָס האָט געכאַפּט איין קלאַפּ שטאַרקער פון'ם אַנדערען איבער די מסירות פון דעם פאַררעטער סערגעי דעגאַיעוו.

פאַר'משפּט קאַראַאולאָוו'ן האָט מען אין מאָנאַט נאָוועמבער און מיט אַ חודש שפּעטער האָט מען איהם, צוזאַמען מיט נאָך איינינע רעוואָלוציאָנערען, געבראַכט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. די אַנדערע רעוואָלוציאָנערען זיינען געווען: שעבאַלין, מאַרטינאָוו און פּאַנקראַטאָוו. די לעצטע צוויי זיינען געווען אַרבייטער.

נאָך אין 1881, ווען איך בין נאָך געווען אַ פרייער מענש, האָב איך זיך מיט קאַראַאולאָוון אַ פּאָר מאָל געטראָפען אין פּע־טערבורג. ער איז געווען אַ הויכגעוואַקסיגער יונגערמאַן, מיט צוויי ברייטע פּלייצעס — אַ ריעז, און דערצו נאָך זעהר אַ שעה־נער און זעהר אַ לעבעדיגער.

פונדעסטוועגען האָט ער די פיער יאָהר אין טורמע געהאַלטען אין איין קרענקען; עס איז געגאַנגען בלוט פונ'ם האַלז און עט־ליכע מאָל איז ער שיער ניט געשטאָרבען.

אין טורמע האָט ער זיך אויפגעפיהרט זעהר שטיל און עס איז איהם קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו האָבען אַ צוזאַמענשטויס מיט די בעאַמטע. אייניגע חברים אונזערע האָבען דערצעהלט, אַז ווען ער פלעגט אַמאָל ריידען מיט'ן אויפזעהער, פלעגט ער איהם רופען „אייער עקסעלענץ". אָבער איך וויים ניט צי דאָס איז אמת. איך גלויב דאָס ניט.

נאָכדעם ווי מען האָט באַפרייט יוּוואַטשאָוו'ן האָט מען מאַראָזאָוו'ן צונויפגעפּאָרעט מיט קאַראַאולאָוו'ן, זיי זאָלען שפּאַ־צירען צוזאַמען. עס האָט קיין סך ניט געדויערט און זיי זיינען ביידע שטאַרק באַפריינדעט געוואָרען. איינע פון די לידער וואָס מאַראָזאָוו האָט אָנגעשריבען האָט ער געווידמעט קאַראַאולאָוו'ן.

אין יאָהר 1888, איידער מען האָט קאַראַאולאָוו'ן באַפרייט, האָבען מיר איהם פאַרוואָרפען מיט בקשות, ער זאָל איבערגעבען גערוסען אונזערע קרובים און פריינד. איך האָב מיט איהם איינ־גע'חזר'ט מיין ליעד „צו דער מאַמען" און ער האָט מיר צוגעזאָגט,

אז ער וועט עס געדענקען אויף אויסענווייניג און ווען ער וועט זיין פריי, וועט ער עס איבערשיקען מיט דער פאסט.

ליידער אבער האט ער קיין איינע פון די בקשות ניט דורכגעפיהרט, כאטש ער האט געוואוינט אין אזא גרויסער שטאדט ווי קראסנאיארסק און זיין פרוי, וועלכע האט געארבייט אלס א דאקטארשע אין א שפיטאל, איז געווען אונזערע א גוטע באקאנטע. מיר האבען זיך שטארק געוואונדערט און דאריבער האבען מיר זיך אליין איינגערעדט, אז ס'קאן זעהר זיין, אז איידער מען האט קאראאולאוו'ן באפרייט, האט מען איהם אנגעזאגט מיט'ן הארבען ווארט, אז אויב ער וועט אימיצען עפעס דערצעהלען וועגען אונז, וועט מען איהם צוריק אריינזעצען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. מיט עטליכע יאהר שפעטער האט ער דאס אפגעלייקענט אין די צייטונגען; ער האט געשריבען, אז ווען מען האט איהם באפרייט, האט מען איהם מיט קיין זאך ניט געסטראשעט.

אין טורמע האט ער זיינע פאליטישע איבערצייגונגען געביטען, און ווען עס זיינען פארגעקומען די וואהלען צו דער ערשטער דומא, איז ער שוין געווען א קאנדידאט פון דער „קאדעטישער" (קאנסטיטוציאנעל דעמאקראטישער) פארטיי; ער האט שוין מעהר ניט געפאדערט קיין אלגעמיינע וואהל־רעכט און עס איז ביי איהם אויסגעקומען, אז דאס רוסישע פאלק איז נאך ניט דערוואקסען צו אזא רעכט; ער האט אויך געביטען זיין מיינונג אין דער פראגע וועגען געבען ערד די פויערים. קורץ — ער איז געווארען א מעסיגער ליבעראל.

אין דער דומא האט זיך קאראאולאוו אנגעזעהן און די מעהרסטע דעפוטאטען האבען פאר איהם גרוים דרך ארץ געהאט. אלע מאל, ווען עס איז אויפגעהויבען געווארען די פראגע וועגען די אונטערדריקטע פעלקער אין רוסלאנד, איז ער ארוים מיט א שטארקער פארטיידיגונגס רעדע, און ווען די שווארץ־מאה'דיגע דעפוטאטען האבען איהם גערופען „קאטארזשניק", האט ער שטאלץ געענטפערט, אז ער געהמט זיך איבער דערמיט.

„אין דעם וואס איהר האלט דא אפ זיצונגען איז פון מיין בלוט אויך פאראן א טראפען!" — האט ער אויסגעשריען צו די שווארץ־מאה'דיגע דעפוטאטען. און דאס איז געווען אמת. ער

האָט אין דעם קאמף אוועקגעגעבען ניט נאָר איין טראָפּען, נאָר א סך טראָפּענס בלוט.

כאָטש ער איז געווען אזא ריעז, איז ער פון שליסעלבורגער פעסטונג ארויס בלאס ווי דער טויט. עס איז געווען א שרעק א קוק צו טאָן אויף איהם.

אין סיביר האָט זיך זיין געזונט פארבעסערט, און געשטאָרבען איז ער אין יאָהר 1907. די „סטאַראָאָבריאַדצעס" אין רוסלאנד זיינען איהם געווען זעהר דאנקבאר דערפאר, וואָס ער האָט ביי יעדער געלעגענהייט פארטיידיגט די פרייהייט פון גלויבען, און זיי האָבען אויף זיין קבר אוועקגעשטעלט א קופערנע שילד מיט א פאסיגען אויפשריפט, אָבער די רעגירונג האָט ארויסגעגעבען א באפעהל, אז מען זאָל די שילד אראָפּנעמען און זי איבערקערען אויף דער אנדערער זייט, און איך ווייס ניט צו מען האָט זיך געכאפּט נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 צו נעמען די שילד און זי אוועקשטעלען ווי עס באדארף צו זיין. א מענש האָט זיין לעבען אוועקגעגעבען פאר דער פרייהייט, זאָל עפּעס זיין וועגען דעם אויף זיין קבר.

נאָכ'ן יאָהר 1888 איז געקומען א שטילשטאנד; מען האָט קיינעם ניט געבראכט אין שליסעלבורגער פעסטונג און קיינעם ניט ארויסגעפיהרט פון דאָרטען. אין 1899 האָט מען געדארפט ארויסלאָזען פריי לאגאָווסקי'ן, אָבער מען האָט איהם ניט ארויסגעלאָזט.

דער שיקזאל פון לאגאָווסקי'ן איז געווען זעהר א טרויעריגער. אין דער צייט ווען אונז אלע האָט מען געשטעלט צום געריכט און מען האָט אונז פאר'משפּט — ווען מען אויף אייביג, און ווען מען אויף עטליכע יאָהר אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט מען לאגאָווסקי'ן גלאט אזוי, אָהן א דין און אָהן א משפּט, פארשפּארט אין דעם לעבעדיגען קבר; דער מיניסטער פון אינלענדישע אנגעלעגענהייטען האָט ארויסגעגעבען א באפעהל, מען זאָל איהם דאָרטען פארשפּארען אויף פינף יאָהר צייט, און דער באפעהל איז דורכגעפיהרט געוואָרען.

אליין איז לאגאָווסקי געווען אן אָפיצער אין דער אינפאנטעריע. אינ'ם יאָהר 1893 האָט מען איהם פארשיקט אין טאָמסקער גובערניע. פון דאָרטען איז ער אנטלאָפען, זיך אָנגעשלאָסען אן דער פארטיי „נאראָדנאיא וואָליא"; און אין מאָנאט מערץ,

1884, האָט מען איהם אין פּעטערבורג ארעסטירט אין מיטען גאַס. ביי איהם אין קעשענע האָט מען געפונען א רעצעפּט פון א נייעם אויפרייס־מאַטעריאַל, און דאָס איז געווען גענוג, אז מען זאָל איהם אין 1885 פאַרשפּאַרען אין שליסעלבורגער פעסטונג.*)



לאַגאָווסקי

אין וואוקס איז לאָגאָווסקי געוועזן א קליינינקער; מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן האָט ער קיין באַזונדער שטאַרקען איינ־דרוק ניט געמאַכט; קיין גוואַלדיגער רעדנער איז ער ניט געוועזן, באַצויבערען מענשען מיט זיינע רייד האָט ער ניט געקענט; און עס איז פּשוט ניט צו פאַרשטעהן, פאַרוואָס די רעגירונג האָט אַזוי שווער באַשטראָפט א מענשען, וועלכען מען האָט בשום אופן ניט געקענט באַטראַכטען אַלס זעהר א געפעהרליכען.

מען קען אָבער דאָך ניט זאָגען, אַז לאָגאָווסקי איז אינגאַנצען געוועזן א מענש אָהן מעלות. כאָטש ער איז געוועזן א מענש, וואָס ווארפט זיך ניט אין די אויגען, האָט ער דאָך געהאַט געוויסע פעהיגקייטען; און ווען מען האָט אונז, אין 1887, געגעבען פּאַפּיר

*) זעה וועגען לאַגאָווסקי'ן אין מיין בוך „די פאַרשפּאַרטע אין שלי־סעלבורג" (רוסיש). — וו. פ.

צו שרייבען, האָט לאָגאָוסקי אַרויסגעוויזען טאַלאַנט אין שרייבען לידער.

די ערשטע צוויי יאָהר האָט ער זיך אין טורמע אויפגעפיהרט שטיל און איינגעהאַלטען — אַזוי, אַז מען האָט איהם כמעט ניט באַמערקט. אָבער אין 1887, אָסיען צייט, האָט ער זיך ביים אויפזעהער, סאָקאָלאָוו, פאַרזינדיגט דערמיט, וואָס ער האָט גע־קלאַפּט אָן דער וואַנט, און מען האָט איהם דערפאַר פאַרשפּאַרט אין דער אַלטער טורמע. דאָס איז געווען פּונקט דאַן, ווען גראַ־טשעווסקי האָט זיך אַליין לעבעדיגערהייט פאַרברענט.

דערנאָך איז שוין אַוועק אַ גאַנג. ער האָט זיך געהאַלטען אין איין אַרומרייסען מיט דעם נייעם אויפזעהער, פּיאָדאָראָוו, און אַלעמאָל איבער קלייניגקייטען.

זיין קאַמער איז געווען אין אונטערשטען שטאָק, און דאָס פענסטער איז אַרויסגעגאַנגען צו די גערטענדלאַך, וואָס מיר האָבען אַליין פאַרפלאַנצט; האָט ער זיך געמאַכט אַ טבע אַרויפצו־שפּרינגען אויפ'ן פענסטער און עפענען דאָס פאָרטקעלע, כדי ער זאָל קענען זעהן די חברים, וועלכע שפּאַצירען צוזאַמען. דאָס האָט געהייסען אַ „גרויסער פאַרברעכען", ווייל אין יענער צייט איז די דיסציפּלין אין שליסעלבורגער פעסטונג נאָך געווען זעהר שטרענג; מען האָט אונז געהאַלטען אָפּגעזונדערט איינעם פון אַנדערען, און געזעהן האָבען זיך בלויז די מענשען, וועלכע האָבען געשפּאַצירט פאָרוויז. וויפיל מען האָט איהם ניט געבעטען, אַז ער זאָל דאָס ניט טאָן, האָט עס ניט געהאָלפען. ער האָט אַלץ גע־עפענט דאָס פאָרטקעלע. דערפאַר האָט מען איהם ניט איינמאָל פאַרשפּאַרט אין קאַרצער, איהם אָנגעטאָן אַ העמד מיט צוויי לאַנגע אַרבעל, וואָס פאַרציהען די הענט אויפ'ן רוקען; און איינ־מאָל האָט מען איהם גאָר געבונדען הענט און פיס און מען האָט איהם אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך דאָס גאַנצע פּנים צוקלאַפּט, און עס האָט זיך איהם געלאָזט דאָס בלוט.

אָבער אָט די אַלע זאַכען האָבען ניט געהאָלפען. ער האָט זיך געטאָן זיינס. אַלע מאָל האָט ער זיך פאַרטשעפּעט מיט'ן אויפ־זעהער איבער אָן אַנדער זאַך; און דערפאַר איז איהם יענער געוואָרען אַ דם־שונא און איז געווען גרייט איהם אין אַ לעפעל וואַסער צו דערטרינקען.

אזוי איז זיך די צייט געגאנגען פאמעליך, ביז עס איז ענד־ליך געקומען דער טאג, ווען מען האט לאגאווסקי'ן געדארפט בא־פרייען.

נים נאר לאגאווסקי, נאר מיר אלע האבען דעם טאג מויל און אויערען אויפגעשטעלט און מען האט אזוי געוואלט וויסען, צי מען וועט איהם טאקע באפרייען, צי ניין.

אין באשטימטען טאג און אין דער באשטימטער שטונדע איז צו לאגאווסקי'ן אין קאמער אריינגעקומען דער קאמענדאנט פון דער פעסטונג מיט א פאפיר אין האנט און איבערגעלייענט:

„דער מיניסטער פון אינערליכע אנגעלעגענהייטען באפעהלט, אז לאגאווסקי זאל אפזיצען אין שליסעלבורגער פעסטונג נאך פינף יאהר דערפאר, וואס ער האט זיך שלעכט אויפגעפיהרט."

עס זיינען אוועק די פינף יאהר אויך, און ער איז ענדליך ארויס.

ער האט געהאט א מוטער און א שוועסטער, וועלכע ער האט זעהר שטארק ליב געהאט. א לאנגע צייט האט ער זיי געזוכט און האט זיי נים געקענט געפינען, ווייל פאר די צעהן יאהר, וואס ער איז געווען פארשפארט אין טורמע, האט מען צו איהם קיין בריף פון זיי נים צוגעלאזט.

אין אנפאנג האט מען איהם פארשיקט אין דער שטאדט קאראקאל און דערנאך, אינ'ם יאהר 1898, האט ער זיך באזעצט אין סאראטאווער גובערניע און די לעצטע צייט האט ער גע־וואוינט אין דער שטאדט באלאשאוו.

דעם 29טען מאי, אינ'ם יאהר 1903, איז ער דערטרונקען געווארען, באדענדיג זיך אין דער כאפרע.

וואס עס איז געווארען מיט די לידער וואס ער האט געשרי־בען ווייס איך נים. אין דרוק האב איך געזעהן בלויז צוויי לידער זיינע: „די פאהן" און „וואס א טאג ווערט מיר אומעטי־גער". ביידע לידער זיינען געווען געדרוקט אין דעם זאמעל־בוך „פאד סוואדאמי" וואס מאראזאוו האט אין 1909 ארויסגעגעבען אין מאסקווא.

אין מאנאט דעצעמבער, אין דעם זעלבען יאהר וואס לא־גאווסקי איז ארויס פריי, האט זיך געענדיגט דער צעהן־יאהרי־גער טערמין פון אונזער גוטען און ליבען חבר אוואנעס מאנוטשא־

ראָוו, ווען מיר פלעגן רופען מיט דעם פאַרקירצטען נאָמען „מאַן“.

ווען מען האָט איהם אין כאַרקאָוו אַרעסטירט, האָט ער זיך געשטעלט אַנטקעגען מיט געוועהר אין האַנד, און דערמיט איז ער ניט אויסען געווען צו דער׳הרג׳ענען אַ פּאָליציישקען, נאָר כדי מיט דער שיסעריי צו וואַרנען די חברים וועגען דער באַלעגערונג וואָס די פּאָליציי קאָן מאַכען אַרום דער וואוינונג.

אין דער כאַרקאָווער טורמע האָט ער אַזוינס צואַרבייט ביז עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אַנטלויפען, אָבער מען האָט איהם געכאַפּט און נאָכ׳ן געריכט אין 1885 האָט מען איהם פאַרשיקט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

אליין איז ער געווען אַן אַרמענער, קיין גאָר גרויסע בילדונג האָט ער ניט געהאַט, אויסערליך האָט ער זיך אויך ניט באַזונדערס שטאַרק אויסגעצייכענט, דערפאַר אָבער איז ער געווען אַזאַ ליי־בענסווירדיגער און אַזאַ גוטהאַרציגער מענש, אַז עס איז פּשוט אַ זעלטענהייט. אַן אויפריכטיגער, אַ פיהלענדער; געהאַט גע־דולד אויסצוהערען און פאַרשטעהן יענעמס מיינונגען — אַ טייערער חבר. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלעם און מיט אַלע־מען, און ווען עס איז אימיצען געווען ביטער אויפ׳ן האַרצען איז די בעסטע זאַך געווען זיך אויסצורייידען פאַר איהם, ווייל מען האָט געפיהלט, ווי ער נעמט אַן אַנטייל אין יענעמ׳ס צרות.

אין די נײַנציגער יאָהרען האָט דער גוטער קאָמענדאַנט גאַנ־גאַרד איינגעפיהרט אַ נייעס ביי אונז — מיר זאָלען אויסקלייבען אַן עלטסטען, אַ מין „סטאַראַסטאַ“, וועלכער זאָל זיך פאַר אונז צונויפרייידען מיט די באַאַמטע פון דער פעסטונג און זאָל האָבען צו זאָגען איבער דער ביבליאָטעק, ווי אַזוי איינצוטיילען די בי־כער. חוץ דעם האָט ער, דער גוטער קאָמענדאַנט, אונז געגעבען דאָס רעכט אויסצוקלייבען אַ מענשען, וואָס זאָל אויסאַרבייטען אַ צעטעל וואָס מען זאָל קאָכען אין פאַרלויף פון דער וואָך און ווער מיט ווען עס זאָל געהן שפּאַצירען. און די דאָזיגע צוויי אַמטען, אַ „מעניו־מייסטער“ און אַ „פּראָמענאַדען־מייסטער“ האָבען מיר איבערגעגעבען מאַנוטשאַראָוו׳ן און ער האָט אין דעם גע־וויזען וואונדער.

די אַרבייט איז געווען ניט קיין גרינגע, ווייל עס איז פּשוט אונמעגליך געווען צוצוטרעפען יעדען איינעם, און צווישען די

אכט און צוואנציג מענשען וואס זיינען געווען פארשפארט אין פעסטונג, זיינען געווען 28 באזונדערע געשמאקען. האט איינער געוואלט בארשטש, האט דער אנדערער געשריען, אז ער וויל דוקא ניט קיין בארשטש; און מאנוטשאראוו האט געהאט אן ארבייט צוצוטרעפען אלעמען און יוצא זיין פאר יעדען איינעם.

ביים באשטימען ווער מיט ווען עס זאל שפאצירען, האט „מאן" געהאט נאך מעהר שוועריגקייטען; אז אויף איין ארט און אויף איין מענשען און אויף איין צייט, זיינען אלע מאל געווען דריי־פיער בעלנים. אבער אונזער „מאן" האט געארבייט מעשים און האט אויסגעדרעהט אזוי, אז אלע זאלען זיין צופרידען און קיינער זאל קיין טענות ניט האבען.

איך קען דא מיט זיכערקייט זאגען, אז קיינער וואלט דאס ניט געקענט טאן אזוי גוט און אזוי קונציג ווי „מאן". און א דאנק איהם, זיינען אויסגעמידען געווארען אומזיסטיגע קריגערייען און אלע זיינען געווען צופרידען.

מאנוטשאראוו האט אונז אלעמען אזוי ליב געהאט, ער איז צו אונז געווען אזוי צוגעבונדען, אז ווען עס איז געקומען די צייט און ער האט געדארפט ארויס פריי, האט ער פון דער שליסעל־בורגער פעסטונג ניט געוואלט ארויס; און ער וואלט טאקע די פעסטונג ניט געווען פארלאזט, ווען זשאנדארם וואלט איהם ניט גע־סטראשעט, אז אויב ער וועט ניט ארויס מיט גוטען, וועט ער איהם ארויספיהרען מיט בייזען; ער וועט פשוט נעמען באוואפענטע סאלדאטען און וועט איהם ארויספיהרען מיט געוואלד...

דערנאך האט מען איהם פארשיקט קיין סיביר און דארטען האט ער חתונה געהאט. אין 1901 איז ער געשטארבען פון א הארצ־שלאג, איבערלאזענדיג א קליין זוהנדעלע.

מיט א יאהר, אדער אפשר מיט צוויי — איך געדענק שוין ניט גענוי — נאכדעם, ווי מאנוטשאראוו איז ארויס פריי, האט דער קאמענדאנט זשאנדארם איינמאל געבראכט איינבינדען א יאהרגאנג זשורנאל „רוסקאיע באגאטסטווא" און דארטען האב איך — צו מיין גרויסער פרייד — געפונען געדרוקט מיין ליד, אין וועלכער איך האב זיך באקלאגט אויף מיין ביטער מזל און אויף דעם וויסטען לעבען אין טורמע.

איך האב איבערגעמישט א בלעטעל און האב דערזעהן נאך א ליד, אן ענטפער אויף מיינער. דער פארפאסער פון דער ליד

האָט מיך געטרייסט; אין גראַמען האָט ער אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז איך דאַרף ניט זיין אַזוי אומעטיג, אַזוי פאַרזאָרגט, ווייל דאָס רוסישע פאָלק געדענקט מיך; און איך זאָל ניט מיינען, אַז אַלע מיינע טרוימען זיינען אַוועק מיט'ן רויך; זיי וועלען מיט דער צייט פאַרווירקליכט ווערען; די נאַכט וועט אַוועק, און עס וועט קומען אַ שעהנער ליכטיגער פריהמאָרגען.

אונטער דער ליד, וואָס איז געווען אַן ענטפער אויף מיינער, איז געווען אונטערגעשריבען „מ“. און אויף דעם חשבון איז מיר איינגעפאַלען, אַז דאָס מוז זיין ניט קיין אַנדערער, ווי דער באַריהמ־טער רוסישער שרייבער מיכאַילאָווסקי, מיינער אַ גוטער פריינד *).

איך האָב זיך אַזוי דערפרעהט, ווען איך האָב דערזעהן מיין ליד געדרוקט, און נאָך מיט אַן ענטפער דערצו, אַז עס האָבען זיך מיר אַזש געשטעלט די טרערען אין די אויגען.

דורך די ווענט פון דער פעסטונג איז מיין שטימע אַרויס אויף דער פרייער וועלט און איז צוגעקומען צו מיינע פריינד; אין דעם „לעבעדיגען קבר“ האָט מען מיר אַריינגעשיקט ווערטער פון ליבע און טרייסט. און פאַר דעם אַלעם האָב איך צו פאַרדאַנקען ניט קיין אַנדערען, ווי דעם ליבען און טייערען „מאַן“.

---

*) אין 1918 האָט מיר טיוטשעוו געלאָזט וויסען, אַז דעם ענטפער אויף מיין טרויעריגער ליד האָט אָנגעשריבען ניט מיכאַילאָווסקי, נאָר ווערכאָיאַנעץ. מיכאַילאָווסקי האָט איהם געבעטען, ער זאָל דעם ענטפער אָנשרייבען.

# פערצענטער קאפיטעל.

## פינף חברים פארלאזען אונז.



[א]ינ'ם יאהר 1896 האט מען פון דער שליסעלבורגער פעסטונג באפרייט פינף חברים אונזערע מיט איין מאל.

צוויי יאהר, איידער מען האט די פינף חברים אונזערע באפרייט, איז ניקאלאי דער צווייטער געקרוינט געווארען אלס צאר. זיין פאטער איז געשטארבען מיט א נאטירליכען טויט, קיינער האט איהם ניט דער'הרג'עט, און אויף דעם חשבון איז אונז איינגעפאלען א געדאנק, אז דער נייער קיסר וועט אפשר געבען אמנעסטיע, און מיר וועלען ווידער האבען דאס פארגעניגען צו דערזעהן די ליכטיגע וועלט.

און ניט נאר מיר האבען אזוי געדענקט, אויך די באאמטע פון דער שליסעלבורגער פעסטונג האבען געמיינט, אז מען וועט אונז אלעמען ארויסלאזען פריי, און זיי וועלען אינגאנצען פטור ווערען פון אונז.

פיאדאראוו, דער אויפזעהער, האט אונז שוין באגריסט מיט דער באפרייאונג, וואס שטעהט אונז פאר. און ווען ער האט מיך איינמאל דערזעהן א פארזארגטע, האט ער מיט א שמייכעל געזאגט: „ווארט, ווארט, באלד וועט איהר לעבען, ווי א פריצה", און לויט זיין מיינונג, איז אויסגעקומען, אז דאס בעסטע אין דער וועלט איז — צו לעבען, ווי א פריצה.

מען איז געוועזען אזוי זיכער, אז מען וועט אונז באפרייען, אז דער אפיצער פאכאלאוויטש, וועלכער האט געהאט די אויפזיכט איבער די ווערקשטאטען, וואו מיר האבען געארבייט, האט שוין אפילו ניט געפונען פאר נויטיג צו פארשליסען די טירען; און מיר האבען געקענט ארויסגעהן פון דארטען ווען מיר האבען געוואלט. און איך געדענק נאך, פונקט אזוי ווי היינט, ווי אונזערע חברים, די מאנסבילען, האבען איינמאל אין דער גרויסער סטאליארנע

אַרומגערינגעלט מיך און די וואָלקענשטיין, און שעבאַלין איז מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי פרעהליך, אַז ער האָט אונז ביידען געגעבען אַ כאַפּ פאַר די טאַליעס און זיך געשטעלט טאַנצען מיט אונז אַ וואַלס — פריהער מיט דער וואָלקענשטיין און דערנאָך מיט מיר.

דאָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען, און דער קאָמענדאַנט גאַנגאַרד, וועלכער האָט בעסער פאַר אַלעמען געוואוסט, וואָס הינ־טער די קוליסען טוט זיך, האָט אונז געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז מיר דאַרפען זיך ניט איינריידען קיין פויגעלאַך אין בוזים, ווייל ס'האַלט נאָך ניט דערביי, אַז מען זאָל אונז באַפרייען; דאַן איז אונזער שטימונג ווידער געוואָרען אַ געדריקטע; מיר האָבען שוין מעהר ניט געהאָפט, אַז מען זאָל אונז באַפרייען.

אַזוי איז אַוועק אַ שטיק צייט. און אין מאָנאַט מאַי, 1896, האָט אונז דער מיניסטער גאָרעמיקין מזכה געווען מיט אַ וויזיט. אויף דעם חשבון האָבען מיר ווידער אָנגעהויבען האָפען, אַז מען וועט אונז באַפרייען, אָבער אויך די האָפנונג איז שנעל פאַרשוואונ־דען געוואָרען.

ערשט אין מאָנאַט אָקטאָבער פון דעם זעלבען יאָהר, ווען מיר זיינען אַלע געווען אין די ווערקשטאַטען פון דער טורמע, איז פּלוצלונג אַריינגעקומען דער וואַכמייסטער און האָט אַרויסגערופען לודמילאַ וואָלקענשטיין און נאָך עטליכע חברים אונזערע. דער קאָמענדאַנט דאַרף זיי זעהן, האָט דער וואַכמייסטער געזאָגט. אין אָנפאַנג האָבען מיר זיך דערשראָקען, ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, אָבער מיט אַ פּאָר מינוטען שפּעטער האָבען מיר זיך באַרוהיגט; די חברים האָבען זיך אומגעקערט צוריק און האָבען דערצעהלט, אַז דער קאָמענדאַנט האָט זיי אָנגעזאָגט אַ בשורה: עס איז אַרויס אַ מאַניפעסט, אין וועלכען עס ווערט געזאָגט, אַז די אייביגע קאַטאָרגע פאַר איוואַנאָוו'ן, אַשענברענער'ן, סטאַראָ־דיוואָרסקי'ן און פּאָליוואַנאָוו'ען ווערען פאַרביטען אויף צוואַנציג יאָהר, און דער טערמין פון פּאַנקראַטאָוו'ן, סוראָווצעוו'ן, יאַנאָ־וויטש'ן און לודמילאַ וואָלקענשטיין ווערט פאַרקירצט אויף אַ דריטעל, אַזוי, אַז לויט דעם מאַניפעסט, קומט אויס, אַז לודמילאַ וואָלקענשטיין, סוראָווצעוו און יאַנאָוויטש דאַרפען גלייך פאַרלאָ־זען די שליסעלבורגער פעסטונג.

איבער דעם, וואָס אייניגע פון אונז זיינען באַפרייט געוואָ־

רען און די אַנדערע ניט, האָט קיינער פון אונז ניט געקענט זיין פרעהליך.

מעהר פון אַלע האָט זיך געערגערט לודמילאַ וואָלקענשטיין. זי איז ניט געווען צופרידען דערפון, וואָס זי געהט אַרויס פריי אין דער צייט, וואָס מיר בלייבען אין טורמע; און ווען מיר האָבען זי גראַטולירט דערמיט, וואָס זי ווערט פּטור פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט זי דאָס גאָרניט געוואָלט הערען. דאָך האָט מען זיך אָנגעהויבען גרייטען צו דער באַפרייאונג.

שווער איז געווען דער וואָלקענשטיין זיך צו שיידען מיט אונז, נאָכדעם ווי מיר זיינען געווען צוזאַמען אַזוי פיל יאָהרען און צוזאַמען אַזוי פיל צרות אַריבערגעטראָגען. זי האָט אונז אַלעמען ליב געהאַט און זי האָט געוואוסט, אַז עס וועט אונז זיין זעהר שווער אויסצוקומען אָהן איהר.

פאַר'ן אַוועקפאָהרען האָט זי מיט מיר געהאַלטען אין איין ריידען וועגען די חברים, וועלכע בלייבען איבער אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. זיי זיינען איהר אַלע געווען איינגעבאַקען אין האַרצען.

דעם 23טען נאָוועמבער האָט זי געדאַרפט אַרויס פון שליסעלבורג צוזאַמען מיט די חברים מאַרטינאָוו, שעבאַלין, יאַנאָוויטש און סוראָוועצוו.

די לעצטע שטונדע איידער מען האָט די וואָלקענשטיין אַרויסגעלאָזט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט זי פאַרבראַכט ביי מיר אין קאַמער. די גאַנצע צייט האָט זי געהאַלטען אין איין וויינען, און איך האָב זי אַלץ באַרוהיגט; און איך געדענק נאָך די לעצטע ווערטער איהרע ביים געזעגענען זיך:

„אין שליסעלבורגער פעסטונג — האָט זי געזאָגט — לאָז איך איבער די בעסטע מענשען, וואָס איך האָב געקענט אין מיין לעבען.“

איינס אַזייגער ביי טאָג האָט מען די באַפרייטע, איינעם נאָכ'ן אַנדערען, אַרויסגעפיהרט פון די קאַמערען, און דערנאָך — פון דער טורמע. ביים אַרויסגעהן פון דער פעסטונג, האָבען זיי זיך אַלע אויסגעשטעלט אין הויף און שטיל, אָהן ווערטער, האָבען זיי מיט פאַרבענקטע אויגען געקוקט אויף אונז; און מיר, די פאַרשפּאַרטע אין די „לעבעדיגע קברים“, האָבען דורך די פענסטער געקוקט, ווי זיי געהען אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער.

אלעמאל האט זיך אן אנדערער פון זיי אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צו אונז און זיך געגזעגנט. די מאנסבילען האבען אראפ־גענומען די היטלען און געמאכט מיט זיי אין דער לופטען, און לודמילא האט זיך עטליכע מאל אפגעשטעלט און מיט א פא־טשיילעכעל, פון דער ווייטענס, זיך געזעגענט מיט אונז.

מיט פארבענקטע בליקען האבען מיר לאנג, לאנג געקוקט אויף אונזערע ליבע חברים, וועלכע זיינען ווי פון טויט לעבעדיג געווארען, און דערביי האבען מיר געפיהלט, ווי ארום אונז ווערט געשאפען א נייע פינסטערע פוסטקייט, וואס לעגט זיך שווער אויפ'ן הארצען. אט זיינען זיי שוין צוגעגאנגען ביז צום טויער און אט זיינען זיי שוין פון יענער זייט, און מ'זעהט זיי ניט מעהר... פאר אונז עקזיסטירען זיי ניט מעהר; דער ים פון לעבען האט זיי איינגעשלונגען, און זיי וועלען אונז שוין מעהר קיינמאל ניט זעהן; זיי וועלען אונז אפילו ניט קענען לאזען וויסען, ווי אזוי זיי לעבען, און וואס איז מיט זיי געשעהן. מיר זיינען אפגעריסען פון זיי, און זיי — פון אונז. ווידער פינ־סטער, ווידער טויט ארום און ארום...

נאכדעם ווי אזעלכע גוטע און ליבע חברים זיינען אוועק, איז פאר אונז דאס לעבען אין שליסעלבורגער פעסטונג געווארען נאך שווערער.

מיר האבען שטארק געבענקט נאך זיי; מיר האבען גע־וואלט וויסען, וואס זיי מאכען, ווי זיי פיהלען זיך אויף דער פרייהייט; אבער מען האט צו אונז קיין שום ידיעה וועגען זיי ניט דורכגעלאזט.

וואס פאר א מענש לודמילא וואלקענשטיין איז געווען — האב איך שוין באשריבען אין איינעם פון די פריהערדיגע קאפ־יטלען. איצט וויל איך באקענען דעם לעזער מיט די אנדערע פיער חברים, וועלכע זיינען צוזאמען מיט דער וואלקענשטיין ארויס פון דער שליסעלבורגער פעסטונג.

פריהער פון אלעמען וועלען מיר נעמען יאנאוויטש'ן.

אליין איז ער געווען א ליטווינער און אין דער באוועגונג האט ער געארבייט אלס מיטגלידער אין דער פוילישער רעוואלו־ציאנערער ארגאניזאציע „פראלעטאריאט". אין דער שליסעל־בורגער פעסטונג האט מען איהם פארשיקט אין דעם יאהר 1886. בשעת מען האט איהם ארעסטירט, האט ער זיך געשטעלט אנט־

קעגען מיט געוועהר און פארוואונדעט אן אגענט פון דער געהיים פאליציי.

אליין איז ער געווען א שטילער, באשיידענער מענש, פון מיטעלען וואוקס, מיט טונקעלע האר, א קליין בערדעל, און צוויי שעהנע קארע אויגען, פון וועלכע עס האט שטענדיג ארויסגעקוקט דער אומעט אליין. דאס פנים איז ביי איהם שטענדיג געווען בלאס און איבער דעם האבען זיך זיינע קארע אויגען נאך מעהר אנגעזעהן. בטבע איז ער געווען א שעהמעוודיגער, א צוריקגע־האלטענער, און עס איז זיך פשוט געווען שווער פארצושטעלען אז אזא מענש זאל קאנען נעהמען א רעוואלווער אין די הענד און שיסען.

געשטאמט האט ער פון זעהר רייכע עלטערן, זיין פאטער איז געווען א לאנדבאזיצער אין קאוונער גובערניע, און כאטש ער, דער זוהן, איז געוועהנט געווארען צו לעבען אין עושר און כבוד, איז ער דאך ניט געווען קיין צובאלעוועטער.

ביי איהם איז געווען רעכט ניט צו עסען א גאנצען טאג און ווען מען וואלט איהם אין דער באשטימטער צייט ניט געגעבען קיין עסען, וואלט עס איהם וועניג וואס געארט. עס איז איהם קיינמאל ניט אנגעגאנגען צי ער איז געזונט, צי ניין און ער האט קיינמאל גאר ניט געטאן אפצוהיטען זיין געזונד אין דער שליסעל־בורגער פעסטונג.

ווען מען פלעגט אונז ארויספיהרען שעפען אביסעל פרישע לופט אין דרויסען, זיינען מיר, ס'פארשטעהט זיך, געווען זעהר צופריעדען דערפון. יאנאוויטש'ן ווידער איז דאס ניט אנגע־גאנגען; ער האט זיך געקאנט באגעהן אהן פרישע לופט אויך, און ווען מען האט אונז געגעבען די רעכט צו ארבייטען אין די גערטענדלאך און אין די ווערקשטאטען, כדי מיר זאלען זיך קאנען אביסעל צושטרייען די געדאנקען, האט יאנאוויטש מוחל געווען דאס פארגעניגען און בלויז אמאל־אמאל האט ער זיך פארגונען צו טאן פיזישע ארבייט. די איבעריגע צייט איז ער געלעגען אין זיין קאמער און נאר געלייענט ביכער.

איבער דעם, וואס ער איז שטענדיג געווען פארשפארט אין א דושנעם קאמער, איז ער געווארען נאך שוואכער ווי ער איז געווען. דאך האט ער זיך קיינמאל פאר קיינעם ניט געקלאגט און קיינמאל דעם דאקטאר ניט גערופען.

מעהר ווי אַלעס האָט ער זיך אינטערעסירט מיט עקאָנאָמי־שע פראַגען און שטענדיג איז ער געווען פאַרטאָן אין סטאַטיסטיק. פאַר די צוועלף יאָהר, וואָס ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט ער ניט דורכגעלאָזען קיין איין ציפער אין די ביכער, וואָס מיר האָבען געקראָגען, און ווען ער איז אַרויס פריי, האָט ער מיט זיך מיטגענומען אַ גאַנצען פּאַק מיט ניט געבונדענע העפטען און יעדער העפט איז געווען פול מיט ציפערען און צייכנונגען און מיט אַרטיקלען איבער עקאָנאָמישע פראַגען בכלל און וועגען דער ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקציאָן אין רוסלאַנד און אין פּוילען בפרט.

איך אַליין בין ניט געווען זעהר שטאַרק בעהאַוועגט אין ציפערען, און דערפאַר איז יאַנאָוויטש געווען פאַר מיר אַ לע־בעדיגע ענציקלאָפּעדיע, אַן אוצר פון וויסען; ער האָט מיך גרינד־ליך באַקענט מיט די עקאָנאָמישע פראַגען און מיט די ציפערען, אָהן וועלכע קיין סאָציאַליסט טאָר זיך ניט באַגעהן; ער האָט מיר קלאָר געמאַכט אַ סך זאַכען, וואָס זיינען פאַר מיר ניט געווען אינגאַנצען קלאָהר. אַ דאַנק איהם און זיינע אויסגעצייכענטע לעקציעס, האָב איך זיך גרינדליך באַקענט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון רוסלאַנד און פּוילען.

ווייל איך וועל לעבען וועל איך ניט פאַרגעסען דעם גוטען איינדרוק און די באַגייסטערונג, וואָס זיינע לעקציעס האָבען ביי מיר אַרויסגערופען. אָנשטאָט דער אַלגעמיינער לאַגע, פון וועל־כער איך האָב געהאַט בלויז אַ באַגריף, האָבען זיך פאַר מיר אין שטאָלצע רייהען אויסגעשטעלט פעסטע, געזונטע ציפערען, און איך האָב אַ סך זאַכען מעהר אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן.

יאַנאָוויטש איז ניט געווען פון דעם סאָרט וויסענשאַפטס־לייט, וואָס נעמען אַלעס אַזוי ווי דאָס איז. ער האָט יעדע זאַך גוט אַרומגעטראַכט, זיך באַצויגען פאָרזיכטיג צו יעדער קליייניגקייט, און דערצו איז ער נאָך געווען זעהר אַ געוויסענהאַפטער מענש. אויב אַ זאַך איז פאַר איהם אַליין ניט געווען קלאָר גענוג, האָט ער ניט געדרעהט קיין קאָפּ אַזוי זיך גלאַט אין דער וועלט אריין. ער האָט פיינט געהאַט פראַזען און זיך באַצויגען זעהר ערנסט צו אַלעס, וואָס אַנדערע האָבען געשריבען וועגען עקאָנאָמישע פראַגען.

טאָג ווי נאַכט איז ער געווען פאַרנומען מיט זיין אייגענעם

מוח, און אין אונזערע געוועהנליכע, טאָג־טעגליכע געשעפטען האָט ער זיך ניט געמישט.

זיין באציהונג צו די חברים איז אויך געוועזן אַן אייגענאַר־טיגע: עס האָט איהם מעהר געצויגען צו די, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט וויסענשאַפטליכער ארבייט. מעהר ווי מיט אַלע, איז ער געוועזן באַפריינדעט מיט לוקאַשעוויטש'ן. ערשטענס, דערפאַר, וואָס ער האָט מיט איהם געקאָנט ריידען וועגען וויסענשאַפטליכע פראַגען, און צווייטענס, איז יענער אויך געוועזן אַ ליטווינער. ער פלעגט אויך גערן פאַרברייגגען מיט מאָראָזאָוו'ן, גאָוואָרוסקי'ן, שעבאַלין'ן און אויך מיט מיר און מיט דער וואָלקענשטיין. אָבער צו נאָהענט צו זיך האָט ער קיינמאָל ניט צוגעלאָזט. זיין נשמה האָט ער פאַר קיינעם ניט געעפענט. און זיין נשמה — בין איך זיכער — איז שטענדיג געוועזן פול מיט אומעט און טרויער.

איינמאָל האָב איך געזעהן ווי ער שפּאַצירט אין זיין „שטייג" אויפ'ן הויף. דער שטערן פאַרקנייטשט און די אויגען פאַרטרויערט, האָט ער געשפּאַנט הין און צוריק. און ווען איך האָב דערזעהן, ווי דאָס פּנים איז ביי איהם בלאַס און יעדע באַוועגונג זיינע שטרייכט אונטער די בענקשאַפט, וואָס שטיקט זיך אין זיין נשמה, האָט מיר אַזש פאַרקלעמט ביים האַרצען. ניט איין מאָל האָט איך אַ סך געקלערט וועגען איהם; איך האָב אַלץ מורא געהאַט, ער זאָל נאָך, חלילה, ניט אריינפאַלען אין קיין צו־ערנ־סטער קראַנקהייט.

לויט זיין נאַטור איז ער געוועזן אַן אמת'ער, אַן אויפריכטיגער מענש, עפּעס האָט זיך פון איהם געטראָגען דער גייסט פון הייליג־קייט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ מענש פון גאָר אַ העכערער וועלט.

איבער דעם, וואָס ער איז געוועזן אַזאַ צוריקגעהאַלטענער, האָט מען ניט געקאָנט מיט איהם ווערען צו נאָהענט. אָבער ניט קוקענדיג דאַרויף, האָבען מיר איהם אַלע זעהר ליעב געהאַט און זיך באַצויגען צו איהם מיט גרויס דרך ארץ. און די מענשען, וועלכע האָבען געהאַט דאָס פאַרגעניגען איהם אָפטער צו זעהן און פאַרברענגען מיט איהם אין שליסעלבורגער פעסטונג, וועלען איהם קיינמאָל אין זייער לעבען ניט פאַרגעסען.

וועגען דעם צווייטען באַפרייטען חבר, דאָס הייסט, וועגען

מארטינאָוו'ן, האָב איך שוין גערעדט אין איינעם פון די פריהער־דיגע קאפיטלען. און דאָ וויל איך בלויז צוגעבען איין פאַל:

מארטינאָוו האָט זיך איינמאָל געמאַכט א טבע ארויפצור־קריכען אויפ'ן פענסטער און קוקען ווי אנדערע שפּאַציערען אויף דער פרישער לופט.

דער אויפזעהר פּיאָדראָוו האָט זיך מיט איהם געהאלטען אין איין אַרומרייסען איבער דעם, און איינמאָל, ווען פּיאָדראָוו האָט מיט'ן הארבען וואָרט אָנגעזאָגט, ער זאָל דאָס מעהר ניט טאָן, איז מארטינאָוו געוואָרען אין כעס און האָט איהם א שפּיי געטאָן אין פּנים.

פאַר אַזאַ זאַך האָט מען איהם געקאָנט שטעלען צום געריכט און איהם פאר'משפּט'ען צום טויט. באַלד נאָך דעם פאַל האָט מען איהם פארשפּארט אין דער אַלטער טורמע, און דאן איז ביי אונז אויפגעהויבען געוואָרען די פראגע, ווי אזוי זאָלען מיר אויס־דריקען אונזער פּראָטעסט געגען דעם.

איך פּערזענליך בין דאן געווען אין א גרויסער פארלעגענ־הייט; איך האָב ביי זיך ניט געקאָנט פּועל'ן, ווי אזוי איך זאָל האנדלען, ווארום אין דערזעלבער צייט, וואָס איך האָב ניט גע־קאָנט אָפּשטעהן פון די אנדערע חברים, וועלכע האָבען באַשלאָסען צו פּראָטעסטירען געגען דעם, וואָס מען האָט מארטינאָוו'ן פאר־שפּארט אין דער אלטער טורמע, איז מיין מיינונג געווען, אז מארטינאָוו אַליין איז ניט גערעכט, ווייל ווער פּיאָדראָוו זאָל ניט זיין, איז ער דאָך א מענש, און אין פּנים אריין דארף מען איהם ניט שפּייען.

גראדע איז אויסגעקומען אזוי, אַז מען האָט מארטינאָוו'ן ניט געשטעלט צום געריכט דערפאר, וואָס ער האָט דעם אויפ־זעהער פּיאָדראָוו'ן געשפּיגען אין פּנים, און קיין פּראָטעסט גע־גען דעם, וואָס מען האָט איהם פארשפּארט אין דער אלטער טורמע איז ניט געווען. פאַר זיך אַליין האָבען מיר דאָס ער־קלעהרט דערמיט, וואָס לאָפּאַטין האָט אָנגעשריבען אַן ערקלעה־רונג אין פּאָליציי־דעפּארטמענט, און אין דער עקלעהרונג האָט ער געשריבען, אַז מארטינאָוו איז אַ קראנקער מענש און אַז אָפּט־מאָל גרייכט זיין קראנקהייט אזוי ווייט, אַז ער ווערט אַ חולה־נופל.

אין דער אלטער טורמע איז מארטינאָוו געווען פארשפּארט

אײן חדש. דאָרטען האָט מען איהם געהאַלטען געשמידט אין קײטען און ער האָט קײנמאָל די ליכטיגע שײן ניט געזעהן, און דערמיט האָט זיך זײן שטראָף געענדיגט.

דער דריטער באַפרײטער חבר, מיכאאיל פּעטראָװיטש שעבאַ־לין, האָט אין יאָהר 1882 געענדיגט דעם מאַטעמאַטישען פאַ־קולטעט פונ'ם פּעטערבורגער אוניװערסיטעט. װען ער איז נאָך געװען א סטודענט האָט ער זיך שױן געפיהלט נאָהענט צו דער „נאַראָדנאַיאַ װאָליא" און מיט װאָס ער האָט נאָר געקענט האָט ער ארױסגעהאָלפען אין דער רעװאָלוציאָנערער ארבײט. ער האָט פאַרטײלט רעװאָלוציאָנערע ליטעראַטור צװישען די סטו־דענטען און װען מען האָט געדאַרפט, האָט ער געזאַמעלט געלד.

געװאױנט האָט ער אין אײן קװארטיר מיט די סטודענטען לאָזינסקי און נעדזעלסקי, װאוהין ריסאַקאָװ, אײנער פון אונזערע פיער באָמבען־װאַרפער, פלעגט אָפט מאָל ארײנקומען.

נאָכ'ן ערשטען מאַרטש האָט מען אין קװארטיר געמאַכט אַן אביסק, אָט איבער װאָס: די קװאַטיראַנטען אין הױז האָ־בען אײנמאָל געמאַכט א שמחה און די בעל־הבית'טע, א געװיסע װאַש־פרױ, האָט צו דער שמחה אײנגעלאַדען אײנעם, א שפּילער אױף א הארמאָניקע, װעלכער האָט געאַרבײט אַלס שרײבערל אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. אױף דער שמחה איז געװאָרען א דעבאַטע איבער פּאָליטישע פראַגען. אין דער דעבאַטע האָבען זיך שטאַרק באַטײליגט ריסאַקאָװ, אײנער פון די, װאָס האָבען דערנאָך געװאָרפען די באָמבע אױפ'ן צאַר און אײנער פון די סטודענטען, װעלכע זײנען געװען אײנגעלאַדען צו דער שמחה. װען מען האָט נאָכ'ן ערשטען מאַרטש גענומען מאַכען אביסקעס רעכטס און לינקס, האָט דער הארמאָניקא־שפּילער דערצעהלט, אז ער האָט זיך געטראָפען מיט ריסאַקאָװ'ען בײ לאָזינסקי'ן אין דער װאױנונג. דאַן האָט מען גלײך אַרעסטירט לאָזינסקי'ן, בײ װעמען מען האָט געפונען א נומער פון דער צײטשריפט „נאַראָדנאַיאַ װאָליא". דורך א צופאַל איז שעבאַלין דאַן ארױס גאַנץ.

פריהלינגס צײט, אין 82טען יאָהר האָט זיך שעבאַלין באַ־קענט מיט יאַקובאָװיטש'ן, װעלכער האָט אין יענער צײט פאַר־נומען אַן אָנגעזעהנעם פּלאַץ צװישען די פּעטערבורגער „נאַ־ראָדאָװאָלצעס", און יענער האָט איהם פאָרגעשלאָגען, אַז

ער זאָל דינגען שטילערהייד א וואוינונג, וואו מען זאָל קענען דרוקען רעוואָלוציאָנערע פּראקלאמאציעס. געדונגען די קווארטיר האָט מען, אָבער מען האָט זי באַלד געמוזט אויפגעבען, ווייל יאַ־קובאָוויטש׳עס גרופּע האָט באַשלאָסען צו גרינדען טאקע אַן אמת׳ע דרוקעריי און צוליב דעם האָט מען גענדארפט האָבען א וואוינונג, וואו עס זאָל זיך געפינען א פאמיליע. צוליב דעם האָט זיך שעבאַלין באַקענט מיט דער אידישער מיידעל באַגאַראַז, און יענע האָט זיך געמוזט שמד׳ען, כדי לפנים חתונה צו האָבען מיט שעבאַלין׳ען און פאַר לייטען הייסען זיין ווייב. די חתונה צערע־מאָניע האָט געפראוועט בריאנצעוו, דער גלח פון אַנטישקאָווער פּאַלאַץ, און דערנאָך—דאָס איז געווען ביים סוף פון׳ם 1883טען יאָהר, — האָט דאָס יונגע פאַר פּאָלק געדונגען א קאָנספּיראַטיווע קווארטיר ביי כרוליעוו׳ן אין הויז, לעבען דער קוקושקינער בריק און דער סטאָליארנער גאַס.

די ערשטע דיענסט אין דער קאָנספּיראַטיווער קווארטיר איז געווען א פּשוט׳ע מיידעל און דערנאָך האָט מען צוגענומען אַן אַנדערע, אַן איטעליגענטע מיידעל, מיט׳ן נאָמען מאריא פּאָוו־לאָוונא קוליאבקא. אַלס א זעצער אין דער געהיימער דרוקעריי האָט די ערשטע צייט געארבייט א זינגער פון כאָהר אין קלויס־טער, אָבער מען האָט איהם לאַנג ניט געקענט האַלטען, ווייל ער האָט אָנגעהויבען ארויסווייזען סמנים פון משוגעת. קיינער פון די אַלע אויבענדערמאָנטע מענשען האָט ניט געהאַט דעם מינדס־טען באַגריף אין אַזא ארבייט ווי דרוקעריי, פונדעסטוועגען האָ־בען זיי אַלע געארבייט זעהר פלייסיג און חוץ די נומערען „נאַ־ראדנאיא וואָליא" האָבען זיי ארויסגעגעבען די בראָשורע, וואָס אַנאַ קארבא האָט אָנגעשריבען: „פון די טויטע צו די לעבעדיגע", א ליפלעט וועגען טורגעניעוו׳ס לויה מיט טורגע־ניעוו׳ס א זאַך: „די שוועל" און נאָך אַנדערע זאַכען.

די פאַרבינדונגען פון דער דרוקעריי מיט דער אויסער־ליכער וועלט, האָט אָנגעהאַלטען דעגאַיעוו, וועלכער איז שוין אין יענער צייט געווען א פּראָוואָקאַטאָר. אין מאָנאַט אויגוסט, און אפשר אין סעפּטעמבער, — איך געדענק שוין ניט גענוי — איז דעגאַיעוו, אוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד, וואו ער האָט זיך פאַר טיכאָמיראָוו׳ען און פאַר דער אשאַנינא מודה געווען אויף זיינע זינד, אַז ער איז א פּראָוואָקאַטאָר און דאַן האָט מען מיט

איהם אָפּגעמאַכט, אַז אויב ער וועט העלפען דער׳הרג׳ענען סודעיקין׳ען, דעם „קעניג“ פון די שפּיאָנען, וועט מען איהם שענקען דאָס לעבען און מען וועט איהם ניט טשעפּען. דערנאָך איז דעגאַיעוו געקומען צוריק קיין פּעטערבורג, און אַזוי ווי בלויז געצעהלטע מענשען האָבען געוואוסט דעם סוד וועגען איהם, האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט זיין טעטיגקייט.

אין דעם זעלבען יאָהר, אָסיען צייט, איז אין פּעטערבורג פאָרגעקומען אַ באַראַטונג צווישען רוסישע און פּוילישע רעוואָלו־ציאָנערען מיט׳ן ציעל אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן, ווי אַזוי ווייטער אָנצוגעהן מיט דער אַרבייט.

אויף דער באַראַטונג זיינען געווען: דעגאַיעוו, יאַקובאַ־וויטש (מעלשין), ראָסי (פון קיעוו), די פריילין אוסאָווא און דער אָפּיצער סטעפּורא.

זיי אַלע האָבען פאַרטראָטען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען, און די פּאָליאַקען ווידער, זיינען פאַרטראָטען געוואָרען פון פאָל־גענדע פּערזאָנען: קוניצקי, דעמבסקי און רעכנאָווסקי.

פּונקט דען, ווען אַלע זיינען זיך צונויפגעקומען צו דער באַראַטונג, איז געשעהן אַ זאַך, וואָס האָט זיך שעבאַלין׳ען אַ וואָרף געטאָן אין די אויגען, אָבער ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט. עס איז געווען אַזוי:

דער פּוילישער רעוואָלוציאָנער קוניצקי, וועלכער האָט ניט געוואוסט די גאַנצע געשיכטע וועגען דעגאַיעוו׳ען, האָט זיך גראַדע אומגערען אַוועקגעשטעלט אונטער דעגאַיעוו׳ס פּלייצעס, און ווען יענער האָט דאָס דערפיהלט, האָט ער זיך שטאַרק דער־שראָקען און אָנגעהויבען ציטערען. איהם האָט זיך אויסגעווי־זען, אַז אָט־אָט וועט קוניצקי אַרויסכאַפּען אַ רעוואָלווער, אָדער אַ מעסער, און וועט איהם דער׳הרג׳ענען.

אַ קורצע צייט איידער מען האָט דער׳הרג׳עט דעם זשאַנ־דאַרמסקי פּאָלקאָווניק סודעיקין, דעם „קעניג“ פון די רוסישע שפּיאָנען, האָט דעגאַיעוו איינגערעדט שעבאַלין׳ען, אַז ער, צוזאַ־מען מיט זיין כלומרשט׳ער פרוי, זאָל אַוועקפאָהרען פון פּע־טערבורג. שעבאַלין האָט איהם געפאָלגט און איז אַוועקגעפאָה־רען קיין מאָסקווא און פון מאַסקווא קיין קיעוו.

אין קיעוו זיינען די שעבאַלינס ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבייט פון דער דרוקעריי און האָבען אַרויסגעגעבען אַ נאָנ־

צע רייהע בראָשורען און פּראָקלאַמאַציעס, אָבער דעם 4טען מאַרטש, אינ'ם יאָהר 1884, האָט מען אויף דער דרוקעריי גע־מאַכט אַן אָביסק און שעבאַלין מיט זיין „פּרוי" זיינען ארעסטירט געוואָרען.

אָסיען צייט האָט מען זיי צוגעשטעלט צום געריכט. די באַגאַראַז האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר, און שעבאַלין'ען האָט מען פאַר'משפּט אויף צוועלף יאָהר קאַטאָרגע. מען האָט איהם אָבער פאַרשיקט אין שליסעלבורגער פעסטונג*).

אין די ערשטע זעקס מאָנאַטען האָט שעבאַלין אין דער שליסעלבורגער פעסטונג געהאַלטען אין איין הונגערען אויף צו־להכעיס. אינ'ם יאָהר 1885, זומער־צייט, האָט ער אַרויסגע־שטעלט אַ פאָדערונג, אַז מען זאָל איהם בעסער אוועקשיקען קיין סיביר, און אַזוי ווי מען האָט איהם אין סיביר ניט געוואָלט פאַרשיקען, האָט ער ערקלעהרט אַ הונגער סטרייק און צוויי אין דרייסיג טעג נאָכאַנאַנד האָט ער אין מויל אַריין ניט גע־נומען.

וועגען זיין צוויי־און־דרייסיג טאָגיגען תענית האָט ער אַליין דערצעהלט, אַז בלויז די ערשטע צעהן טעג איז איהם געווען שווער אַריבערצוטראָגען דעם תענית, און דערנאָך איז איהם שוין געווען אַלץ איינס — יאָ עסען, ניט עסען.

די באַאמטע פון דער טורמע האָבען ביי איהם זיך געבעטען, אַז ער זאָל אויפהערען פאַסטען, אָבער ער האָט זיי ניט געהערט. איינמאָל, ווען גענעראַל אָרזשעוווסקי איז געקומען מיט אַ באַזוך אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט ער לאַנג גערעדט מיט שעבאַלין'ען און האָט איהם געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז ער וועט מיט'ן פאַסטען גאָרניט אויספיהרען. אָבער שעבאַלין האָט זיך פאַר'עקשנ'ט געהאַלטען אָן זיין באַשלוס און האָט ניט געגעסען. נאָך מעהר, ער האָט געהאַט טענות צום גענעראַל, פאַרוואָס מען האָט איהם פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, אין דער

---

*) שעבאַלין אַליין איז געווען זיכער, אַז דער אורטייל איז אַ מילדער, און ער האָט עס ערקלערט דערמיט, וואָס דער פאָרזיצענדער פון געריכט, גענעראַל קוזמין, איז געווען אַ פעטראַשעוועץ. שעבאַלין'ס פאַרטיידיגער איז געווען שטשעפּקין־קופּערניק, וועלכער איז געווען אַ מאָדים אויסצו־טייטשען דעם אַרטיקעל 102 פון געזעץ. ער האָט פאַרטיידיגט ניט נאָר שעבאַלין'ען, נאָר אויך די אַנדערע אָנגעקלאַגטע. — וו. פ.

צייט, ווען מען האָט איהם גאָר פאַר'משפט אויף קאַטאָרגע. דאָ־
רויף האָט איהם דער גענעראַל געענטפערט, אז דער קיסר אַליין
האָט געגעבען אַ באַפעהל איהם צו פאַרשפאַרען אין דער שלי־
סעלבורגער פעסטונג.



גאַוואַרוסקי

כדי שעבאַלין זאָל אויפגעבען דעם הונגער סטרייק, האָבען
די באַאמטע אומיסטען לעבען איהם אוועקגעשטעלט אַ גרויסע
גלאָז מילך. דערמיט האָבען זיי געוואָלט רייצען זיין אַפּעטיט,
אָבער עס האָט זיי ניט געהאָלפען. ערשט אויפ'ן צוויי־און־
דרייסיגסטען טאָג — דערצעהלט שעבאַלין אַליין — האָב איך
דערזעהן, ווי אַ פליג איז אריין אין דער מילך און טרינקט זיך.
איך האָב רחמנות געהאַט אויף דער פליג, האָב איך אריינגערוקט
די פינגער אין דער מילך און אַרויסגעראַטעוועט די פליג, דער־
נאָך האָב איך — אַליין ניט באַמערקענדיג — צוגעלעגט די פינגער
צו די ליפּען און אַ לעק געטאָן... און דאָס האָט געמאַכט אַ סוף
צו מיין פאַסטען. באַלד נאָכדעם האָב איך אַ מאַך געטאָן מיט
דער האַנד און האָב אויסגעטרונקען די גאַנצע גלאָז מילך.

לויט זיין בילדונג איז ער געוועזן אַ מאַטעמאַטיקער, און
אין טורמע האָט ער שטודירט די זעלבע וויסענשאַפט און אויך

אויסלענדישע שפּראַכען. פיזישע אַרבייט האָט ער אויף זעהר ליעב געהאַט און דאָס פלעגט ווירקען אויף זיינע צושטרייטע נערוועז.

בעסער ווי מיט אַלעמען איז ער געווען באַפריינדעט מיט פּאָליוואַנאָוו'ען, לוקאַשעוויטש'ען, יאַנאָוויטש'ען און נאָוואָרוס־קי'ן. זעהר אָפט פלעגט ער זיך טרעפען מיט לאָפּאַטין'ען, מיט מיר און אויך מיט לודמילא וואָלקענשטיין. אָבער אין אַלגעמיין האָט ער זיך פאַרהאַלטען גוט מיט אַלעמען.

נאָכדעם, ווי ער איז אָפּגעווען גאַנצע צעהן יאָהר אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט מען צו איהם צוגעלאָזט אַ צעטע־לע, אין וועלכען עס איז געווען געמעלדעט, אַז זיין פרוי און קינד זיינען געשטאָרבען נאָך אין יאָהר 1885, אין דער מאָסקווער טורמע, פון וואַנען מען האָט זיי געדאַרפט אַרויסשיקען קיין סיביר.

דער פערטער חבר, וואָס איז באַפרייט געוואָרען, איז געווען דמיטרי יאַקאָלאָוולעוויטש סוראָווצעוו, אַ גלח'ס אַ זוהן און אַליין האָט ער געענדיגט דעם וואָלאָגדער סעמינאַריום. אין זיין אויסערליכען אויסזעהן האָט מען גלייך געקענט דערקענען, אַז ער האָט עפּעס גלח'ישעס אין זיך, און פון דעם אופן ווי ער האָט גערעדט רוסיש, אַרויסברייננגענדיג שאַרף די „אָ", האָט מען גלייך געקענט דערקענען, אַז ער קומט פון דעם וואָלגא־געגענד.

אין וואוקס איז ער געווען אַ הויכער, אַ דאַרער. אויגען האָט ער געהאַט ליכטיג־בלויע, אָבער עס האָט פון זיי שטענדיג אַרויסגעקוקט אַ טיפער אומעט. אַ כאַראַקטער האָט ער געהאַט אַ גלייכען, אַן אויסגעהאַלטענעם. אַליין איז ער געווען אַ שטילער, אַ שוויינגענוייגער, זיך קיינמאָל מיט קיינעם ניט געקריגט און זיך צופיל אינטערעסירט מיט טעאָרעטישע פראַגען.

קיין היציגער איז ער ניט געווען. צו קיין געוואַלדטאַטען האָט ער קיין נייגונג ניט געהאַט, און קיינער האָט ניט געקענט פאַר־שטעהן, ווי אַזוי אַזאַ מענש איז געוואָרען אַ מיטגליד אין דער טע־ראָריסטישער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

נאָכ'ן פּראָצעס פון די „193" האָט מען איהם אַדמיניסטראַ־טיוו אַרויסגעשיקט פון שטאָדט און כאָטש ער איז בטבע געווען אַ שטילער מענש, האָט ער זיך אונטערגענומען צו ווערען דער

בעל־הבית פון א געהיימער דרוקעריי, וואו מיר האבען ארויסגע־
געבען די צייטשריפט פון אונזער פארטיי.



דמיטרי סוראווצעוו

אין אנפאנג פון 1882טען יאהר האבען מיר די דרוקעריי אין מאסקווא געמוזט צומאכען און מיט עטליכע חדשים שפעטער האבען מיר זי איבערגעפיהרט קיין אדעס און דארטען איז שוין דעגאיעוו געווען דער בעל־הבית און סוראווצעוו דער זעצער.

אין אדעס האט די דרוקעריי אונזערע עקזיסטירט ניט מעהר ווי איין חדש. אין מאנאט דעצעמבער האט מען געמאכט אן אבלאווע און אלעמען דארטען ארעסטירט. אין 1884 איז געווען דער פראצעס און סוראווצעוו איז פאר׳משפט געווארען אויף 15 יאהר קאטארגע.

אין דער שליסעלבורגער פעסטונג איז סוראווצעוו אין מי־

טען דערינגען געוואָרען אַן אָנהענגער פון טאָלסטאָי'ן, און איינ־
מאָל האָט ער צווישען אונז פארשפרייט זיינעם א ליפלעט, אין
וועלכען ער האָט באוויזען, אַז: „שלעכטס רופט ארויס
שלעכטס, און גוטס רופט ארויס גוטס".

די איינפאכקייט און די צערטליכקייט פון זיין ערדעלער
נשמה האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט אין אזא פאָרמע, וואָס
האָט אונז אלעמען כמעט געריהרט ביז טרערען.

דאָס איז געווען אזוי:

ער האָט אָנגעשריבען א בקשה אין פאָליציי־דעפּארטמענט,
אַז מען זאָל איהם אין דער שליסעלבורגער פעסטונג צושיקען
צוויי קינדערלאַך, א אינגעלע און א מיידעלע, און מען זאָל
איהם ערלויבען זיי צו ערציהען אזוי ווי ער פארשטעהט...

ער האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלען ארויסזאָגען אונזער מיינונג
וועגען דעם, צי ער זאָל די בקשה שיקען, צי ניין: מיר האָ־
בען פארשטאנען, אַז אין פאָליציי־דעפּארטאמענט וועט מען זיך
אויסלאכען פון איהם און מיר האָבען איהם די בקשה ניט גע־
לאָזט שיקען.

אלס א נעגנער פון מאָרדען און גוואלדטאטען איז ער גע־
ווען א וועגעטעריאנער, און ווען מען האָט אונז אין טורמע אָנ־
געהויבען געבען עסען פלייש, האָט ער עס אין מויל אריין ניט
געוואָלט נעמען. פיש האָט ער יאָ געגעסען. ניט־געזאָטענע
וואסער האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט טרינקען; און אויף דעם
חשבון האָט איהם לאָפאטין גערופען אין שפאס: „מיטיא, די
געזאָטענע וואסער". זיך גריבלען אין טעאָראטישע פראגען האָט
ער ניט ליב געהאט, און כדי זיך צוצושטרייען די געדאנקען,
פלעגט ער זומער ארבייטען אין גאָרטען און ווינטער אין דער
סטאָליארנע, וואָס מען האָט פאר אונז געמאכט, און אין סטאָלע־
ריי איז ער געווען א קינסטלער; קיינער האָט ניט געקענט מא־
כען אזעלכע הילצערנע לעפעל און גאָפּעל ווי ער.

נאָך דער אמנעסטיע פון 1896טען יאָהר, האָט מען סור־
ראָווצעוו'ען פארשיקט אין א ווילדען געגענד פון יאקוטסקער אָב־
לאסט און אפילו דאָרטען האָט ער זיך מיט לייב און לעבען אַי־
בערגעגעבען דער ארבייט אין גאָרטען, און עס האָט זיך איהם
איינגעגעבען צו ברענגען דערצו, אַז דאָרטען, אויף יענער ווילדער
ערד, זאָל דאָס ערשטע מאָל וואקסען קרויט און קארטאָפעליעס.

די זריעה צו פארזעען קארטאָפליעס פלעגט ער אזש פון סרעדני־קאָלימסק פיהרען אין בוזים, כדי זי זאָל ניט פארפרוי־רען ווערען. און ווען די קארטאָפליעס און דאָס קרויט פלעגען ווערען פארטיג, פלעגט ער דאָס פארטיילען צווישען די פארשיקטע, און אפילו דעם פאָליציייסקען האָט ער קיינמאָל ניט פארטיילט.

אין דער ליטעראטור, איז סוראָצעוו פאראייביגט געוואָרען אין אן ערצעהלונג, וואָס טאן־באָגאראז האָט אָנגעשריבען, שיל־דערענדיג יענעם קאלטען געגענד. אין דער ערצעהלונג האָט ער זעהר סימפאטיש געמאָלען אונזער ליבען חבר סוראָוצעוו. און ווען מען האָט צו אונז, דאָס ערשטע מאָל אין שליסעלבורגער פעסטונג געבראכט טאָלסטאָי׳ס ראָמאן: „די ערוואכונג“, האָב איך אין איינעם פון די פארשיקטע, וואָס געהען אוועק מיט קאטיושא׳ן, דערקענט אזוי פיל עהנליכע שטריכען מיט סוראָוו־צעוו׳ען, און עס קען זעהר זיין, אז אימיצער האָט דעם גרוי־סען רוסישען קינסטלער עפּעס דערצעהלט וועגען סוראָוצעוו׳ען, און ער, דער גרויסער רוסישער קינסטלער, האָט איהם אין זי־נען געהאט, ווען ער האָט געמאָלען יענעם פארשיקטען.

פון תמיד אָן איז ער געווען אן אידעאליסט און האָט קיינ־מאָל ניט געזוכט קיין פארגעניגענס אין לעבען. אזוי איז ער גע־ווען אין טורמע און אזוי איז ער געווען אויף דער פרייהייט. אין וואָראָניעזש האָב איך איהם איינמאָל געטראָפען ביים ברענ־טייך; ער האָט ניט געהאט וואו צו נעכטיגען אפילו און וואָס צו עסען; ביינאכט פלעגט ער שלאָפען הינטער א שיפעל און עסען פלעגט ער וואָס עס האָט זיך געמאכט. אין יענער צייט איז ער געווען ערנסט קראנק, אָבער עס האָט איהם כמעט ווי ניט געארט.

קיין געלד האָט ער ניט ליב געהאט, אין 1918, ווען ער איז שוין געווען פריי און א קאָמיטעט האָט זיך אונטערגענומען ארויס־צוהעלפען די געוועזענע פּאָליטישע ארעסטאנטען, האָט מען איהם אָנגעהויבען ארויסשיקען 300 רובעל א חדש, האָט ער די ערשטע דריי הונדערט רובעל אוועקגעשיקט אין דעם וואלאגאדער סעמי־נאריום, וואו ער האָט צוריק מיט פינף־און־דרייסיג יאָהר געקראָ־גען א סטיפענדיע אַלס דער בעסטער שילער. דאָס געלד האָט ער געדארפט האָבען אויף צו לעבען, אָבער ער האָט קיינעם ניט געוואָלט בלייבען שולדיג.

אין יאָהר 1920 האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער האָט זיך איבערגעקליבען אין וואָלאָגאָדער גובערניע, אין אַ שטעדטעל, וואָס הייסט טאָטעם און דאָרטען וואוינט ער אין אַ קליין שטיבעלע, אַן אייגענע, און ער לעבט דערפון, וואָס זיין גאָרטען גיט ארויס. עס קלעקט איהם אָבער ניט מעהר ווי אויף זעקס חדשים, און די איבעריגע צייט לעבט ער דערפון, וואָס מען גיט איהם ארויס, פונקט ווי די אַנדערע איינוואוינער פון שטעדטעל: פופצעהן פונט מעהל אַ חודש. ער האָט פשוט געהונגערט און אָפּטמאָל איז דער הונגער געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט ארויסגעשלעפּט די טשוועקעס פון דאַך און זיי פאַר־קויפט פאַר אַ שטיקעל ברויט, אָדער פאַר קאַרטאָפליעס. פאַר זיבען טשוועקעס — קריג איך אַ האַלב פונט קאַרטאָפליעס — האָט ער מיר דאַן געשריבען — און כדי ניט פאַרפרוירען צו ווערען אין מיין שטיבעל, צוהאַק איך דעם פאַרקען פון מיין גאָרטען און הייץ דעם אויוועז. ווען עס וועט ווערען ווארים, וועל איך אַוועק אין וואַלד און אָנקלייבען קאָרע פאַר אַ נייעם פאַרקען.

ער איז אַזוי עדעל, אַזוי דעליקאַט, אַז ווען ער וואָלט אפילו געשטאָרבען פון הונגער, וואָלט ער זיך צו קיינעם ניט געווענדט נאָך הילף.

אין דער צייט, ווען ער האָט ניט געהאַט וואָס צו עסען, האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט, צי ער וויל אביסעל מעהל, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט גענוג, כאָטש ער האָט ניט גע־האַט.

די מעהרסטע פון אונז, וועלכע האָבען אָפּגעשמאַכט אַזוי פיל יאָהרען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, זיינען דערנאָך געווען אַזוי אומבאַהאָלפען אין לעבען, אַז זיי האָבען זיך פשוט ניט געקענט ריהרען פון דאַנען אהין. אָבער מעהר פון אונז אַלעמען איז געווען אונבאַהאָלפען סוראָווצעוו. זאכען, וואָס זיי־נען ביי אנדערע מענשען קלייניגקייטען, זיינען פאַר איהם אויס־געוואקסען גוואַלדיג גרויס און ער האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבען. איינמאָל, ווען ער האָט גערדאַרפט פאָהרען אַ ווייטע שטרעקע מיט׳ן באַהן, איז גראַדע אויסגעקומען אַזוי, אַז ער האָט ניט אוספּעיעט זיך אָוועקצוזעצען אין וואַגאָן און דער באַהן איז אַוועק מיט זיין טשעמאָדאַן. קיין גרויסער אומ־

גליק איז דאָס ניט; אַן אַנדער געהט צו, צו וועמען מען דאַרף און הייסט קלאַפּען אַ טעלעגראַמע צו דער צווייטער סטאַנציע. ביי סוראָווצעוו'ען אָבער איז דאָס געווען דער גרעסטער אומגליק און ער איז געבליבען שטעהן אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. און ווען ער האָט זיך דערנאָך שוין אוועקגעזעצט אין אַן אַנדער וואַגאָן און אימיצער האָט פאַרכאַפּט זיין פּלאַץ, איז ער געבליבען שטעהן אַ צוטומעלטער און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען. די מינדסטע קליינינקייט האָט איהם געמאַכט שרעקליך אונבאַהאָלפען, און איינמאָל, שרייבענדיג מיר וועגען דעם, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז עס וואָלט אפשר גאָר געווען אַ פּלאַן פאַר איהם, אוועקצוגעהן אין אַ מאָנאַסטיר און פּטור ווערען פון די אַלע קליינינקייטען...

אין וואָס פאַר אַ טורמע ער איז ניט געזעסען, האָבען זיך די באַאמטע צו איהם באַצויגען מיט'ן גרעסטען צוטרויען. ווען ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין דער מאָסקווער טורמע, האָט איהם דער אויפזעהער איינמאָל ארויסגעלאָזט אָהן אַ וואַך אין גאַס און ער איז געקומען צוריק, כאָטש ער האָט לייכט געקענט אַנטלויפען. און ווען אַ חבר האָט איהם געפרעגט, פאַר וואָס ער איז ניט אַנטלאָפען, האָט ער גאַנץ נאַאיוו געענטפערט: „האָב איך דען געקענט שלעכט אויסנוצען דעם צוטרויען וואָס יענער האָט מיר ארויסגעוויזען?.....

איינער פון די באַאמטע אין סיביר האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט, אַז סוראָווצעוו איז אַ מענש ניט פון דער וועלט, נאָר פון אַן אַנדערער, אַ העכערער וועלט, זיין אָרענטליכקייט, זיין עדעלע באַציהונג צו מענשען און זיין צוריקגעהאַלטענקייט האָט צו זיך פּשוט קיין גלייכען ניט געהאַט *).

---

*) סוראָווצעוו איז ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק געשטאָרבען אין רוסלאַנד.

## פופצענטער קאפיטעל.

מיר הויבען אן באקומען בריף. (אינ'ם יאהר 1897)



ען א פרייד קומט צו שפעט איז זי שוין קיין פרייד ניט און אזוי איז געווען מיט דער ערלויבניש וואס מיר האבען געקראגען צו שרייבען און קריגען בריף. דרייצעהן יאהר האט מען אונז געהאלטען אפגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט, דרייצעהן יאהר האבען מיר צו קיינעם ניט געטארט שרייבען קיין בריף און פון קיינעם ניט באקומען קיין בריף, און ווען מיר האבען אויפ'ן פערצענטען יאהר שוין יא געקראגען די ערלויבניש, איז דאס ביי אונז מעהר שוין ניט געווען קיין פרייד.

אין פארלויף פון די דרייצעהן יאהר, וואס מיר האבען זיך מיט קיינעם ניט איבערגעשריבען, זיינען אלע אונזערע פריינד און אייגענע ווייט אוועק פון אונז. די וועגען פון אונזער לעבען האבען זיך צושיידט און ביסלאכווייז האבען מיר זיך אינגאנצען דערווייטערט פון זיי — אזוי דערווייטערט, אז אפטמאל זיינען מיר געווען אונטער'ן איינדרוק, אז זיי זיינען שוין טויט.

ווען מיר וואלטען פון סאמע אנפאנג אן געהאט דאס רעכט זיך איבערצושרייבען מיט אונזערע אייגענע, וואלט דאס געווען פאר אונז א גליק; מיר וואלטען געפיהלט, אז מיר זיינען ניט אינגאנצען אפגעריסען פון דער וועלט. מיר האבען אבער דארויף קיין רעכט ניט געהאט; דער צארישער רעגירונג האט זיך בעסער געלוינט, אז מען זאל אונז אוועקשטעלען ביי דער אנדערער זייט פונ'ם לעבען, אז מיר זאלען מיט קיינעם פון דער פרייער וועלט קיין שום פארבינדונגען ניט האבען.

די ערלויבניש זיך איבערצושרייבען האט געדארפט באנייען די פארבינדונג, וואס מיר האבען אמאל געהאט מיט אונזערע אייגענע, אבער די צרה איז געווען וואס אנשרייבען א בריף אדער קריגען א בריף האבען מיר געמעגט ניט מעהר ווי צוויי מאל א

יאָהר. און דאָס אַליין האָט שוין ניט געקענט שאַפען קיין גאָר נאָהענטע פאַרבינדונג צווישען אונז. דערצו האָבען מיר נאָך די באַקומענע בריף געמוזט אָפּגעבען צוריק, ביי זיך האַלטען האָבען מיר זיי ניט געטאָרט. און ווער ווייסט דען ניט, אַז אַמאָל, ווען דאָס הארץ איז פאַרביטערט, האָט מען הנאה דערפון וואָס מען נעמט אַן אַלטען בריף און מען לייענט איהם איבער נאָך אַמאָל.

איך ווייס ניט ווי אַנדערע, אָבער איך האָב זעהר ליב צו זעהן מיט די אויגען די האַנדשריפט פון אַן אייגענעם מענשען, אָדער פון אַ גוטען פריינד. ווען איך גיב אַ וואָרף אַ בליק אויף אַ בריף וואָס איך קריג, גיט מיר גלייך אַ שוועב פאַר די אויגען דאָס געשטאַלט פון דעם מענשען, וואָס האָט דעם בריף געשריבען; איך זעה זיין פּנים, זיינע אויגען, זיינע באַוועגונגען און דערביי דערמאָן איך זיך וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער האָט און וואָס פאַר אַ מענש ער איז. איך האָב פיינט בריף, וואָס מען שרייבט אויף אַ שרייב-מאַשין. אַזעלכע בריף באַהאַלט איך קיינמאָל ניט, ווייל זיי זיינען איינער אין אַנדערען געראָטען און ווען מען וויל וויסען ווער עס האָט זיי געשריבען מוז מען זוכען דעם אונטערשריפט אונטען.

די בריף וואָס מיר האָבען געקראָגען האָבען ביי אונז ניט אַרויסגערופען קיין פרייד, נאָר אַן אומרוהיגקייט. מיר האָבען זיך פאַר זיי געשראָקען, מיר זיינען שטענדיג געווען אין דער מורא, און אונז האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז מען רייסט זיך אַריין אין אונזערע „לעבעדיגע קברים" און מען צושטערט די טויטע רוהיגקייט וואָס האָט אונז אַזוי לאַנג אין זיך איינגע־קלאַמערט.

אין זיין באַריהמטען ווערק „אַבלאָמאָוו" דערצעהלט גאָנ־טשאַראָוו, אַז אין אַבלאָמאָווקע איז אַ בריף געווען אַ זעלטענע ערשיינונג, און אַלע מאָל, ווען עס איז אַהין אָנגעקומען אַ בריף, זיינען אַלע געוואָרען צוטומעלט און האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זיי האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז אַ בריף ברענגט ניט קיין גוטע בשורות, אַז פון אַ בריף קען קיין גוטס ניט אַרויס־קומען, און דעריבער דאַרף מען זיך ניט איילען איהם צו עפענען. זאָל ער ליגען. די שלעכטע בשורה וועט מען קענען הערען שפּעטער אויך, און דערווייל דאַרף מען זיך צוגרייטען דערצו, מען זאָל ניט ווערען איבערראַשט מיט אַמאָל... און גלאַט: וואָס

איז טאַקע די איילעניש ?... און אַזוי פּלעגט אַ בריף אין אַבלאַ־מאָווקע אָפּליגן דריי־פיר טעג ניט קיין געעפענטער.

דאָס זעלבע איז געווען ביי אונז אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. און ווען לאָפּאַטין פלעגט קריגן אַ בריף פאַר׳ן עסן, האָט ער איהם ניט געעפענט, כדי זיך ניט קאַליע צו מאַכען דעם אַפּעטיט, און נאָכ׳ן עסען האָט ער איהם אויך ניט געעפענט באַלד, כדי זיך ניט צו פאַרשטערען די נאָכמיטאָגדיגע רוה.

אָבער ניט אַלע זיינען געווען אַזוי אויסגערעכענט ווי לאָפּאַטין.

וואָס האָבען די אייגענע אונז געשריבען ? אין זייערע בריף האָבען זיי קיין געזעלשאַפטליכע פראַגען ניט אָנגעריהרט. דערפאַר האָט זיך שוין געזאָרגט דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. דער איינציגער אויסנאַהם איז געווען אַ בריף פון מיין אינגערער שוועסטער אָלגאַ. אין אַ בריף, וואָס האָט געהאַלטען גאַנצע זעכצעהן זייטען, האָט זי זיך געווענדעט צו מיר, פּונקט אַזוי ווי זי וואָלט זיך ערשט נעכטען געזעגענט מיט מיר. זי האָט באַשריבען די אַל־רוסישע פּראָדוקציאָנס־אויסשטעלונג אין ניזשני־נאָווגאָראָד אין יאָהר 1896 און דעם צוזאַמענפאָהר וואָס איז דאָרט געווען ; זי האָט באַשריבען ווי די רוסישע פּראָדוקציאָן האָט זיך צובליהט אַ דאַנק גראַף וויטע׳ס פינאַנץ־פּאָליטיק ; זי האָט דערצעהלט, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט זיך ענטוויקעלט, אַ דאַנק דעם וואָס די אינדוסטריע האָט זיך צוואַוואַקסען ; וועגען דעם קאַמף צווישען די „נאַראָדניקעס״ און די מאַרקסיסטען ; וועגען די היציגע דעבאַטען צווישען דער יונגוואַרג, וועגען ליטעראַטור און אַנדערע וויכטיגע זאַכען. דער גאַנצער בריף האָט געטראַגען אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, עס האָט זיך אין איהם געפיהלט דער אָטעם פון לעבען, מיר האָבען אין איהם דערהערט געזונטע, לעבעדיגע שטימען.

פון האַנד צו האַנד איז דער בריף געגאַנגען. אַלע האָבען איהם געלייענט מיט׳ן גרעסטען אינטערעס. אָבער — ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט — איז דאָס געווען דער איינציגער בריף, וואָס האָט געטראָגען אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. מעהר אַזעלכע בריף האָבען מיר ניט געקראָגען, און עס קען זיין, אַז מיר וואָלטען דעם איינציגען בריף אויך ניט געקראָגען, ווען מיין שוועסטער וואָלט זיך ניט געקליגערט, אריינדרעהענדיג געזעלשאַפטליכע פראַגען אין

די זאכען וואָס זי האָט מיר אינ׳ם בריף איבערגעגעבען וועגען דער היים און וועגען פארשידענע באַקאַנטע און פריינד.

מעהרסטענטיילס האָט מען אונז געשריבען וועגען צרות און אָפּקומעניששען: די תבואות אויף די פעלדער זיינען ניט געראטען, עס געהען רעגענס און עס פאלט א האַגעל; דער און דער האָט חתונה געהאַט, די און די האָט אַ קינד געבוירען און יענע און יענע איז געשטאָרבען. און כאָטש יעדער בריף האָט געטראָגען אַ ריין פערזענליכען אינטערעס, איז ער געגאַנגען פון האנד צו האנד און יעדער איינער האָט איהם מיט אינטערעס געלייענט. אז יעדער קלייניגקייט איז פאַר אונז געווען ניי, אין יעדער נארישקייט האָבען מיר געזוכט אינטערעס, אפילו אין דעם נישטיגען זשורנאַל „פאַלאָמניק", וואָס מען האָט אונז געגעבען לייענען.

די בריף, וואָס מיר האָבען געקראָגען האָבען ניט באפרידיגט אונזער נייגעריגקייט צו וויסען וואָס ס׳טוט זיך אויף דער ברייטער וועלט דער גרויסער, און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי א סך פון אונז פארשאפט זעהר א סך צרות און וועהטאָגען.

איינעם האָט מען געשריבען, אז זיין אלטע, קראַנקע מאמע איז געבליבען אָהן א היים און האָט ניט וואו דעם מידען קאָפּ אָנצושפּארען; אַן עלענדע, א צובראָכענע שלעפּט זי זיך ארום פון שטוב צו שטוב איבער אַלע גאַסען; עס שיינט, אז זי איז שוין א ביסעל געריהרט פון זינען, ווייל איין מאָל האָט מען זי געכאפּט פּונקט דאן ווען זי האָט צונויפגעקליבען א גאַנצען הויפען שמאַטעס און שפּענער און געוואָלט מאַכען אַ פייער. פון איין שטאָדט האָט מען זי ארויסגעטריבען, איז זי אוועק אין אַן אנדער שטאָדט, וואו קיינער קען זי ניט, וואו קיינער וויי סט זי ניט, און דאָרטען האָט מען זי צוגענומען אין א מושב זקנים. עס איז איהר דאָרטען שלעכט, זעהר שלעכט, ווייל בטבע איז זי א שטאָלצע און איז קיינמאָל צו קיין פרעמדע מענשען ניט אָנגעקומען...

דער זוהן באַקומט דעם בריף און וויינט. ער בעט די באַאמטע, אז מען זאָל איהם ערלויבען אוועקשיקען דער אָרימער מוטער די געצעהלטע גראָשענס, וואָס ער אַליין האָט אין טורמע פאַרדינט; אָבער מען ערלויבט דאָס איהם ניט; מען זאָגט איהם צו, אז מען וועט אַליין פאר איהר ארויסשיקען גאַנצע פופציג רובעל; אָבער עס געהט אוועק א שטיקעל צייט און דאָס געלט קומט צוריק. די מאמע איז שוין טויט...

ביי אַן אַנדערען אין דער פאַמיליע האָט געטראָפען נאָך אַ גרעסערער אומגליק. די מאַמע איז אַראָפּ פון זינען און איצט געפינט זי זיך אין אַ משוגעים הויז; דער טאַטע, אַ רייכער לאַנד־באַזיצער, איז געשטאָרבען פאַר צרות אין אַ פאַרוואָרפען דערפעל; ביי זיין טויטען קערפער איז קיין איין אייגענער מענש ניט געווען, נאָר אַלץ פרעמדע, וועלכע זיינען געקומען איהם ירש'ענען: צוויי שוועסטער זיינען שוין יאָהרען לאַנג ברוגז איינע מיט דער אַנדערער און ריידען ניט, און די דריטע שוועסטער איז אַרונטער פון גלייכען וועג און זינקט אַלץ טיפער און טיפער אין אַבגרונד. און נאָך און נאָך צרות און אומגליקען.

אין לעבען, אויף דער פרייער וועלט, זיינען די אַלע אומגליקען פאַרגעקומען ניט מיט אַמאָל, עס האָט געדויערט יאָהרען און יאָהרען; זיי האָבען פאַמעלאַך און ביסלאַכוויז זיך געפּלאָנטערט ביז עס איז פון זיי געוואָרען איין קנויל אַ גרויסער, און אויפ'ן קאָפּ פון דעם אומגליקליכען מענשען, וואָס איז געווען אָפּגעריסען פונ'ם לעבען, פאַרשפּאַרט אין אַ „לעבעדיגען קבר" אין שליסעל־בורגער פעסטונג, האָבען זיי זיך ווי אַ שווערער האַמער אַרונטער־געלאָזט מיט איין קלאַפּ.

איינפאַך און האַרציג זיינען געווען די בריף פון אַנטאָנאָוו'ס „בעזגראַמאָטנער" מוטער. זי האָט די בריף ניט געשריבען אַליין, נאָר דיקטירט אַן אַנדערען, וואָס קען שרייבען, אין יעדען בריף האָט זי זיך געקלאָגט דאַרויף וואָס זי איז עלענד, וואָס זי איז אַלט און קען מעהר ניט האָבען דאָס פאַרגעניגען צו זעהן איהר געליבטען זוהן. און נאָך יעדען אויסדרוק האָט זי צוגעבען: „אָבער מסתמא וויל גאָט אַזוי".

און מיר, וואָס האָבען מיר געקענט שרייבען? וועגען די חברים, וועגען דער טורמע און וועגען דעם ווי מען באַהאַנדעלט אונז האָבען מיר אין די בריף קיין וואָרט ניט געטאָרט דער־מאָנען, ווייל די טורמע־באַאַמטע האָבען געלייענט יעדער בריף און האָבען קיין איין פאַרדעכטיג וואָרט ניט דורכגעלאָזען.

אויף ווי ווייט די באַאַמטע פון דער שליסעלבורגער פעס־טונג זיינען געווען פאָרזיכטיג מיט אונזערע בריף, קען מען זיך פאָרשטעלען פון פאָלגענדען פאַקט:

אין איין בריף האָט לאָפּאַטין געשריבען אַהיים, אַז ער קען ניט שלאָפען ביינאַכט, און דערביי האָט ער ציטירט אַ שורה פון

פושקין'ס א ליד: „און אויף דער שפיז פונ'ם וועכטער ברענט די לבנה פון האלבער נאכט". וואס־זשע מיינט איהר איז געשעהן? די באאמטע האבען לאפאטינ'ען אפגעגעבען דעם בריף צוריק און האבען איהם געזאגט, ער זאל אנשרייבען אן אנדערען... וועגען א וועכטער מיט א שפיז טאר מען ניט שרייבען, ווייל ביי דער וואנט פון שליסעלבורגער פעסטונג שטעהט דאך א וועכטער און איבער דער פעסטונג שיינט ביינאכט א לבנה...

אז וועגען דער טורמע האבען מיר ניט געקאנט שרייבען, וועגען זיך האבען מיר ניט געקאנט שרייבען, איז אויסגעקומען אזוי, אז מיר האבען ניט געהאט וואס צו שרייבען, און דאריבער פלעגען מיר טאקע גאנץ אפט זיצען איבער די בויגענס פאפיר און ניט וויסען ווי אזוי אנצוהויבען און וואס פאר ווערטער מיר זאלען ארויסזויגען פון פינגער.

פאר די דרייצעהן יאהר, וואס מיר האבען זיך מיט קיינעם ניט איבערגעשריבען זיינען די קרובה'שע געפיהלען ביי אונז אפגעשוואכט געווארען; די עראינערונגען זיינען אפגעווישט געווארען און די באציהונג צו קרובים און אייגענע איז געווארען איינגאנצען אן אנדערע. ווען איך האב זיך דערוואוסט, אז מיין פעטער, וועמען איך האב זעהר שטארק ליעב געהאט, איז געשטארבען, האב איך דערפיהלט ניט מעהר ווי א רחמנות צו איהם. אבער שטארק צום הארצען האב איך זיך דאס ניט גענומען. און ווען דאס קליינע פויגעלע, וואס איך האב געהאלטען ביי זיך אין קאמער, איז געשטארבען, האב איך געפיהלט ווי דאס הארץ ווערט אין מיר צוריסען פאר וועהטאג. דאס פויגעלע איז שוין געווען געוועהנט צו מיר; עס האט מיך ליעב געהאט, עס פלעגט זיך אזוי שעהן אוועקזעצען ביי מיר אויפ'ן אקסעל און עס פלעגט עסען ברעקלאך ביי מיר פון די הענד. עס פלעגט אזוי שעהן פישטשען ביי מיר אויפ'ן טיש און צושפריצען די וואסער אזוי חן'עוודיג. צוויי וואכען נאכאנאנד האב איך עס באוויינט און אלע מאל, ווען איך האב דערזעהן דעם צוואק, אויף וועלכען עס פלעגט זיך געוועהנליך אוועקזעצען, האבען זיך מיר געשטעלט די טרעהרען אין די אויגען, איך האב געמוזט בעטען דעם אויפזעהער, ער זאל מיך אריבערפיהרען אין אן אנדער קאמער.

אז עס איז שוין אוממעגליך געווען צו שרייבען ווארימע בריף אהיים!

איינמאָל האָט מיר מאָראָזאָוו איבערגעלייענט א לאנגען בריעף, וואָס ער האָט אָנגעשריבען צו זיין מוטער. איך האָב דעם בריעף אויסגעהערט און דערנאָך האָב איך געזאָגט: „יאָ, דער בריעף וואָלט געקאָנט דיענען אלס א גוטער מאטעריאל פאר א נעקראָלאָג נאָך דיין טויט“. מיר האָבען דאן ביידע געלאכט און אין דער אמת׳ן האָט מען גאָר געדארפט וויינען!

פון 1897 ביז 1903 האָב איך געשריבען אהיים קאלטע בריעף, ווייל אנדערש האָב איך ניט געקאָנט. ערשט ווען איך האָב געקראָגען א ידיעה, אז מיין מאמע איז געפעהרליך קראנק און איך האָב דערפיהלט, אז איך וועל זי מעהר קיינמאָל ניט זעהן — ערשט דאן, איז מיר דאָס הארץ ארויס פון די ברעגען און איך האָב אָנגעהויבען שרייבען ווארימע און הארציגע בריעף אהיים.

מען מוז זאָגען דעם אמת, אז די ערלויבניש צו קריגען בריף און שרייבען בריעף האָט אונז קיין פארגעניגען ניט פארשאפט. דער פאָליציי דעפארטמענט האָט געמיינט, אז ער טהוט אונז דערמיט א גרויסע טובה, אָבער אין אמת׳ן האָט ער אונז געטאָן א גרויסע רעה. איך בין זיך מודה, אז ווען מען וואָלט מיר געפרעגט צי מען זאָל אונז געבען די ערלויבניש צו קריגען און שרייבען בריעף, וואָלט איך געענטפערט, אז מיר קאָנען זיך באגעהן אָן דעם. איך וואָלט אָבער געבעטען, אז מען זאָל דאָס ניט איבערגעבען מיין מאמע׳ן.

# זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

## ו. ס. פּאנקראַטאָוו. (געבאָרען אין 1864)



ין יאָהר 1898, איז פון שליסעלבורגער פעסטונג ארויס פּאנקראַטאָוו, און אין יאָהר 1902 האָט זיך געענדיגט דער טערמין פאַר פּאָליוואַנאָוו'ן. וואסילי סעמיאָנאָוויטש פּאנקראַטאָוו איז געווען אן ארבייטער. ביים פאַך — א טאָקער. נאָך אין זיינע קינדער יאָהרען האָט ער זעהר א סך געלי־טען; זיין פאָטער איז יונג געשטאָרבען און אי־בערגעלאָזט א גרויסע משפחה מיט קינדער, וואָס איינס איז געווען קלענער פאַר'ן אנדערען.

„מיר זיינען געווען אזוי אָרים, אז מיר וואָלטען זיכער גע־שטאָרבען פאַר הונגער ווען די אַנדערע פּויערים, אונזערע שכנים, וואָלטען אונז ניט ארויסגעהאָלפען" — אזוי האָט מיר פּאנקראַ־טאָוו אליין דערצעהלט וועגען יענער צייט פון זיין לעבען.

אין דעם דאָרף, וואו זיין פאָטער האָט געדינט ביים פּריץ, איז געווען א שוהלע, און דאָרטען האָט וואסילי סעמיאָנאָוויטש, אלס א קליינער אינגעל, געקראָגען זיין ערשטע בילדונג.

ווען ער איז אויסגעוואקסען איז ער געוואָרען א טאָקער, און דאַן איז ער אוועק קיין פּעטערבורג און דאָרטען איז ער געוואָרען א רעוואָלוציאָנער. ווער עס זיינען געווען די ערשטע אונלעגאַלע „נאַראָדאָוואָלצעס", מיט וועמען ער האָט אין פּעטערבורג געהאט פאַרבינדונגען, קאָן איך איצט ניט וויסען, ווייל די מעהרסטע חברים אונזערע אין יענער צייט האָבען זיך באהאַלטען אונטער פאַרשטעלטע נעמען, און איצט איז פאַר מיר שווער דאָס אויס־צוגעפינען.

נאָך אין 1881 האָט איהם זיינער א חבר גע'מסור'ט, און איבער דעם האָט ער, דאַן נאָך גאָר א יונגער בחור'על, געמוזט אָנהויבען לעבען אונלעגאַל.

אלס א מיטגליעד פון דער „נאַראָדנאַיא וואָליא", איז ער,



אין 1883, אריין אין דער קאמפס־גרופע, וואו ער האָט געארבייט צוזאמען מיט מארטינאָוו׳ן און מיט אנטאָנאָוו׳ן. אין יענער צייט איז שוין די פּארטיי געווען צוקלאפּט און די איבערגעבליבענע מיטגלידער האָבען געטאָן אלץ וואָס זיי האָבען נאָר געקאָנט זי צו דערהאלטען ביים לעבען. און קיין טעראָריסטישע אקטען איז פּאנקראטאוו׳ן גראָד ניט אויסגעקומען זיך צו באטייליגען, אָבער ווען מען האָט איהם אין קיעוו ארעסטירט, האָט ער, צוזאמען מיט נאָך אייניגע חברים, ארויסגעוויזען א באוואָפענטען ווידער־שטאנד, און פּארוואונדעט א זשאנדאר. דערפאר האָט מען איהם פאר׳משפּט אויף צוואנציג יאָהר קאטאָרגע און איהם פארשפּארט אין שליסעלבורגער פעסטונג, צוזאמען מיט מארטינאָוו׳ן און קאַ־ראאולאָוו׳ן. נאָכ׳ן פּראָצעס האָט מען זיי אין קיעווער טורמע אַלע דריי געוואָלט אָפּגאָלען האַלבע קעפּ, האָבען זיי דאָרטען געמאכט אזא טומעל, אז די גאנצע טורמע איז געגאנגען כאָדראָם.

געבראכט פּאנקראטאָוו׳ן אין שליסעלבורגער פעסטונג האָט מען דעם 20טען דעצעמבער, 1884. אָט דעם טאָג געדענק איך גוט, ווייל מען האָט איהם פארשפּארט אין א קאמער לעבען מיר און ער איז געווען דער ערשטער שכן, וואָס איך האָב געקראָגען זינט מען האָט מיך ארייגעזעצט אין שליסעלבורגער פעסטונג. אין דער פּעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג האָט מען מיך געהאלטען איינגאנצען אָפּגעזונדערט; אין די קאמערעס, וואָס זיינען געווען לעבען מיר האָט מען קיינעם ניט ארייגעזעצט און דערפאר האָב זיך ניט אויסגעלערענט קלאפּען מיט די פינגער אין די ווענט ווען מען דארף זיך צונויפרעדען איינער מיט׳ן אנדערען; איך האָב פּשוט ניט געקאָנט דעם „אלף־בית”, וואָס דער דעקאַבריסט בעז־סטושעוו האָט אויסגעפונען ווען ער איז געזעסען אין טורמע. עס איז אויסגעקומען אזוי, אז אין שליסעלבורגער פעסטונג בין איך אריין אָהן לשון. ערשט אין מאָנאט דעצעמבער האָט זיך מיר קוים מיט צרות איינגעגעבען צו כאפּען דעם „אלף־בית”, וואָס באשטעהט פון זעקס שורות, צו פינף אותיות אין יעדער שורה, און ערשט דאן האָב איך אָנגעהויבען פארשטעהן וואָס מען קאלפּט צו מיר פון הינטען יעדען טאָג שוין א חודש צייט. דאָס האָט געקלאפּט מיין אלטער גוטער פריינד, אָנזאָגענדיג מיר ווער ער איז און פרעגענדיג ביי מיר ווער איך בין. איך האָב געכאפּט די ווערטער: „איך בין מאָראָזאָוו. ווער זיינט איהר?”..

און ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געכאַפּט א היל־צערנעם לעפעל און מיט אלע כוחות אויסגעקלאַפּט מיין ענטפער צו מיין אַלטען גוטען פריינד: „מאַראָזאָוו, דאָס איז איך — וועראַ". מעהר האָב איך מיט איהם אין יענעם טאָג ניט גערעדט. ער האָט מיך פאַרשטאַנען...

פאַנקראַטאָוו איז אויך געוועזן א קליינער מאדים צונויפצו־ריידען זיך קלאַפּענדיג מיט די פינגער אין די ווענט; א לאַנגע צייט האָבען מיר איינער דעם אַנדערען ניט פאַרשטאַנען, און ענטווישטע פלעגען מיר אַוועק פון די ווענט. ערשט ווען מיר האָבען זיך אויסגעלערנט קלאַפּען אין די ווענט ווי עס באַדאַרף צו זיין, זיינען מיר געוואָרען באַפריינדעט.

צוויי און צוואַנציג יאָהר איז פאַנקראַטאָוו אַלט געוועזן, ווען מען האָט איהם פאַרשפאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, און מיר האָט אַזוי וועה געטאָן דאָס האַרץ, וואָס מען האָט אַזא יונג לעבען אָפּגעשניטען פון דער וועלט. איך בין דאָן געוועזן מיט צוועלף יאָהר עלטער פון איהם און מיר האָט זיך אויס־געוויזען, אַז א מענשען מיט אַזעלכע פרישע כחות, דאַרף זיין שווערער אריבערצוטראָגען די אַלע צרות ווי מיר. דערפאַר האָב איך זיך צו איהם באַצויגען ווי א מאַמע און אויסגעדריקט האָב איך דאָס אין די צוויי־דריי לידער, וואָס איך האָב איהם געווידמעט.

ווי עס טרעפט אָפּט אַמאָל, ווען מען באַקענט זיך מיט א מענשען הינטער די אויגען, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז א בחור'על מיט רויטע בעקלאַך, קליינע וואָנצעלאַך, גרויע גוטע אויגען און א טיפּיש־סלאַווישער נאָז. אין דער אמת'ן אָבער, האָט ער גאָר געהאַט א מאַטעוועז פנים, שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגען און א גרויסע גלייכע נאָז — „אַן אמת'ער ציגיינער", ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט *).

---

*) נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917, ווען מען האָט דעם לעצטען רוסי־שען צאַר, ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו, און זיין פאַמיליע פאַרשיקט קיין טאָ־באָלסק, איז פאַנקראַטאָוו באַשטימט געוואָרען אַלס דער קאָמענדאַנט איבער דער וואַך. אויך ניקאָלאַי'ען האָט פאַנקראַטאָוו געמאַכט זעהר א גוטען איינדרוק. פאַנקראַטאָוו פלעגט אָפּט זיצען מיט איהם שטונדען לאַנג און איהם דערצעהלען וועגען דעם לעבען אין שליסעלבורגער פעסטונג און אין סיביר. — איבערזעצער.

בטבע איז ער געווען א היציגער, א צוקאָכטער, אָן אונ־געדולדיגער און אביסעל א חצוף (נאָר ניט צו מיר). די זשאנדאַ־רען האָט ער פיינט געהאט בתכלית השנאה און איז געווען גרייט צו גלויבען, אז זיי זיינען פעהיג צו טאָן דאָס ערגסטע אין דער וועלט. ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען איהם איינצונעמען און שטילען זיין צאָרן, און אויף אזא אופן איהם ארויסראטעווען פון אומזיסטיגע צרות. סאקאלאוו דער אויפזעהער האט גע־וואוסט, אז ער איז א היציגער חברה־מאַן און לאָזט זיך ניט שפייען אין דער קאשע, און דאריבער איז ער געווען פאָרזיכטיג און אויסגעמיידט זיך צו פארטשעפען מיט איהם.

פון די ערשטע געשפרעכען וואָס איך האָב מיט איהם גע־האט דורך דער וואנט, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ער האָט שטארק חשק זיך אָפצוגעבען מיט זעלבסטבילדונג. און ווירק־ליך, פאַר דער צייט וואָס ער איז געזעסען אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט ער א סך געלערענט, א סך געלייענט, און ווען ער איז ארויס פון שליסעלבורגער פעסטונג, איז ער געווען א גע־בילדעטער מענש און ווען ער איז געקומען קיין סיביר האָט ער שוין געהאט אזא היבשען זאפּאס וויסען, אז ער האָט זיך געקענט באטייליגען אין דער וויסענשאפטליכער עקספּעדיציע און גע־מאכט געאָלאָגישע אויספאָרשונגען און ענטדעקונגען.

א בעל־מלאכה איז ער געווען אן אויסגעצייכענטער; ער האָט צו זיך פשוט קיין גלייכען ניט געהאט ביי אונז אין גע־פענגעניש. ער איז געווען דער בעסטער סטאָליאר און דער בעסטער טאָקער.

מיט אנטאָנאָוו'ן איז ער געווען זעהר גוט באפריינדעט. אָבער נאָך מעהר ווי מיט אנטאָנאָוו'ן איז ער געווען באפריינדעט מיט אשענבערענער'ן, וועלכער איז געווען מיט צוואנציג יאָהר עלטער פון איהם.

אין דער אמנעסטיע, וואָס איז געגעבען געוואָרען אין 1896, איז פאנקראטאָוו'ס צוואנציג־יעהריגער טערמין, פארקלע־נערט געוואָרען אויף א דריטעל, אזוי, אז אנשטאט דעם וואָס ער האָט פון שליסעלבורגער פעסטונג, געדארפט ארויס אינ'ם יאָהר 1904, איז ער ארויס אינ'ם יאָהר 1898.

# זיבענצעהנטער קאַפּיטאַל.

פּ. ס. פּאָליוואַנאָוו.



די באפרייאונגען וואָס זיינען געקומען שפּעטער, האָבען שוין ניט געמאַכט קיין גאָר גרויסען איינדרוק. אין מאָנאַט יאנואר, אינ'ם יאָהר 1902, איז פון שליסעלבורגער פעסטונג באפרייט געוואָרען טריגאָני, וועלכער איז פאר'משפּט געוואָרען אין דעם פּראָצעס, וואָס איז געווען א מין פאָרטזעצונג פון יענעם פּראָצעס, אין וועלכען עס זיינען געווען פאר'משפּט די אנדערע חברים אונזערע פונ'ם ערשטען מארטש, 1881.

אַלעס וואָס איך האָב געקענט זאָגען וועגען איהם, האָב איך געזאָגט אין מיין בוך „די פארשפּארטע אין שליסעלבורגער פעסטונג", און איצט וויל איך ריידען וועגען פּאָליוואַנאָוו'ן, וועלכער איז אין 1882 פארשפּארט געוואָרען אין דער אלעקסייעווסקער „ראַוועלינע" און מיט צוויי יאָהר שפּעטער — אין שליסעלבורגער פעסטונג. אין 1902 האָט ער געענדיגט זיין צוואַנציג־יעהריגען טערמין און דערנאָך האָט מען איהם פארשיקט אין אַקומאָלינסקער געגענד. פון דאָרטען איז ער אנטלאָפען קיין אויסלאַנד און איז געוואָרען א פרייער מענש, אָבער אין 1903, האָט ער זיך, אין פראנקרייך, דערשאָסען פיהרענדיג אונטערהאנדלונגען מיט אַזעף'ען. מיר האָט מען דערצעהלט, אַז דערשאָסען האָט ער זיך פונקט דאַן, ווען מען האָט גערעדט וועגען נייע טעראָריסטישע ארויסטריטען, אין וועלכע אַזעף האָט זיך אויך געזאָלט באטייליגען.

פּיאָטער סערגעיעוויטש פּאָליוואַנאָוו, א זוהן פון א רייכען פּריץ אין סאַראַטאָווער גובערניע, איז געווען איינער פון די סימפּאַטישסטע מענשען אין דעם רעוואָלוציאָנערען לאַגער. א קליינער אין וואוקס, האָט ער געהאַט א שעהן פּנים פון מאַטאָווען קאָליר און צוויי שעהנע קאַרע אויגען. פונ'ם ערשטען

בליק אויף איהם האָט מען גלייך געקענט דערקענען, אַז ער קומט פון די דרום'דיגע געגענדען אין רוסלאַנד.

בטבע איז ער געווען גענויגט צו ראָמאַנטיזם; נאָך אין די קינדער־יאָהרען האָט ער געטרוימט צו זיין אַ העלד און נאַפּאָלעאָן איז ביי איהם געווען דער גרעסטער מענש אין דער וועלט. אין 1878, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער גימנאַזיסט, איז ער, אַלס אַ פּרייוויליגער, אוועק קיין סערביען קעמפּפען פאַר איהר זעלבסטשטענדיגקייט, און אין 1882, ווען ער איז שוין געווען אַ „נאַראָדאָוואָלעץ", האָט ער זיך אונטערגענומען ארויס־צופיהרען פון טורמע זיין חבר נאָוויצקי. דערביי האָט ער אין טורמע דער'הרג'עט אַ באַוואָפענטען וועכטער און ארויסגעראַ־טעוועט דעם חבר. אָבער די בריטשקע, אויף וועלכער פּאָליוואַ־נאָוו איז אַנטלאָפען מיט נאָוויצקי'ן, צוזאַמען מיט דעם רעוואָ־לוציאָנער ראיקאָ, האָט זיך אין מיטען דערינען איבערגעקעהרט און געענדיגט האָט זיך עס דערמיט, וואָס אַ צעיושעטער המון האָט ראיקאָ'ן אזוי צו'הרג'עט, אַז ער איז דערנאָך געשטאָרבען און נאָוויצקי מיט פּאָליוואַנאָוו'ען זיינען פאַר'משפט געוואָרען צום טויט און דערנאָך איז זייער טויט־אורטייל פארביטען גע־וואָרען אויף אייביגע קאַטאָרגע.

מען וואָלט זיי אפשר ניט געווען געשענקט דאָס לעבען, אָבער זיי ביידע — נאָוויצקי און פּאָליוואַנאָוו — האָבען צוגע־שיקט אַ בקשה, מען זאָל זיי באַגנאַדיגען. און ווען מען האָט שפּעטער געפרעגט פּאָליוואַנאָוו'ען, ווי אזוי ער האָט געקענט אונטערשרייבען אזא בקשה, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט דאָס געטאָן דערפאַר, וואָס ער האָט רחמנות געהאַט אויף זיין חבר נאָוויצקי. „איך האָב געמיינט, אַז ער וויל לעבען", — האָט ער געזאָגט. שפּעטער האָט מען דערצעהלט, אַז ער האָט די בקשה אונטערגעשריבען דערפאַר, וואָס ער האָט געדענקט, אַז ער איז אינגאַנצען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם פּאַרזוך, ארויסצופיהרען פון טורמע נאָוויצקי'ן, געגען וועמען עס איז פריהער קיין ערנסטע קלאַגע ניט געווען.

איינער פון פּאָליוואַנאָוו'ס מעהר כאַראַקטעריסטישע שטריכען איז געווען דאָס, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו ריידען מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג וועגען דריי פעלקער — טערקען, פּאָ־ליאַקען און שפּאַניער. זיין מיינונג איז געווען, אַז טערקען

זיינען פון דער נאטור ארענטליכע, אנשטענדיגע, קלוגע און פיינע מענשען, און פאליאקען און שפאניער זיינען פון דער נאטור גענויגט צו העלדישקייט. אין די שפאניער איז ער גע־ווען אזוי פארליבט, אז ער האט אין שליסעלבורגער פעסטונג אזש באקומען חשק זיך אויסצולערנען די שפאנישע שפראך. מיר האבען דערפאר געלאכט פון איהם, ווייל קיין שפאנישע לעהר־ביכער האט מען אין שליסעלבורגער פעסטונג ניט געקענט קרי־גען, און איך האב איהם אין שפאס, געקרוינט מיט דעם שפא־נישען נאמען „הידאלגא“.

חוץ דער שוואכקייט צו טערקען, פאליאקען און שפאניער, האט ער אויך געהאט א שוואכקייט צו פויגעלאך און טייבעלאך. ער האט זיי אזוי ליב געהאט, אז ער האט זיי פארנאדיעט צו די גראטעס פון זיין פענסטערעל און שטונדען לאנג פלעגט ער „ריידען“ מיט זיי און ער איז געווען זיכער, אז זיי פארשטעהען איהם און ער פארשטעהט זיי. זיין ליבע צו טייבעלאך איז גע־ווען אזוי גרויס, אז ער האט געבעטען די וועכטער, אז אנשטאט ברויט און אנדערע מאכלים, זאל מען איהם געבען האבער, און ער האט דעם האבער אוועקגעגעבען די טייבעלאך. די גערטענד־לאך, וואס מען האט אונז געגעבען באארבייטען, האבען צוגעצוי־גען א סך פויגעלאך און פאליוואנאוו איז מיט זיי געווארען אזוי היימיש, אז זיי פלעגען זיך אוועקזעצען ביי איהם אויפ'ן היטעל און פיקען די זערנעס, וואס ער האט פאר זיי צוגעגרייט.

אין דער אלעקסעיעווסקער „ראוועלינע“ פון דער פעטרא־פאוולאווסקער פעסטונג האט פאליוואנאוו איבערגעלעבט זעהר א סך און דאס האט אויף איהם אזוי געווירקט, אז ער איז גע־ווארען שרעקליך נערוועז און ווען ער איז געווען אין שליסעל־בורגער פעסטונג, האט אונז די נערוועזיטעט זיינע שטארק באאומרוהיגט און מיר האבען אלץ מורא געהאט, ער זאל נאך ניט ארונטער פון זינען. גאנץ אפט, ווען ער פלעגט ווערען זעהר נערוועז, האט ער זיך געהאלטען פון דער וויטענס, זיך ניט געלאזט ארויספיהרען אויף דער פרישער לופט און איינער אליין זיך ארומגעדרעהט הין און צוריק אין זיין איינזאמען קא־מער, א פארטראכטער, אן אומרוהיגער און א פארזארגטער.

פון פיזישע ארבייט האט ער זיך קיינמאל ניט אפגעזאגט. אבער קיין גאר גרויסען חשק צו דעם האט ער קיינמאל ניט

ארויסגעוויזען אין טורמע. שטאַרק אינטערעסירט האָט ער זיך אַלע מאָל מיט ביכער און ער האָט איינפאַך געשלונגען איין בוך נאָך דעם אַנדערען; ער האָט געלייענט אזוי פיל און אזוי שנעל, אז מען האָט איהם קיינמאָל ניט געקענט אָניאָגען. איינמאָל האָב איך איהם געפרעגט ווי אזוי ער קען לייענען אזוי שנעל, און דאַרויף האָט ער מיר געגעבען אזא ענטפער: „איך כאַפּ אָן מיט די אויגען און לייען איבער פופצעהן שורות מיט איינמאָל". אזא זעלטענע אייגענשאַפט — ווי מיר איז באַקאַנט פון דער ליטעראַטור — האָט געהאַט דער באַריהמטער פראַנצויזישער שרייבער עמיל זאָלאַ.

כאָטש פּאָליוואַנאָוו האָט אזוי שנעל געשלונגען איין בוך נאָך דעם אַנדערען, איז ער דאָך ניט געווען קיין אויבערפלעכלי־כער לעזער. אין דעם האָבען מיר זיך איבערצייגט אַ סך מאָל. איינמאָל האָט ער אויף שנעל איינגעשלונגען אַ גאַנצען נומער פון דער וועכענטליכער ענגלישער „טיימס" און דערנאָך האָט ער אונז מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט איבערגעגעבען אַלעס וואָס ער האָט דאָרטען געלעזען. אַ זכרון האָט ער געהאַט אַ זעלטענעם און אזוי ווי ער האָט זעהר אַ סך געלייענט און גע־לערענט, האָט ער צוגעקראָגען אַ סך וויסען פאַר די צוואַנציג יאָהר, וואָס ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. צו מאַטעמאַטיק און נאַטור וויסענשאַפט איז ער גע־ווען גלייכגילטיג, דערפאַר אָבער האָט ער זיך שטאַרק אינטע־רעסירט מיט פּאָליטישער געשיכטע און מיט אַלגעמיינע וויסענ־שאַפט און געהאַט אַ היבשע ידיעה אין דעם.

אין ליטעראַטור האָט ער אויך ארויסגעוויזען אַ באַדייטענ־דען טאַלאַנט. חוץ די עראינערונגען פון דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינא", וואו ער ווייזט ארויס באַאָבאַכטונגס קראַפט און אַ מערקווירדיגען פּסיכאָלאָגישען זכרון, האָט ער אויך אָנגע־שריבען אַן ערצעהלונג פון טורמע־לעבען, און אין דער צייט ווען מיר האָבען זיך אַלע אַ כאַפּ געטאָן שרייבען פּאָעזיע, האָט ער אָנגעשריבען איינינע גאַנץ גוטע לידער, אין רוסיש און אויך אין פראַנצויזיש.

האָבענדיג אזא זעלטענעם זכרון, איז ער דערפאַר געווען זעהר פעהיג צו שפּראַכען. חוץ רוסיש, פראַנצויזיש און דייטש, וואָס ער האָט אויסגעצייכענט גוט געקענט נאָך איידער מען

האָט איהם ארעסטירט, האָט ער זיך אין דער שליסעלבורגער פעסטונג גוט אויסגעלערענט ענגליש און שפּאַניש.

אין א גרופּע פון אַזוי פיל הויכגעבילדעטע מענשען, ווי די וואָס זיינען געווען פארשפּארט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט אַזאַ מענש ווי פּאָליוואַנאָוו זיך ניט געקענט וואַרפען צו־פיל אין די אויגען. אָבער מען האָט מיר דערצעהלט, אַז ווען ער איז ארוים פריי, האָט ער אין יעדער געזעלשאַפט געמאַכט אַן אויסערגעוועהנליך גוטען איינדרוק און אַלע האָבען באַוואונ־דערט זיינע זעלטענע פעהיגקייטען און זיך ניט געקענט גענוג אָפּלויבען פון דעם, ווי שעהן ער רעדט.

באַקאַנט מיט פּאָליוואַנאָוו'ען האָב איך זיך נאָך אין'ם יאָהר 1878. דאָס איז געווען אין סאַראַטאָוו, וואוהין איך בין געקו־מען ארבייטען אין דער „זעמסטוואָ" און אָנפיהרען א רעוואָלו־ציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די פּויערים אין דאָרף. אין יע־נער צייט איז פּאָליוואַנאָוו נאָך געווען א גימנאַזיסט און געווען טעטיג אין דער גרופּע פון זעלבסטבילדונג. לויט זיינע אַנשוי־אונגען איז ער שוין דאַן געווען אַ סאָציאַליסט און פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אַוועקלאָזען איבער די דערפער, אָנפיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פּויערים.

זעהר אָפט פלעג איך דאַן אריינקומען אין דער אַלגעמיינער קוואַרטיר, וואו מאַריאַ אַנטאָנאָווגאַ ברעשינסקאַיאַ איז געווען די בעל־הבית'טע, און דאָרט פלעג איך גאַנץ אָפט זעהן דורכ'ן פענ־סטער, ווי פּאָליוואַנאָוו, אַ קליינינקער, אַ קורצינקער, שלעפּט זיך איבער דער גאַס מיט אַ גאַנצען פּאַק בראָשורען אונטער'ן אָרעם, ער שאַרט זיך ביי די ווענט און קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטען. דאָס פלעגט ביי מיר אַרויסרופען אַזאַ געלעכטער, אַז איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטען און געמוזט מאַכען אַזאַ באַמער־קונג: „זעהט נאָר, פּאָליוואַנאָוו געהט „אין פאָלק." דאָס „געהן אין פאָלק" איז געווען זיין שעהנסטער אידעאַל; און יעדען שבת, אַזוי שנעל, ווי ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט די לעקציעס אין גימנאַזיע, האָט ער געכאַפּט אַ גאַנצען פּאַק פּראָקלאַמאַציעס און איז אַוועק אין דאָרף ביז מאָנטאָג.

צווישען אונזערע חברים אין שליסעלבורגער פעסטונג האָט פּאָליוואַנאָוו געהאַט אַ סך פריינד, אָבער מעהר ווי צו אַלעמען איז ער געווען צוגעבונדען צו מאָראָזאָוו'ן און צו שעבאַלינ'ען.

אין אלגעמיין איז געווען אוממעגליך ניט ליב צו האבען אט דעם קלוגען און גוטמוטיגען חבר, וועלכער האט אין זיך געהאט די שטרעבונגען פון א ריטער און די ווייכקייט פון א קינד.

ווען מיר האבען זיך אין שליסעלבורגער פעסטונג דערנאך דערוואוסט, אז ער האט זיך גענומען דאס לעבען דוקא דאן, ווען ער איז שוין געווען א פרייער מענש, זיינען מיר געווען שרעקליך איבערראשט. פאר אונז איז דאס געווען איינע פון די טרויעריג־סטע בשורות.

# אכטצעהנטער קאַפּיטעל.

## וואַרשטאַטען און גערטנער.



ינ'ם יאָהר 1893—94, ווען מען האָט אין שליסעלבורגער פעסטונג געמאַכט וואַרשטאַטען און יעדער איינער האָט זיך געקענט נעמען צו וואָס פאַר אַ פאַך ער האָט נאָר געוואָלט, האָט פיזישע אַרבייט אָנגעהויבען שפּילען אַ גרויסע ראָלע אין אונזער לעבען. די באַאמטע אין שליסעלבורג האָבען אונז אין דעם אַ סך אַרויסגעהאָלפען. די אַדמיניסטראַציע האָט ניט געזשאַלעוועט קיין געלט, און מיר האָבען אויסגעשריבען אַ סך ברעטער הובעלס, דלאָטעס, העמערלאַך, פּאָליר, קאַרדאָן, פּאַפּיר און נאָך אָהן אַ שיעור זאַכען.

מיר האָבען זיך אַלע אַ נעם געטאָן צו דער אַרבייט, געמאַכט שאַפעס, שאַפקעלאַך, שטוהלען און בענקלאַך. איינינגע פון אונז האָבען זיך אַזוי ספּעציאַליזירט אין סטאָלעריי, אַז זיי האָבען געמאַכט די פיינסטע קעסטעלאַך פון גוטען האָלץ און אויך געצאַצקעטע טעלער און וואַזעס.

ווי געוועהנליך די אַרבייט פון אינטעליגענטע מענשען, איז אונזער אַרבייט געווען געמאַכט שעהן און מיט אַ כך געשמאַק. כאָטש די מעהרסטע פון אונז, חוץ פּאַנקראַטאָוו'ן, מאַרטינאָוו'ן און אַנטאָנאָוו'ן, האָבען קיין מאָל ניט געהאַלטען קיין הובעל אין די הענד און ניט געהאַט דעם מינדסטען באַגריף אין סטאָלעריי, אָדער אין אַן אַנדער מלאכה, און געלערענט אַרבייטען האָבען מיר זיך פון אַ ביכעל.

קיין פּרנסה האָבען מיר פון דער אַרבייט ניט געדאַרפט האָבען, און דעריבער האָבען מיר זיך געקאָנט פאַרגינען צו מאַכען פאַרשידענערליי עקספּערימענטען און פאַלען אויף המצאות, און אַ דאַנק דעם פלעגט זיך אונז טאַקע אַמאָל איינגעבען אויסצואַרבייטען זעהר שעהנע זאַכען, וואָס האָבען אונז פאַרשאַפט אַ קינסטלערישען פאַרגעניגען. די גאָר שעהנע זאַכען פלעגען מיר געוועהנליך

אוועקשטעלען אין קאָרידאָר, כדי אַלע זאָלען זיי קענען אָנקוקען. אזוי האָט מען איין מאָל אין קאָרידאָר אוועקגעשטעלט דעם בופעט מיט א קארניז, וואָס אַנטאָנאָוו האָט געמאַכט. א האלב יאָהר האָט אַנטאָנאָוו אויף דעם בופעט געארבייט און געקראָגען האָט ער דערפאר גאַנצע פינף און צוואַנציג רובעל. דאָס געלט האָט ער ניט געוואָלט נעמען אינגאַנצען פאר זיך און ער האָט עס צוטיילט צווישען אונז.



אַנטאָנאָוו

עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד האָט אַנטאָנאָוו מיט אַלע מעגליכ־קייטען זיך געסטארעט, מען זאָל איהם ערלויבען צו מאַכען א קוזניע אין דער שליסעלבורגער פעסטונג; ער וויל זיך דאָרטען אָפּגעבען מיט שלאָסעריי. ערשט אין יאָהר 1900 האָט דער קיסר אַליין געגעבען די ערלויבניש צו מאַכען א קוזניע. און דאַן האָבען מיר זיך אַלע א נעם געטאָן צו דער ארבייט, און עס איז געוואָרען לעבעדיג. מיר האָבען די אַלטע געביידע אינגאַנצען אי־

בערגעבוים; עס זיינען אויסגעוואקסען ווארשטאטען, אלע זיינען געווארען בעלי־מלאכות; און ביסלאכווייז איז עס דערגאנגען אזוי ווייט, אז די וועכטער האבען שוין אפילו מעהר ניט פאר־שלאסען די טירען, ווען מיר האבען געארבייט ביי די ווארשטא־טען, און אלע מאל איז אן אנדער חבר אריין און ארוים, און קיי־נער האט איהם ניט געשטערט.

אין דער קוזניע האבען מיר אליין פון ציגעל צונויפגעלעגט א הארנע, און דערנאך איז די ארבייט אוועק א גאנג. מען האט געמאכט ראזיר־מעסערס, גלאט מעסערס, העק, האמערס, קלעש־טשעס און נאך אנדערע זאכען; און אנטאנאוו האט פארזיכערט, אז ער קען מאכען א מעכאניזם פאר א מאטאר־שיף און פאר מיר — א פארטעפיאן צו שפילען.

אויך די ארבייט אין די גערטענדלאך האט זיך ביי אונז שטארק אנטוויקעלט. לויט קאטאלאגען, האבען מיר אויסגעשרי־בען זריעה פון פארשידענערליי גרינסען און בלומען און שפעטער האבען מיר ארויסגעוויזען אין דעם אזוי פיל בריה'שקייט, אז מיר האבען ארויסגעקראגען 450 פארשידענערליי סארטען בלומען. אין דעם האט זיך שטארק אויסגעצייכענט לוקאשעוויטש, ווייל פון קליינערהייד אן איז ער געווען א גרויסער קענער פון בלומען און זיך אלע מאל אינטערעסירט מיט באטאניק.

פון די גרינסען, וואס מיר האבען ארויסגעקראגען פון אונ־זערע גערטענדלאך, האבען מיר איינמאל זאגאר געמאכט אן אויס־שטעלונג. אויף א גרויסער ברעט, איבערגעצויגען מיט ליילעכער און קאלירענדיגע שנירלאך, האבען מיר ארויסגעשטעלט די אלע גרינסען, וואס מיר האבען מיט אונזער ארבייט פון דער ערד ארויסגעקראגען — לוקאשעוויטש'עס גרויסע רעטעכער, אנטאנאוו'ס ריזיגע ציבעלעס, מיינע פילינצעס, איוואנאוו'ס רויזען, פאפאוו'ס פאטליזשאנעס און נאך גרינסען. די באזוכער פון דער אויס־שטעלונג זיינען געווען מיר אליין, דער קאמענדאנט גאנגארד און אויך דער דאקטאר. אויסשרייבענדיג די פארשידענערליי זריעות, האט לוקאשעוויטש פאר איינוועגס שוין געטאן א טובה די חברים, וואס זיינען געווען געוואוינט צו רויכערען און האבען קיין טא־באק ניט געהאט; ער האט אויפ'ן צעטעל ארויפגעשטעלט דאס לאטיינישע ווארט „ניקאטיאנא“ און דורכדעם געקראגען צוגעשיקט אויסגעצייכענט גוטען טאבאק און דערנאך האט ער געקראגען

זריעה פאַר מאַכאָרקע. ווען די מאַכאָרקעבלעטער זיינען אויס־
געוואַקסען, האָט מען זיי אויסגעטרוקענט, צוריבען, און עס איז
אַוועק אַ סדרה רויכערען. אַלע האָבען געראויכערט, פריהער אין
געהיים, די וועכטער זאָלען ניט זעהן, און דערנאָך פראַנק און פריי.

קיין שוועבעלאַך האָט מען אונז ניט געגעבען, און מיר האָבען
געמוזט דורכמאַכען אַלעס, וואָס די אַמאָליגע ווילדע שבטים האָ־
בען דורכגעמאַכט, ביז עס האָט זיך זיי איינגעגעבען אַרויסצוקריי־
גען פייער. נאָוואָרוסקי האָט אויסגעטראַכט עפּעס אַזאַ מאַכערייי
אַרויסצוקריגען פייער דורך רייבען. עס איז אָבער אויסגעקומען
אַזוי, אַז פון דעם רייבעניש איז געוואָרען אַ רויך, און קיין פונקען
האָט מען ניט געזעהן. דאַן איז סוראָוועצעוו געפאַלען אויף אַן
אַנדער שכל: ער האָט גענומען אַ קרעמען און אַביסעל שוועבעל
און געפּרואווט אַרויסקריגען פייער; אונז אַלעמען האָט ער פאַר־
זאָרגט מיט קרעמען־שטיינדלאַך און אַליין האָט ער ערגעץ גע־
פּרואווט צינדען שמאַטקעלאַך און פּאַפּירלאַך, ביז עס האָט זיך
איהם איינגעגעבען אַרויסצוקריגען פייער.

ווען די באַאַמטע אין שליסעלבורגער פעסטונג האָבען דערזעהן,
אַז אומעטום געהט אַ רויך און עס טשאַדעט, האָבען זיי פאַר־
שטאַנען, וואָס דאָס איז, און דאַן איז זיי איינגעפאַלען, אַז עס
וואָלט שוין געווען בעסער צו ערלויבען רויכערען פּאַפּיראָסען. און
אין 1896, ווען גאָרעמיקין, דער רוסישער מיניסטער פון אינער־
ליכע אַנגעלעגענהייטען, איז געקומען צו אונז מיט אַ וויזיט, האָט
דאָקטאָר בעזראָדנאָוו איהם באַוויזען, אַז רויכערען איז פאַר די
פאַרשפּאַרטע אַ גוט מיטעל געגען דער קראַנקהייט „צינגא“. און
דאַן האָט מען אונז ערלויבט צו רויכערען.

מען האָט אָבער דערנאָך אויך געגעבען זעהר ווייניג שווע־
בעלאַך און דאַן זיינען אונזערע חברים געפאַלען אויף אַ שכל און
האָבען יעדער שוועבעלע געשפּאַלטען אויף צווייען.

אייניגע חברים זיינען געווען אַזוי פאַרקאַכט אין גערטנעריי,
אַז עס זיינען פאַר זיי געווען ווייניג די צוועלף גערטענדלאַך, וואָס
מען האָט אונז געגעבען צו באַארבייטען. און ווען גאַנגאַרד איז
געווען דער קאָמענדאַנט האָבען זיי ביי איהם גע'פועל'ט, ער
זאָל אונז געבען נאָך צוויי גערטענדלאַך, און דערנאָך האָט פראַ־
לענקאָ מיט פּאָפּאָוו'ן אויסגעקעמפט נאָך אַ שטיק פון דעם גרוי־
סען הויף ביים אַלטען ציטאַדעל. זיי האָבען דאָס שטיק ערד גוט

באַארבייט און עס איז קיין זכר ניט געבליבען פון דער שרעק, וואָס האָט דאָרטען געשוועבט זינט מען האָט דערשאָסען מיש־קין'ען, מינאַקאָוו'ן, באשטראָפט מיט'ן טויט ראָגאטשאָוו'ן און שטראָמבערג'ן אין 1884, אוליאנאָוו'ן (לענינ'ס ברודער), שעווי־ראָוו'ן, אַנדרעיושקינ'ען, אָסיפּאַנאָוו'ן און גענעראַלאָוו'ן—אין 1887.

ביי דער געביידע פון דער אַלטער היסטאָרישער טורמע האָ־בען אונזערע חברים איינגעפיהרט אַ גרויסע פּלאַנטאַציע פון טאַבאַק, פּאַטלעזשאַנעס, אוגערקעס און דיניעס. שטאַרק אויסגע־צייכענט אויף דעם געביט האָט זיך פּראָלענקאָ; ער האָט געהאַל־טען אין איין פּלאַנצען און פאַרזייהען.*)

מיט דעם געלט, וואָס מיר האָבען פאַרדינט פון אונזער אַר־בייט, האָבען מיר זיך אַלע צוטיילט גלייך אויף גלייך. נאָר איינ־מאָל האָט פּראָלענקאָ געפּרואווט צו ברעכען אָט דעם כלל: ער האָט זיך געווענדעט צו אונז מיט אַ בקשה, אַז מיר זאָלען איהם ער־לויבען אָננעמען אַ ספּעציעלע באַשטעלונג און אַליין פאַרדינען צעהן רובעל, ווייל ער וויל אויסשרייבען צוויי עפּעל־בוימעלאַך, וואָס אינטערעסירען איהם זעהר שטאַרק.

לפנים האָט זיך געדוכט, אַז מען דאַרף נאָכגעבען זיין פאַר־לאַנג, ווייל אין דער בקשה האָט ער געשריבען, אַז מיר דאַרפען נעמען אין אַכט ניט נאָר זיך אַליין, נאָר אויך די אַנדערע חברים, וואָס וועלען פאַרשפּאַרט ווערען אין שליסעלבורגער פעסטונג שפּע־טער, נאָכדעם ווי מיר וועלען שוין דאָרטען ניט זיין. „נאָך אונז — האָט פּראָלענקאָ געשריבען אין זיין בקשה, — וועט מען ברענ־גען אַנדערע, און זיי וועלען האָבען כאָטש אַביסעל פאַרגניגען, זעהענדיג, ווי גרויס עס זיינען אויסגעוואַקסען די עפּעל־בוימער, וואָס מיר האָבען פאַרזעצט."

דאַן האָט זיך ביי אונז אָנגעהויבען אַ גאַנצע דעבאַטע וועגען דעם; מיר האָבען מורא געהאַט, אַז אויב מיר וועלען נאָכגעבען פּראָלענקאָ'ס פאַרלאַנג, וועט דאָס הייסען, אַז מיר צורייסען אונ־זער קאָמונע. האָבען מיר דאַריבער באַשלאָסען, ניט צו געבען פּראָלענקאָ'ן די ערבלויבניש אָנצונעמען אַ ספּעציעלע באַשטעלונג, און וואָס שייך די עפּעל־בוימעלאַך, זאָלען מיר זיי יאָ אויסשריי־

*) מעהר איינצעלהייטען וועגען פּראָלענקאָ'ן דערצעהל איך אין מיין בוך „די פאַרשפּאַרטע אין שליסעלבורג". (רוסיש). — וו. פ.

בען, און ניט נאָר פאַר צעהן רובעל, נאָר פאַר מעהר, אָבער דאָס געלט דאַרויף זאָל געהן פון דער אַלגעמיינער קאַסע.

אַ דאַנק די וואַרשטאַטען און די גערטענדלאַך, איז אויסגע־קומען אַזוי, אַז די שליסעלבורגער פעסטונג איז ביסלעכווייז געוואָרען אַ פאַרשלאָסען ווינקעל, וואו מענשען אַרבייטען זעהר פלייסיג און האָבען הנאה פון זייער אַרבייט. די מעהרסטע פון אונז זיינען שוין מיעד געווען פון לעזען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, אָהן אַ באַשטימטען ציעל און אָהן אַ סיסטעם; שוין מיעד געווען פון דעם שטודירען, אָהן אַ האָפנונג זיך צו באַנוצען דערמיט, וואָס מען האָט אויסגעשטודירט; שוין מיעד געווען צו טראַכטען שטענדיג וועגען די זעלבע אידעען און די אייגענע טרוימען; שוין מיעד געווען פון דעם, וואָס מען האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען מיט אַלץ איינע דאגות... ניט האָ־בענדיג די מעגליכקייט זיך אָפּצוגעבען מיט געזעלשאַפטליכער אַרבייט און ברענגען נוצען אַנדערע, האָבען מיר געפונען פאַר־גניגען און רוה אין פיזישער אַרבייט; דאָס האָט צושטרייט אונזערע נערווען, מיר האָבען פאַר זיך געפונען אַ ציעל אין לע־בען און געהאַט נחת דערפון, וואָס מיר האָבען גענומען אַזאַ וויסטען און פוסטען ווינקעל און געמאַכט פון איהם אַ בליהענדען גאָרטען.

אויף דעם געביט האָבען אונזערע חברים איינפאַך געשאַפען וואונדער. וואַסילי איוואַנאָוו האָט פון זיין גאָרטען אַרויסגע־קראָגען פאַרשידענערליי מינים רויזען. לוקאַשעוויטש און נאָוואָ־רוסקי האָבען פון בלעך געמאַכט רעהרען און אַוועקגעשטעלט אַן אמת'ען פאָנטאַן אין דעם גערטענדעל, וואָס מען האָט זיי גע־געבען באַאַרבייטען. אַרום דעם פאָנטאַן, וואו אַ שמאָל וואַ־סערעל האָט געשפּריצט אַזוי שעהן, האָבען זיי אַוועקגעלעגט קליינע שטיינדלאַך פון פאַרשידענערליי קאָלירען און ביי די שטיינדלאַך — פאַרשידענע פלאַנצונגען און גרינסען. עס איז געווען אַ פאַרגניגען צו קוקען.

דאָס וואַסערעל פון פאָנטאַן האָט זיך געשושקעט מיט דער שטילקייט, און דאָס איז געווען אַזוי אָנגענעהם צו הערען... „דער באַכטשיסעראַיער פאָנטאַן“ — אַזוי האָב איך עס גערופען.

נאָוואָרוסקי און לוקאַשעוויטש האָבען זעהר געוואָלט, אַז איך זאָל אויך האָבען פאַרגניגען, האָבען זיי ביים פלויט פון

דעם גערטענדעל, וואָס מען האָט מיר געגעבן באַארבייטען, פאַרזעצט אַ גאַנצע רייהע מיט פאַרבלעטערטע בוימעלאַך, וועלכע האָבען זיך זעהר שעהן צואוואַקסען און פאַרשטעלט דעם גאַנצען פאַרקען אַזוי, אַז ער האָט אויסגעקוקט, ווי אַ גרינע וואַנט. און טאַמער האָט פון ערגעץ אַ גרינג ווינטעל אַ בלאָז געטאָן, האָט זיך די גרינע וואַנט אַזוי שטיל און אַזוי שעהן געהוידעט, אַז עס איז געווען אַ פאַרגניגען צו קוקען. און דערצו האָט נאָך נאָוואָרוסקי אין מיין גאָרטען, אויך געמאַכט אַ פאָנטאַן, און דאָס וואַסערעל האָט זיך דאָרט אויך געשושקעט מיט דער שטילקייט.

די גרינע וואַנט פון בוימעלאַך, וואָס האָבען אינגאַנצען פאַרשטעלט דעם פאַרקען פון דער טורמע, און דאָס שעהנע שמאָלע וואַסערעל, וואָס האָט פונ'ם פאָנטאַן געשטראָמט, — האָבען געגעבען גאָר אַן אַנדער פּנים דעם ווינקעל, וואו איך האָב געשפּאַצירט אין די ערשטע יאָהרען, וואָס מען האָט מיך אין געפענגניש פאַרשפּאַרט. פריהער איז דאָס געווען אַ פּוסטער פּלאַץ, וואו עס איז קיינמאָל קיין גרעזעל ניט געוואַקסען, און די ערד איז דאָרט געווען אָנגעכמורעט און האַרט, ווי אַ שטיין; אַלעס אַרום איז געווען טויט און וויסט. און איצט איז דאָרט אַלעס מיט אַמאָל געוואָרען לעבעדיג און בליהענד.

# נײנצעהנטער קאַפּיטעל.

## אַ דראַטענער פּאַרקען.




ען מיר האָבען געקראָגען נאָך צוויי גערטנער און אויף דעם גרויסען הויף בײ דער אַלטער טורמע, זײנען אונזערע „ערד־אַרבייטער“ נאָך אַלץ ניט געווען איינגאַנצען צופרידען. פאַר זיי איז דאָס געווען וועניג און זיי האָבען געוואָלט נאָך.

פּונקט ווי דער פּויער אין טאָלסטאָי׳ס ער־צעהלונג „וויפיל ערד דאַרף דאָס איינגאַנצען האָבען אַ מענש?“, האָבען זיי געוואָלט אַלץ מעהר און מעהר; זיי האָבען פּשוט ניט געקענט קוקען גלייכגילטיג אויף אַ שטיק ערד, וואָס איז ניט באַאַרבייט.

עס האָט זיי געקאָרטעט, און זיי האָבען ניט געקענט זיין רוהיג, וויסענדיג, אַז הינטער דער טורמע געפינט זיך אַ גרויס שטיק פּלאַץ, וואָס איז באַוואַקסען מיט ווילדע גראָז; זיי האָבען דאָרטען געוואָלט פּאַרזעצען בוימער און מאַכען פון דעם גאַנצען פּלאַץ אַ שעהנעם בליהענדען גאָרטען. די רעגירונג האָט אָבער ניט געוואָלט געבען קיין ערלויבניש דאַרויף, כאָטש אונזערע חברים האָבען געהאַלטען אין איין בעטען. ערשט אין 1898 אָדער 99 — איך געדענק שוין ניט גענוי — האָט מען די ער־לויבניש געגעבען. „זאָל זיין אַזוי! — האָבען די באַאַמטע פון דער שליסעלבורגער פעסטונג זיך אודאי געטראַכט, — אַרבייט, גראָבט ערד, אַבי אין טורמע זאָל זיין שטיל.“

דער גרויסער הויף הינטער דער אַלטער טורמע איז באַ־שטאַנען פון אַ פּוסטען שטיק פּלאַץ. דריי זייטען זיינען איינגאַנ־צען געווען פאַרשטעלט מיט די ווענט פון׳ם ציטאַדעל; אומעטום האָט דאָרטען געוואַקסען ווילדע קראָפּיווע, און עס האָבען זיך געוואַלגערט אָהן אַ שיעור שטיינער און שטיינדלאַך און גלאַט איבריגע זאַכען. דער אויבערשטער טייל פון׳ם הויף איז כמעט איינגאַנצען געווען פאַרשאָטען מיט גרויסע הרודעם סאַלך, און

עס האָט דאָרטען גאָרניט געקענט וואַקסען. אַ בוים, וואָס איז שוין אודאי אַלט געווען אַ פּאָר הונדערט יאָהר, איז געשטאַנען איינזאַם אין אַ ווינקעל, און דאָס האָט נאָך מעהר אונטערגע־שטראָכען די פּוסטקייט און אָפּגעלאָזענקייט פון דעם גאַנצען הויף. און פון אָט דעם שטיק מדבר האָבען אונזערע חברים געוואָלט מאַכען אַ שטיק גן־עדן.

אַן אויפגאַבע איז דאָס געווען זעהר אַ שווערע, אָבער ווען מען נעמט זיך צו עפּעס מיט חשק, איז קיין זאַך ניט צו שווער. חשק צו אַרבייטען האָבען אונזערע חברים געהאַט זעהר אַ סך. זיי האָבען צוגראָבען דעם גאַנצען הויף; אַרויסגעוואָרפען אַלע שטיינער; אַרויסגעטראָגען אַלע הרודעס און סטרוזשקעס און אָפּ־גערייניגט דעם פּלאַץ.

כדי עס זאָל דאָרטען אויף דער ערד קענען וואַקסען, האָבען אונזערע חברים אויסגעגראָבען אַ טיפען ברייטען גרוב, אַרויס־געקראָגען פון דאָרטען אַזאַ מין ליים, עס אויסגעמישט מיט זאַמד און פאַרטרוקענטער מיסט און דערנאָך האָבען זיי גענומען די הרודעס קאַלך און די אַנדערע איבעריגע זאַכען און זיי אַריינגע־וואָרפען אין גרוב.

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם, האָט מען זיך ערשט אַ נעם געטאָן צו דער אַרבייט, וואָס האָט געזאָלט מאַכען פון דעם שטיק מדבר אַ גן־עדן. מיך האָט מען אַהין ניט אַריינגעלאָזט, ווייל די חברים האָבען מיך געוואָלט איבערראַשען.

אַזוי איז אַוועק אַ שטיק צייט, זיי האָבען דאָרט אַלץ געאַר־בייט און מיך האָט מען אַהין ניט צוגעלאָזט. און איינמאָל האָב איך דערהערט אַ קול:

„ווערא, איצט קענסטו געהן אַ קוק טאָן!“

דער טאָג האָט שוין געהאַלטען ביים פאַרגעהן, ווען די זשאַנדאַרען האָבען מיך אַריינגעפיהרט אין דעם אָפּגעצאַמטען הויף, וואָס איך האָב נאָך געדענקט אַלס אַ מדבר. איך בין אַריין און געבליבען שטעהן אַן איבערראַשטע. לעבען דעם אַלטען בוים, וואָס איז פריהער געשטאַנען איינזאַם אין אַ ווינקעל, האָב איך דערזעהן אַ גאָרטען, אַן אמת'ען שעהנעם גאָרטען, מיט קוסטעס און קלומבעס. וואו דאָס אויג האָט נאָר געגעבען אַ קוק, האָט מען געזעהן בלומען. הויכע ליליעס האָבען צוואוואָרפען זייערע געלע שפּיציגע קנאָספּען, און שעהנע געאָרגינען האָבען אַזוי

חנ׳עוודיג אראפּגעלאָזט די מאַלינאָווע קעפּעלאך. אומעטום האָט געבליהט, אומעטום האָט געוואקסען גרינס, און דער אַלטער בוים האָט מיטאמאָל גאָר העכער די צווייגען אויפגעהויבען און מיט פרייד געקוקט אויף אַלעס. אַך, ווי וואונדערבאר! ווי שעהן! טאקע ווי אַן אמת׳ער גאָרטען! אפילו אַ דראָטענער פּארקען אַרום און אַרום.

אַ פּארטראַכטע בין איך געשטאַנען און אַריינגעאָטעמט אין זיך דעם אָנגענעמען ריח פון די בלומען. אין דרויסען איז געווען שטיל, און עס האָט זיך שוין געפיהלט דאָס אָנקומען פון דער נאכט. עס איז געווען אַזוי שעהן... און אזוי איינזאם... אָט איז אַ גאָרטען, בלומען און אַ דראָטענער פּארקען, און אַרום און אַרום — די הויכע ווענט פון דער פעסטונג.

און איך האָב אַליין ניט געוואוסט, פאַרוואָס איך וויין.

ערשט שפּעטער, ווען מען האָט מיך אַריינגעפיהרט צוריק „אהיים“, ווי איך האָב זיך איינגעוואוינט צו רופען מיין קאַמער, האָב איך זיך בארוהיגט און אָנגעהויבען פארשטעהן, פאַרוואָס איך האָב געוויינט. אָ ט ד ע ר גאָרטען, וואָס מיינע חברים האָבען באשאפען ביי די ווענט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, ז י י נ ע קוסטעס, ז י י נ ע בלומען, ז י י ן דראָטענער פּארקען,— האָבען מיך דערמאָנט אָן אַ נ ד ע ר ע גערטנער, אָן אַנדערע פּאַר־קענס. די געשטאַלטען, וואָס איך האָב פריהער געהאט מיטגע־נומען מיט זיך אַהער פון דער פרייהייט, זיינען שוין געהאט אַרויס פון׳ם זכרון אָדער גלאַט פאַררוקט געוואָרען ערגעץ אין אַ ווינקעל; און איצט, ווען איך האָב דערזעהן דעם דראָטענעם פּארקען אין גאָרטען, האָט עס אויף מיר אַ הויך געטאָן מיט היימליכקייט; די אַלע פאַרגעסענע געשטאַלטען זיינען ווידער אַרויסגעשוואומען אין זכרון; און איבער דעם האָבען זיך מיר גע־גאָסען די טרערען פון די אויגען.

# צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

## הויכגעשטעלטע באַאַמטע קומען אונז באַזוכען.



אין די ערשטע צעהן יאָהר איז אויסגעקומען אַזוי, אַז יעדע זעקס מאָנאַטען האָבען מיר געהאַט די „זכיה" צו זעהן אַן אַנדער הויכגעשטעלטען באַאַמטען פון פּעטערבורג. דאָס זיינען געווען מיניסטאָרען, געהילפס־מיניסטאָרען, קעפּ פונ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט און גלאַט גענעראַלען. אַזוי, אַז אין די ערשטע צעהן יאָהר, וואָס מיר זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָבען מיר איבערגעזעהן די אַלע באַאַמטע, וואָס האָבען פאַרנומען הויכע פּאָסטענס אין דער רעגירונג. די מיליטערישע לייט פלעגען, געוועהנליך, קומען מאַכען אַ מיליטערישע רעוויזיע אין דער פעסטונג, און פאַר איין וועגס האָבען זיי זיך שוין אויך אַריינגעכאַפּט צו אונז; די אַנדערע באַאַמטע ווידער זיינען שוין געקומען ספּעציעל צו אונז — זעהן, ווי אַזוי מיר לעבען און ווי מיר פיהרען זיך אויף, ווייל אויף אונז, אויף די אַרעסטאַנטען פון דער שליסעלבורגער פעסטונג, האָט מען געקוקט אַנדערש, ווי אויף די אַרעסטאַנטען אין אַלע אַנדערע טורמעס.

אַזוי שנעל ווי די שליסעלבורגער פעסטונג איז געוואָרען פאַרטיג, האָט מען אַהין פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אַריבערגעפיהרט די אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטען, וואָס זיינען נאָך געבליבען לעבען.

שיראַיעוו, באַראַניקאָוו, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, קאָלאָדקעוויטש, לאַנגאַנס, קלעטאָטשניקאָוו און אויך נעטשאַיעוו, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינע" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, זיינען שוין דאַן געווען טויט, איינציגווייז זיינען זיי דאָרטען אויסגעשטאָרבען.

פריהער האָט מען אַהין אַריבערגעפיהרט די אַלע לעבעדיגע,

וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין דעם פּראָצעס פון דער „נאַ־ראָדנאַיאַ וואָליאַ“, אינ׳ם 81טען, 82טען און 83טען יאָהר — מאָראָזאָוו׳ן, באָגדאַנאָוויטש׳ן, איסאַיעוו׳ן, גראַטשעווסקי׳ן, טרי־גאָני׳ן, בוצעוויטש׳ן, פראָלענקאָ׳ן, זלאַטאָפּאָלסקי׳ן, אַראָנטשיק׳ן, קלימענקאָ׳ן און פּאָליוואַנאָוו׳ן. דערנאָך האָט מען אַהין גע־בראַכט די אַרעסטאַנטען, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין אַנ־דערע פּאָליטישע פּראָצעסען, מען האָט זיי אומגעקערט פון סי־ביר און פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורג, און דאָס זיינען געווען אונזערע חברים: מישקין, יורקאָווסקי, מ. פּאָפּאָוו, בוצינסקי, דאָלגאָאושין, קאָביליאַנסקי, געלים, אינגנאַטי איוואַנאָוו, מינאַ־קאָוו, קריזשאַנאָווסקי, מאַלאָווסקי און שטשעדרין.

אין אָקטאָבער האָט מען אַהין געבראַכט נאָך ניין מענשען, די וואָס זייען געווען פאַרמישט אין דעם „פּראָצעס פון די 14“— מיך, לודמילאַ וואָלקענשטיין, וואַסילי איוואַנאָוו׳ן, סוראָווצעוו׳ן, נעמאָלאָווסקי׳ן, אַשענברענער׳ן, יואָוואַטשאָוו׳ן און טיכאַנאָ־וויטש׳ן. די לעצטע דריי זיינען געווען אָפיצערען. שפּעטער האָט מען געבראַכט מאַנוטשאַראָוו׳ן, און אין דעצעמבער — נאָך פיער „נאַראָדאָוואָלצעס“ פון קיעוו: פּאַנקראַטאָוו׳ן, מאַרטי־נאָוו׳ן, שעבאַלינ׳ען און קאַראַאולאָוו׳ן. אין 1885 האָט מען געבראַכט לאַגאָווסקי׳ן און אין 1886 — יאַנאָוויטש׳ן און וואַ־רינסקי׳ן; אין 1887 האָט מען געבראַכט לוקאַשעוויטש׳ן און נאָוואָרוסקי׳ן, און שפּעטער — לאָפּאַטינ׳ען, אַנטאָנאָוו׳ן, קאָנאַ־שעוויטש׳ן, ס. איוואַנאָוו׳ן און סטאַראָדוואָרסקי׳ן; אין 1888 איז צוגעקומען אָרזשיך. נאָכהער זיינען אַוועק דרייצעהן יאָהר, און קיינער איז ניט צוגעקומען. ערשט אין יאָהר 1901 האָט מען צו אונז געבראַכט קאַרפּאָוויטש׳ן, אַ מענש פון דעם נייעם דור, וואָס האָט אָהן אונז אָנגעפיהרט דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף, וואָס מיר האָבען אָנגעהויבען.

דער ערשטער הויכגעשטעלטער רעגירונגס־באַאַמטער, וואָס האָט אונז באַזוכט אין יאַנואַר, אינ׳ם יאָהר 1885, איז געווען גענעראַל אָרזשעווסקי, אַ הויכער, אַ שעהנער און שלאַנקער מאַן. אין יענער צייט איז ער געווען דער געהילפס־מיניסטער פון אינ־לענדישע אָנגעלעגענהייטען און דער הויפּט פון דער זשאַנדאַר־מעריע.

מיט איהם בין איך געווען באַקאַנט נאָך פון פריהער; איך

האָב איהם צוויי מאָל געזעהן אין פּאָליציי־דעפּארטמענט, נאָכ־דעם ווי מען האָט מיך פון כארקאָוו געבראכט קיין פּעטערבורג אונטער א שטרענגער וואך.

ווען ער איז אריינגעקומען צו מיר אין קאמער, נומער 26, האָב איך איהם גלייך דערקאָנט. ער איז נאָך אַלץ געווען פּונקט אזוי שעהן, שלאנק און עלעגאנט ווי פריהער. איך ווידער האָב שוין גאָר געהאט אן אנדער פּנים; די שעהנע לאנגע האָר מיינע זיינען געווען אָפּגעשאָרען, און אָנגעטאָן בין איך געווען אין א גרויען כאַלאַט, מיט א לאַטקעלע אויף די פּלייצעס. מיך איז שווער געווען צו דערקענען.

די ערשטע קאמער, רעכטס פון מיר, איז געווען פּוסט און ווייטער איז אימיצער געווען פארשפּארט און איך האָב ניט גע־וואוסט ווער. די ערשטע צייט האָב איך יעדען אויף פארנאכט פון דאָרט געהערט טריט, הילכיגע, געמאָסטענע טריט; פינף פאָראויס און פינף צוריק! ווער קאָן דאָס דאָרטען שפּאצירען אזוי פעסט? — האָב איך זיך געהאַלטען אין איין ברעכען דעם קאָפּ. און מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אז דאָס מוז זיין באָראַניקאָוו, דער יונגער, שעהנער גבור אונזערער, וועלכער פלעגט נעמען אן אייזערנע פּאָדקאָווע און זי צובויגען מיט די הענט.

פאר וואָס מיר איז גראָד איינגעפאלען, אז דאָס מוז זיין באָראַניקאָוו ווייס איך אליין ניט. און איך האָב זיך דערמאָנט ווי די שוועסטער פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אַנטאָן רובינשטיין, האָט מיך איינמאָל אין אָדעס מיטגענומען הערען איהר ברודער'ס אָפּערע „דעמאָן" און נאָך פון אָנהויב האָב איך גלייך באמערקט, אז דעמאָן איז זעהר געראָטען אין באראניקאָוו'ן. און איצט — איך ווייס אַליין ניט פאר וואָס — האָט מיר זיין געשטאַלט געשוועבט פאר די אויגען יעדען אויף דער נאכט, אזוי שנעל ווי איך האָב נאָר דערהערט די פעסטע טריט פון יענעם קאמער.

איך האָב ניט געוואוסט אז ער, דער געזונטער, העלדישער באראניקאָוו, די פארקערפּערונג פון טעראָר, איז שוין טויט; כ'האָב ניט געוואוסט, אז ער איז געווען איינער פון די ערשטע חברים אונזערע, וואָס זיינען געשטאָרבען אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַ־וועלינע" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. וואָרים ווער האָט זיך גאָר געקאָנט ריכטען, אז אזא גבור וועט ניט אויסהאַל־טען און וועט שטאַרבען איינער פון די ערשטע!

עטליכע וואָכען זיינען אוועק. יעדען אויף דער נאכט האָבען זיך פון דעם קאמער נומער 28 געהערט די פעסטע, געמאָסטענע טריט, און דערנאָך האָבען זיי זיך אויפגעהערט טראָגען פון דאָר־טען. עס איז געוואָרען שטיל. אויף דער פרישער לופט האָט מען איהם ניט געפיהרט, די טהיר פון זיין קאמער האָט מען ניט געעפענט. פון דעם איז פאר מיר געווען קלאָר, אז ער איז אודאי קראַנק געוואָרען. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייעס: בייטאָג און אויך ביינאַכט, אלע מאָל ווען איך האָב זיך נאָר אויפגעכאפּט, האָב איך געהערט ווי דאָרטען, אין יענעם קאמער קרעכצט א מענש אזוי שווער, אז עס פארקלעמט אזש ביים הארצען. ווער זשע איז ער, דער מענש? — האָב איך ניט אויפגעהערט קלערען. — פאר וואָר קרעכצט ער אזוי? איז ער קראנק? שטארבט ער?

און ווידער אַמאָל דאָס זעלבע:

ווער איז ער? זאָל דאָס זיין באַראַניקאָוו? און אויב ניט באַראַניקאָוו, טאָ ווער זשע דען? קאָן איך איהם, דעם מענשען? אפשר איז ער מיינער אַן אלטער פריינד?... שטיל האָב איך זיך צוגעהערט צו יעדען קרעכץ, צו יעדען הוסט; געמיינט, אז דורך דעם וועל איך אפשר אויפכאפּען דעם אָפּקלאַנג פון א באַקאַנטער שטימע. אָבער אומזיסט!

און איך האָב אזוי געוואָלט וויסען ווער ער איז, דער קראַנ־קער חבר, וואָס קרעכצט און מוטשעט זיך ווי פאר'ן טויט!

אין דער לינקער זייט פון מיין קאמער האָט אַן אנדער חבר געהאַלטען ביים שטארבען. דאָס איז געווען מאַלאָוווסקי. אָבער איך האָב ניט געוואוסט, אז דאָס איז ער, און הערענדיג ווי ער קרעכצט און הוסט פון יענער זייט וואנט, איז מיר איינגעפאַלען, אז דאָס מוז זיין מיין פריינד מארטין לאַנגאַנס. אז לאַנגאַנס איז שוין טויט האָב איך ניט געוואוסט.

פון דער רעכטער זייט האַלט א חבר ביים שטארבען אין א פארשלאָסענער קאמער, פון דער לינקער זייט גוסס'ט א חבר, א פארשפּארטער — און איך קאָן זיי ניט העלפען, און איך קאָן זיי אפילו ניט זעהן! אכט און צוואנציג מענשען, אכט און צוואנציג חברים, לעבעדיגערהייט באַגראָבען אין אכט און צוואנציג קברים!

נו, ווי זשע האָב איך געקאָנט שווייגען ווען אין אזא מאָ־מענט איז צוגעקומען צו מיר דער גענעראל אָרזשעוווסקי, א רו־

היגער, א שעהנער, אן עלעגאנטער, אן אויסגעפּוצטער און קאלט־בלוטיג געפרעגט צו איך האָב ניט עפּעס א קלאגע?!...

— איך בעט אייך, — האָב איך אָנגעהויבען ריידען נערוועז און אויפגערעגט, ווי עס רעדט געוועהנליך א מענש, וואָס זיצט לאנג אין טורמע און שווייגט די גאנצע צייט. — איך בעט אייך, טוט מיר א טובה און הייסט צונעמען די קראנקע פון דאנען. זייערע קרעכצען בייטאָג און בייניאכט ווע‌לען מיר פון זינען ארונ־טערפיהרען. איך קאָן דאָס שוין ניט אריבערטראָגען... געשיקט זיך, אז דאָ איז גאָר נישטאָ קיין שפּיטאָל פאר קראנקע?

גענעראל ארזשעוווסקי האָט מיך אויסגעהערט, ניט געענט־פערט א וואָרט און איז ארויס.

איך האָב געמיינט, אז ער וועט נעמען אין אכט מיין בקשה, אָבער איך האָב געהאַט א גרויסען טעות. מען האָט די קראנ־קע ניט צוגענומען אין ערגעץ. די בקשות פון די אנדערע ארעס־טאנטען האָט ער אויך בלויז אויסגעהערט, אָבער ניט דורכגע־פיהרט.

וואסילי איוואנאָוו, איינער פון אונזערע חברים, האָט זיך פאר איהם באקלאָגט דארויף, וואָס די זשאנדארען האָבען איהם געשלאָגען. דער גענעראל האָט איהם אָבער ניט געגלויבט און געפרעגט דעם מיליטערישען דאָקטאָר זארקעוויטש, צי דאָס איז אמת; יענער איז אבער געווען א גרויסער טרוס, האָט ער די קלאגע געלייקענט, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אז מען האָט איוואנאָוו'ן יאָ געשלאָגען, ווייל ער אליין האָט איהם דערנאָך קוים אָפּגעמינטערט. אָרזשעוווסקי האָט דעם דאָקטאָר גיכער געגלויבט און דערפאר האָט ער אויף איוואנאָוו'ס קלאגע געענט־פערט דערמיט, וואָס ער האָט א ציה געטאָן מיט די אקסלען און איז אוועק.

אן אנדערער, א קראנקער אויף שווינדזוכט, האָט זיך פאר איהם געקלאָגט דארויף, וואָס ער קאָן ניט אריבערטראָגען די קאשע, וואָס מען גיט געוועהנליך די ארעסטאנטען, און דארויף האָט ער, דער גענעראל אָרזשעוווסקי, געענטפערט מיט א שמייכעל און געזאָגט, אז קאשע איז זעהר א גוט מאכל און אז ער אליין האָט ליעב קאשע — דאָס לעבען מיט דער נשמה.

אין דעם זעלבען יאָהר, אָסיען צייט, איז צו אונז געקומען מיט א וויזיט נאָך א הויכגעשטעלטע פערזענליכקייט פון פּע־

טערבורג. דאָס איז געווען פּ. נ. דורנאָוואָ. איהם האָב איך אין גאַנצען ניט געקענט.

אין מיין קאַמער איז געווען קאַלט. אין די ערשטע יאָהרען איז דאָרטען שטענדיג געווען קאַלט. און איך ווייס ניט, צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס מען האָט שלעכט געהייצט, אָדער דער־פאַר וואָס איך האָב געליטען פון בלוט־אָרימקייט. ווי די זאַך זאָל ניט זיין — עס איז מיר געווען קאַלט, און איך בין שטענדיג געווען אָנגעטאָן אין דעם פּעלצעל וואָס מען האָט מיר געגעבען ווען מען פיהרט אַרויס אויף שפּאַציר אין דרויסען.

ווען דורנאָוואָ איז אריינגעקומען צו מיר אין קאַמער, אין דער באַגלייטונג פון זיין סוויטע, האָב איך איהם גלייך מיט די אויגען אָפּגעמאָסטען — אַ קליינינקער, אַ לעבעדיגער, מיט אַ פּנים פון אַ מענשען, וואָס איז צופרידען מיט דער וועלט און מיט זיך אַליין — נאָך מעהר.

— פאַרוואָס זיינט איהר אָנגעטהאָן אין אַ פּעלצעל? — האָט ער מיך געפרעגט.

— ווייל עס איז מיר קאַלט, — האָב איך געענטפערט.

— מאָדנע, מיר איז דאָ דוקא ניט קאַלט — האָט ער געזאָגט.

די באַקען זיינען ביי איהם געווען רויט און פון'ם מויל האָט געזעצט דער ריח פון פּאָרט־וויין. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך ביים קאָמענדאַנט אין הויז נאָר וואָס גוט אָנגע־געסען און אָנגעטרונקען; און איצט טהוט ער זיך אָן פאַרגעניגען דערמיט וואָס ער געהט זיך אַרום איבער די קאַמערען פון שליסעל־בורגער פעסטונג. קיין חידוש ניט, פאַרוואָס ס'איז איהם ניט קאַלט.

שולדיג בלייבען איהם אַן ענטפער האָב איך ניט געוואָלט, און איך האָב אויף זיין באַמערקונג אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג אַזוי:

—ווען עס איז וואַרים און ווען עס איז קאַלט...

קיין נחת פון זייערע וויזיטען האָבען מיר ניט געהאַט. קיין טובות אויך ניט. און עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז איינער האָט ליב געהאַט די קאַשע, צו וועלכער אַ שווינדזיכטיגער האָט זיך אפילו מיט די ליפּען ניט געוואָלט צוריהרען, כאָטש ער האָט קיין אַנדערע מאכלים ניט געהאַט, און דער אַנדערער האָט גע־זאָגט, אַז עס איז איהם וואַרים, נאָכדעם ווי ער האָט זיך גוט אָנגעגעסען און גוט אָנגעטרונקען מיט וויין.

...מיט צוויי אָדער דריי יאָהר שפּעטער — איך געדענק שוין ניט גענוי — האָט אונז דורנאָוואָ ווידער „מזכה" געווען מיט א וויזיט. ווי שטענדיג, איז ער אריינגעקומען מיט צוויי זשאַנדאַרען פוןביידע זייטען און מיט אַ גאַנצער סוויטע — מיט דעם קאָמענדאַנט און אויפזעהער, מיט זיין אַרויסהעלפער און מיט עטליכע אָפיצערען פון דער פעסטונג; קיין לאַנגע גע־שפּרעכען האָט ער מיט מיר ניט פאַרפיהרט; ער האָט בלויז גע־פרעגט ווי איך פיהל זיך און געזונד, צי איך האָב ניט עפּעס אַ קלאַגע און — אוועק.

מיט אַמאָל האָט זיך די טיר ווידער געעפענט און דורנאָוואָ איז ווידער אריינגעקומען צו מיר אין קאַמער איינער אליין, אָהן אַ סוויטע. איך בין דאַמאָלט געווען אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, אַ בלאַסע, אַ נערוועזע און א צורודערטע, אָנגעטאָן אין דעם שווערען מאַנטעל. און ווי איבערראַשט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב דערזעהן ווי דורנאָוואָ געהט צו צו מיר שנעל און נעמט מיר אָן ביי דער האַנט, גלייך ער וואָלט געווען מיי־נער אַן אַלטער גוטער פריינד. און נאָך מעהר איבערראַשט בין איך געוואָרען ווען איך האָב דערזעהן ווי ער קוקט מיר אַזוי צערטליך אין די אויגען און פרעגט מיר שטילערהייט: „אייך איז דאָ אומעטיג, האַ?"

אין'ם בליק פון מיינע אויגען איז ניט שווער געווען צו דער־קאַנען, אַז עס איז מיר זעהר ביטער אויפ'ן האַרצען; דאָך האָב איך פאַרקריצט די צייהן און געענטפערט קאַלט: „ניין, מיר איז דאָ ניט אומעטיג".

ווען דורנאָוואָ האָט דערהערט מיין קאַלטען ענטפער, האָט ער גלייך אָפּגעלאָזט מיין האַנד און אָנגעהויבען ריידען צו מיר מיט אַ קאַלטען, אָפיציעלען טאָן, און אָנוויזענדיג אויף די גרינסען וואָס זיינען געלעגען אויפ'ן אייזערנעם טישעל, האָט ער געפרעגט צי זיי זיינען פון די גערטענדלאַך, וואָס מיר באַארבייטען, און ער איז אוועק.

איהם האָט זיך, אַפנים, שטאַרק געגלוסט צו פאַרפיהרען אַ געשפּרעך מיט אימיצען פון די אַרעסטאַנטען פון דער שליסעל־בורגער פעסטונג, און דאָס האָט זיך איהם איינגעגעבען מיט לאַפּאַטין'ען. יענער האָט איהם גערן דערצעהלט ווי אַזוי מען לעבט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

כאַטש דורנאָוואָ איז געווען אַ שטרענגער, אַן אָנגעקראָכ־מאַלעטער, האָט ער דאָך געהאַט אַ שוואַכקייט צו ריידען מיט די אַרעסטאַנטען פון שליסעלבורגער פעסטונג וועגען אינטימע זאַכען, וועגען זייערע פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען, אָבער בלויז אין אַזאַ פאַל, ווען ער האָט זיי געקאָנט אָנזאָגען אַ שלעכטע בשורה. אַזוי האָט ער יאַנאָוויטש'ן געבראַכט די נייעס, אַז זיבען מענשען פון זיין פאַמיליע זיינען געשטאָרבען, און אַ צווייטען חבר אונזערען האָט ער דערצעהלט, אַז זיין ווייב האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערען...

נאָך ווייניגער נחת האָבען מיר געהאַט פון פאָן־וואַל'ען. דאָס איז געווען אַ גראָבער, אומגעהובעלטער סאָלדאַט, וועלכער האָט אַנדערש ניט געקאָנט ריידען, ווי נור מיט'ן טאָן פון אַ „נאַטשאַל־ניק". ווען ער איז אַריינגעקומען צו מיר אין קאַמער, האָט ער געהאַט אַ טענה, פאַרוואָס עס הענגט דאָרטען ניט קיין „איקאָנע". דער אויפזעהער האָט איהם דאַרויף געענטפערט, אַז די אַרעס־טאַנטען נעמען אַרונטער די הייליגע בילדער, וואָס מען הענגט אויף ביי זיי אין די קאַמערען. דאָס איז געווען ניט אמת, ווייל די זשאַנדאַרען אַליין האָבען אַרונטערגענומען די „איקאָנעס", ווען זיי האָבען געזעהן אַז מיר זיינען ניט פרום און מיר דאַווענען ניט. איך האָב אָבער קיין חשק ניט געהאַט מיט פאָן־וואַל'ען צו פאַר־פיהרען אַ געשפרעך.

אויך דער עלעגאַנטער, העפליכער, טיפּיש־פּריצ'ישער ביוראָ־קראַט זוואָליאַנסקי איז ביי אונז אין דער פעסטונג געווען אַ גאַסט. יעדער איינער פון די באַזוכער האָט אַלץ געפרעגט, צי מיר האָבען ניט עפּעס אַ קלאַגע, אָבער זיי האָבען זיך זעהר ווייניג צוגעהערט צו די קלאַגעס וואָס מיר האָבען געבראַכט. דאָס איינ־ציגע וואָס זיי האָבען יאָ אויפגעטאָן מיט זייערע וויזיטען איז — זיי האָבען אונז נאָך מעהר צורודערט די נערוועז.

עטליכע מאָל איז ביי אונז געווען דער גוטמוטיגער גענעראַל פעטראָוו מיט די רויטע בעקלאַך. מיט איהם פלעגט זיך יורקאָוו־סקי גערן אַריינלאָזען אין לאַנגע געשפּרעכען. און דערנאָך פלעגט ער, דער גוטמוטיגער גענעראַל, אַלץ זאָגען, אַז די שליסעלבורגער פעסטונג מעג גענומען ווערען אַלס אַ ביישפּיעל פאַר אַנדערע טורמעס.

אָויך דער גענעראַל שעבעקאָ איז ביי אונז געווען דריי מאָל,

אָבער צו מיר אין קאמער איז ער אריינגעקומען בלויז איין מאָל. דאָס איז געווען אין יאָהר 1887, און דאן האָב איך פאר איהם געבראכט א קלאגע אויף'ן אויפזעהער, ווייל יענער האָט מיך באַ־לייידיגט און האָט מיר געזאָגט „דו" דערפאר, וואָס איך האָב איינ־מאָל אויף א קונציגען אופן אריבערגעשיקט אַ צעטעלע צו מיין פריינד יורי באָגדאנאָוויטש, וועלכער איז געווען פארשפארט אין אן אנדער קאמער.

— דער אויפזעהער ערלויבט זיך צו ריידען מיט מיר אזוי גראָב, אז אפילו מיט א דינסט רעדט מען ניט אזוי אין אן אנ־שטענדיג הויז, — האָב איך זיך פאר דעם גענעראל שעבעקאָ געקלאָגט.

— זי איז ניט צופרידען דערפון, וואָס איך זאָג איהר „דו", — האָט דער אויפזעהער געפרובט שוואכער מאכען מיין קלאָ־גע.

— ניט נאָר דאָס, — האָב איך צוגעגעבען, — דער אויפזעהער באגעהט זיך שלעכט ניט נאָר מיט מיר, נאָר אויך מיט אלע אנ־דערע ארעסטאַנטען. ניט לאנג צוריק האָט מען אויף זיין באַ־פעהל געשלאָגען איינעם פון אונזערע חברים (פאָפאָוו'ען) און צו א צווייטען (גראטשעווסקי'ן) האָט ער זיך אזוי לאנג גע־טשעפעט, ביז יענעם איז נמאס געוואָרען דאָס לעבען און כדי פטור צו ווערען פון אלע צרות, האָט ער דעם דאקטאר דערלאנגט א פאטש. מיט מיר אליין באגעהט ער זיך זעהר גראָב. און אויב ער וועט זיך ווייטער אזוי באגעהן, וועל איך איהם ניט שווייגען.

דארויף האָט דער גענעראל שעבעקאָ, מיט א טאָן פון מיטגעפיהל, געענטפערט אזוי:

— איהר האָט געהאט דאָס אומגליק אריינצופאלען אהער אין שליסעלבורגער פעסטונג, און איך מוז אייך זאָגען, אז וואָס מעהר איהר וועט זיך שטעלען אקעגען, אלץ ערגער וועט דאָס זיין פאר אייך.

מיט די אנדערע ארעסטאַנטען ווידער, איז ער געווען זעהר שטרענג און גראָב. ווען ער איז אריינגעקומען צו שעבאלין'ען האָט ער אויף איהם בייז א קוק געטאָן און זיך געווענדעט צום אויפזעהער מיט אזא פראגע: „ווער איז ער, דער מענש? וואָס פאר א חוצפה'דיגען פרצוף ער האָט דאָס!" און ווען טרי־

גאָני, איינער פון אונזערע חברים, האָט זיך פאר איהם אויף עפּעס באַקלאָגט, איז ער געוואָרען אין כעס און פּאר'ן אוועקגעהן געזאָגט: „שמיץ דארף מען זיי געבען! אויפזועהער, שמיץ דארף מען זיי געבען!" דאָס זעלבען האָט ער געזאָגט ביי קאָנאשעוויטש'ן אין קאמער, און אויף דער וואָלקענשטיין האָט ער זיך צושריען ווי א רוצח: „איהר פיהרט זיך דאָ אויף זעהר ניט גוט — האָט ער זיך געבייזערט — אַלע מאָל דארף מען אייך פארשפּארען אין קארצער.... פארגעסט ניט, אַז אין די אינסטרוקציעס איז דאָ אַ פּונקט צו געבען שמיץ!"...

ווען מיר האָבען זיך אַלע דערוואוסט וועגען דעם, איז ביי אונז געבליבען, אַז אויב ער וועט נאָך אמאָל קומען, זאָלען מיר מיט איהם קיין וואָרט ניט ריידען. און אויב ער וועט שטעלען אַ פראגע, זאָלען מיר איהם ניט ענטפערען.

מיט איין יאָהר שפּעטער איז דער גענעראל שעבעקאָ ווידער געקומען צו אונז מיט אַ וויזיט. ער איז גלייך אריין צו דער וואָלקענשטיין אין קאמער און אָנגעהויבען: „אייער מוטער".... אָבער נאָך איידער ער האָט אוספּעיעט ארויסצוריידען נאָך אַ וואָרט, האָט איהם די וואָלקענשטיין אָפּגעשטעלט:

— פון אייך וויל איך גאָר ניט הערען, אפילו וועגען מיין מוטער!

דאן איז דער גענעראל ארויס אַ פארשעהמטער, און מעהר איז ער שוין צו קיינעם פון אונז ניט אריין...

פון די אַנדערע הויכגעשטעלטע רעגירונגס-באַאמטע דארף דאָ דערמאָנט ווערען גאָרעמיקין. אַן אַלטער, אַ צוקנייטשטער, אַן אמת'ע חורבה, אַ קערפּערליך, אַ גייסטיג, האָט ער אויף אונז געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פאָלשטענדיגען עובר בטל, און די פראגעס, וואָס ער האָט אונז געשטעלט, זיינען געווען אזוי קאָמיש, אַז מען האָט זיך פּשוט געדארפט שטיקען פון געלעכטער. יעדע פראגע זיינע איז געווען קורץ, באַשטאַנען פון איין וואָרט און עס איז שווער געווען צו וויסען וואָס ער מיינט. אזוי האָט ער פאַנקראַטאָוו'ן געשטעלט אַ פראגע פון איין וואָרט: „חיה'לאך?" יענער האָט געמיינט, אַז גאָרעמיקין פרעגט איהם, צי עס זיינען נישטאָ קיין וואַנצען אין קאמער, ארויסגעוויזען האָט זיך אָבער, אַז דער מיניסטער מיינט גאָר די ענטאָמאָלאָגישע קאָלעקציעס, וואָס מיר האָבען צונויפגעשטעלט...

אן אנדער חבר אונזערען האט ער געשטעלט אזא פראגע:
„שטיינדלאך?"

יענער האט ניט פארשטאנען וואס דער מיניסטער מיינט, איז ער געבליבען שטעהן און ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען, און דאן האט דער אויפזעהער ערקלערט, אז „זיין האהייט" מיינט די מינעראלאגישע קאלעקציעס אונזערע...

איך מוז אבער צוגעבען, אז צו די קלאגעס וואס מיר האבען פאר איהם געמאכט, האט ער זיך צוגעהערט, און אייניגע פון זיי האט ער דורכגעפיהרט. א דאנק איהם האט מען די צוויי גייסטיג־קראנקע, קאנאשעוויטש און שטשעדרין, אריבערגעפיהרט קיין קאזאן אין אן אנשטאלט פאר גייסטיג־קראנקע.

מיר האבען אויך געהאט צו גאסט דעם מיניסטער סוויאטאפאלק־מירסקי, און שפעטער — דעם גענעראל פאנטעלעיעוו. דער באזוך פון ערשטען האט נאך מעהר אויפגעלעבט אונזער איגדוס־טריעלע טהעטיגקייט. ס. איוואנאוו האט געבעטען, מען זאל אונז ערלויבען אריבערשיקען אונזערע ארבייטען צו די אייגענע, און סוויאטאפאלק־מירסקי האט די ערלויבניש געגעבען.

פאר אונז האט דאס געמיינט זעהר א סך, ווייל מיר האבען אלע געוואלט וויזען אונזערע קרובים און פריינד וואס פאר גוטע בעלי מלאכות מיר זיינען געווארען און וואס פאר שעהנע זאכען מיר מאכען אליין. איך האב צוגעגרייט א וואונדערבאר שעהנע מינעראלאגישע קאלעקציע אויף טעצעלאך, וואס איך האב אליין אויסגעשניצט און אויך א הילצערנע קעסטעלע מיט די ערשטע בוכשטאבען פון דער מאמע'ס נאמען. איך בין געווען זיכער, אז מען וועט דאס איבערגעבען אין די ריכטיגע הענד, פונקט ווי מען האט איבערגעגעבען די זאכען, וואס די אנדערע חברים האבען געשיקט פאר זייערע אייגענע. שפעטער אבער האב איך אויס־געפונען, אז מען האט דאס ניט איבערגעגעבען, און ווען איינער פון מיינע קרובים איז געקומען אין פאליציי דעפארטאמענט מא־כען אן אנפראגע וועגען דעם, האט מען געענטפערט, אז מען וועט זיי ניט אפגעבען, ווייל מען וויל ניט, אז מען זאל זיי בא־טראכטען אלס אנטיקען. ערשט ווען מיין שוועסטער אלגא האט זיך שטארק איינגע'עקשנ'ט און געזאגט, אז זי וועט ניט אפטרעטען ביז מען וועט איהר ניט אפגעבען די זאכען, וואס איך האב ארויסגעשיקט פאר איהר פון שליסעלבורג, האט מען איהר אפ־

געגעבען איין זאך — דאָס הילצערנע קעסטעלע, וואָס איך האָב געמאכט פאר איהר אינגעלע. די אנדערע זאכען זיינען פאר־פאלען געוואָרען.



ניקאָלאַי מאָראָזאָוו

גענעראל פאנטעלעיעוו, אַן איינגעדארטער אלטיטשקער, אָבער זעהר א לעבעדיגער און א טעמפעראמענפולער, האָט זיך באצויגען זעהר גוט צו מאָראָזאָוו'ן. ער האָט גענומען ביי איהם דעם מאַ־נוסקריפט פון דעם ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבען וועגען כעמיע און איהם איבערגעגעבען דעם כעמיקער קאנאוואלאָוו, ער זאָל ארויסזאָגען זיין מיינונג וועגען דעם. שפּעטער האָט קאנאַ־וואלאָוו צוגעשיקט מאָראָזאָוו'ן א בריעף און איהם שטארק גע־לויבט און דערביי האָט ער איהם אָנגעוויזען אויף אייניגע זאכען, וואָס זיינען, לויט זיין מיינונג, ניט אינגאנצען ריכטיג פעסט־געשטעלט.

חוץ די געשפּרעכען וועגען בעמיע, האָט דער גענעראַל פּאַנ־טעלעיעוו ליעב געהאַט צו ריידען מיט מאַראַזאָוו'ן וועגען פּאָלי־טישע פראגען אויך. איין מאָל, ריידענדיג וועגען פּאָליטיק, האָט דער גענעראַל, מיט א טאָן פון נצחון, געזאָגט צו מאַראַזאָוו'ן אזוי:

איהר האָט פּאַרפיהרט א קאַמף געגען דער זעלבסטהערשענ־דער רעגירונג און צום סוף איז זי איצט נאָך שטאַרקער ווי פריער.

מאַראַזאָוו איז איהם ניט שולדיג געבליבען קיין ענטפער.

— איהר מעגט זיך דענקען אזוי — האָט ער פעסט געזאָגט, — און איך בלייב מיר אַלץ פעסט ביי מיין מיינונג, אז בלויז דאַן וועט רוסלאַנד ווערען זיין פּאָליטיש פריי, וועט זי זיך קאָנען ענט־וויקלען און צובליהען".

די מיניסטאָרען סיפּיאַגין און פּלעווע האָבען אונז קיינמאָל ניט „באַעהרט" מיט קיין וויזיט. מיר האָבען דאמאָלט אפילו ניט געוואוסט ווער עס שטעהט ביים רודער פון דער רעגירונג.

## איין און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

### די פירסטען מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא.



י שליסעלבורגער פעסטונג איז געוועזן פּונקט ווי א פאר'כשוף'טער שלאָס אין א פאנטאסטישער מעשה'לע: מען קאָן אהין ניט צוקומען, מען קאָן פון דאָרטען ניט ארויס — אלע וועגען און שטעגען זיינען פארשטעלט.

פאר די ארעסטאַנטען האָט געגילט דער כלל: „פון דאנען געהט מען ניט ארויס, פון דאנען טראָגט מען ארויס".

און פאר די מענשען אויף דער פרייהייט איז געוועזן אן אנדער כלל: „אהער קאָן מען אריינקומען, אָבער ארויסגעהן פון דאנען — דאָס ניט".

צווישען אונז איז ארומגעגאנגען א לעגענדע, אז דער גרויסער שרייבער פון רוסלאנד, לעוו טאָלסטאָי, האָט זעהר שטארק געוואָלט זעהן ווי אזוי מיר לעבען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג; ער האָט געוואָלט, מען זאָל איהם צולאָזען צו אונז, אָבער די רעגירונג האָט דאָס ניט געוואָלט און די טהויערען פון אונזער פאר'כשוף'טען שלאָס זיינען פאר איהם געבליבען צוגעמאכט. מען זאָגט, אז אין יענער צייט האָט טאָלסטאָי געשריבען זיין „דער־וואכונג" און ער האָט געהאט בדעה צו שעפּען לעבעדיגען מאטעריאל פאר א קונסטווערק צווישען די ווענט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג.

איך ווייס ניט, צי דער קלאַנג איז אמת צי ניין. איך ווייס נאָר, אז מען האָט קיינעם צו אונז ניט צוגעלאָזט און מען האָט אָפּגעהיט דעם כלל: „אהער קאָן מען אריינקומען, אָבער ארויסגעהן פון דאנען — דאָס ניט".

אויך דעם צווייטען כלל האָט מען שטענדיג געהאט אין זינען: „פון דאנען געהט מען ניט ארויס, פון דאנען טראָגט מען ארויס".

אַ סך פון אונז האָט מען ווירקליך אַרויסגעטראָגען. אָבער אייניגע האָט זיך דאָך איינגעגעבען איבערצולעבען די אַלע צרות און דערנאָך אַרוסגעהן פריי.

צוואַנציג יאָהר זיינען אַוועק פון דער צייט זינט מען האָט אויסגעבויט די שליסעלבורגער פעסטונג און קיין איין פרייער מענש האָט ניט געהאַט די געלעגענהייט צו קומען צו אונז מיט אַ וויזיט און אַוועקגעהן. ערשט שפּעטער האָבען זיך די פאַר־שלאָסענע טויערען פונ׳ם פאַר׳כישוף׳טען שלאָס געעפענט, און צוויי פרייע מענשען, ניט קיין בעאַמטע, ניט קיין „נאַטשאַלניקעס", זיינען געקומען צו אונז צו גאַסט מיט אַ געפיהל פון ברודערליכ־קייט, מיט אַ געפיהל פון ליעבע.

די צוויי זיינען געווען: די פירסטין מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָווא און דער פעטערבורגער מעטראָפּאָליט אַנטאָני.

דאָס איז געווען אין אַ הייסען יוני־טאָג, אין יאָהר 1904. די טהיר פון מיין קאַמער האָט זיך געעפענט און דער קאָמענדאַנט יאַקאָוולעוו איז אַרייגעקומען מיט עטליכע זשאַנדאַרען.

געוועהנליך פלעגען די זשאַנדאַרען אַלע מאָל שטעהן בעת ער האָט גערעדט מיט מיר. דאָס מאָל אָבער האָט ער זיי געהייסען אַרויסגעהן, און בלייבענדיג מיט מיר אַליין, האָט ער געזאָגט:

— אין פעטערבורג איז פאַראַן אַן אַלטיטשקע, זעהר אַ גוטע און זעהר אַ האַרציגע פרוי. דאָס איז די פירסטין מאַריאַ מיכאַי־לאָוונאַ דאָנדוקאָווא־קאָרסאַקאָוואַ. זי איז זעהר אַן אָנגעזעהנער מענש ביים קיסר אין הויף, האָט פאַרבינדונגען מיט די גרעסטע און די גאָר הויכע פּענסטער. זי קאָן טאָן אַ סך טובות די אַרעס־טאַנטען... זי וואָלט אייך געוואָלט זעהן. האָט איהר גאָרניט געגען דעם?

אין יענער צייט איז דאָס מיר אויסגעקומען מאָדנע, דאָך האָב איך געענטפערט:

— וואָס אַרט דאָס מיך? אַז זי וויל מיך זעהן, קאָן זי מיך זעהן.

אויך ביי די אַנדערע אַרעסטאַנטען האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט, צי זיי וועלען אויפנעמען די פירסטין. אַלע האָבען איינגעשטימט, בלויז איין לאָפּאַטין האָט געענטפערט אין שפּאַס:

— צו וואָס טויג זי מיר, די אַלטע? נאָר אויב זי וויל קומען, וועל איך זיך הינטער'ן בעט ניט באַהאַלטען...

דאָס האָט דעם קאָמענדאַנט שטאַרק פאַרדראָסען און ער איז אַוועק, געבענדיג אַ שטאַרקען קלאַפּ מיט דער טהיר.

ווי יעדע נייעס אין געפענגניש, האָט מיך די נייעס וועגען דער פירסטין שטאַרק צורודערט. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ צוטראָגענע און אַליין ניט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך מיט מיר.

עטליכע טעג זיינען אַוועק, און איינמאָל האָט זיך די טהיר פון מיין קאַמער געעפענט און אויף דער שוועל איז געבליבען שטעהן אַ הויכע, דיקלעכע דאַמע, מיט שעהנע גרויע האָר און מיט אַן עדעל פּנים, וואָס איז געל ווי וואַקס.

ווען זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי אויסגעשטרעקטביידע הענד, און מיט אַ שטימע, וואָס ציטערט פון אַלטקייט, אָנגעהויבען ריידען:

— וועראַ ניקאָלאַיעווונאַ!... וועראַ ניקאָלאַיעווונאַ!... עס איז שוין אַזוי לאַנג זינט איך רייס זיך צו אייך!...

איך בין געבליבען שטעהן אַזוי צומישט, אַז איך האָב ווירקליך ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין; איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ חלום, אַ שעהנער און דאָך אַ שרעקליכער חלום. עס האָט מיר אָנגעהויבען שווינדלען אין די אויגען; איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז מיין מאַמע, וועמען איך האָב שוין צוואַנציג יאָהר ניט געזעהן, און ווען די אַלטע מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ האָט מיט איהרע ווייכע הענד אַרומגענומען מיין קאָפּ און צוגעטוליעט צו דער ברוסט, האָבען זיך מיר די טרערען גענעבען אַ שפּאַר פון די אויגען און איך האָב זיך שטאַרק פונאַנדערגעוויינט.

איך האָב לאַנג געוויינט און זיך ניט געקאָנט באַרוהיגען. די גוטע אַלטיטשקע האָט מיך געגלעט איבער'ן קאָפּ, און איך האָב געגאָסען מיט טרערען און עטליכע מאָל דאָס זעלבע געפרעגט:

— ווי אַזוי האָט איהר געקאָנט צוקומען צו אונז? אהער קאָן מען דאָך נאָר אריינקומען, אָבער ארויסגעהן קאָן מען ניט פון דאַנען!

און מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ, מיט דעם ליכטיגען שמייכעל אויפ'ן דורכזיכטיג-געלען פּנים, האָט געקוקט אויף מיר צערטליך

מיט איהרע צוויי אויסדרוקספולע גרויע אויגען, און מיט א ציטערדיגער שטימע געזאָגט:

— איך וויל איבערלעבען דאָס זעלבע וואָס איהר אַלע לעבט דאָ איבער; איך וויל זיין דאָ מיט אייך און אריבערטראָגען אַלעס, וואָס איהר טראָגט אריבער... איך האָב שוין ניט איין מאָל געבעטען, מען זאָל מיך דאָ פארשפארען אין א קאַמער, און איך וועל ווייטער בעטען... דערווייל האָט מען מיר בלויז ערלויבט זיך צו באזעצען ביים קאָמענדאנט אין א צימער. ער איז אַזאַ גוטער, אַזאַ פיינער מאַן.

אַזאַ טייערע נשמה! ווי שעהן עס איז ארויסגעקומען, ווען זי האָט אויסגעדריקט דעם וואונש, אז מען זאָל זי אויך פארשפארען אין אַ קאַמער אין שליסעלבורגער פעסטונג! ווי קינדעריש־נאאיוו זיך האָט פאַרגעשטעלט זאכען, וואָס זיינען יאָ מעגליך, אָדער ניט מעגליך! זי איז געקומען צו אונז מיט א פעסטען גלויבען אין מענשען; זי איז געווען זיכער, אז אויב מענשען טהוען שלעכטס איינער דעם אַנדערען, איז דאָס נאָר דערפאר וואָס זיי ווייסען דאָס אַליין ניט, און עס איז גענוג זיי צו ערקלערען און געבען צו פארשטעהן ווי עס באדארף צו זיין, וועלען זיי מעהר קיין שלעכטס ניט טהאָן און אלעס אין לעבען וועט זיין גוט — אזוי גוט, אַז גאָט און לייט זאָלען דערפון הנאה האָבען.

אליין אן אמת'ע אריסטאָקראַטקע פון דור דורות און דערביי נאָך א שוואכע פרוי פון 76 יאָהר, האָט זי אין שטאָדט געפונען פאר זיך אַ קליין צימערל, זיך געשפייזט מיט שאָקאָלאד און טרוקענע קיכלאך און יעדען זונטאג געפאָרען קיין פעטערבורג, צו איהר שוועסטער עסען אביסעל געקעכטס.

זי איז כמעט שטענדיג געווען הונגעריג, און ווען מיר האָבען זיך דאָס דערוואוסט, האָבען מיר זי אויפגענומען פאר א טייערען גאסט אַלע מאָל ווען זי איז צו אונז געקומען. מיר האָבען פאר איהר צוגעגרייט פרוכטען פון אונזערע גערטענדלאך און זי האָט זיי גערן גענומען, ווייל אין דעם האָט זי געזעהן אן אויסדרוק פון אנערקענונג און צערטליכקייט. ביי פראָלענקאָ'ן אין גאָרטען איז געוואקסען א וויינשעל־בוים, וואָס ער האָט אליין פארזעצט. פראָלענקאָ האָט פון דעם בוים אָנגעקוואָלען און אלץ געזאָגט, אז ער שטעהט אזוי חן'עוודיג ווי א כלה־מיידעל. אָבער יאָהרען זיינען אוועק און קיין ווינשעל האָט מען אויף דעם בוים ניט

געזעהן. ערשט אין יאָהר 1904 האָבען זיך אויף דעם בוים גע־וויזען זעכצעהן ווײַנשעל און פראָלענקאָ האָט איבער זיי געצי־טערט ווי א געטרייער פאָטער איבער זיינע געראָטענע קינדער. ווען זיי זיינען צייטיג געוואָרען האָט ער דרייצעהן פון זיי צו־טהיילט צווישען אונז און די איבעריגע דריי האָבען מיר מיט פאַראַד אונטערגעטראָגען א מתנה דער גוטער פירסטין מאַריא מיכאַילאָוונא...



מיכאַאיל פראָלענקאָ

אין דרויסען האָט געמעגט זיין א רעגען, א ווינט, א שטורם — זי האָט זיך דערמיט ניט גערעכענט, און אויף א קליין־שיפעלע געפאָהרען צו אונז אויפ'ן אינזעל, און אויך פאַרנאַכט האָט זי זיך איינע אַליין אומגעקערט צוריק אין שטאָדט אריין און צופוס זיך געשלעפּט איבער די פינסטערע גאַסען און געסלאַך.

קערפּערליך איז זי געווען אַלט, אָבער גייסטיג איז זי געווען יונג, און אין דעם וואָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלץ און גע־נומען אויף זיך אזוי פיעל ארבייט, צו האָבען די געלעגענהייט צו ברענגען פאר אונז א טרויסט וואָרט און מוטערליכע צערטליכקייט איז געלעגען א וועלט מיט שעהנקייט.

פון די ערשטע באגעגענישען מיט איהר, האָבען מיר גלייך

געזעהן, אז די פירסטין איז א מענש פון א העכערער וועלט. אין פראקטישען לעבען איז זי געווען ווי א קינד; זי האט ניט גע־וואוסט דעם אונטערשיעד פון א האלב פונט ביז א גאנץ פונט און ניט געהאט דעם מינדסטען באגריעף אין געלד־זאכען. מיט פאלי־טישע און סאציאלע פראגען האט זי זיך ניט אינטערעסירט; זיי זיינען איהר אינגאנצען ניט אנגעגאנגען. און מען קאן זאגען, אז דער קאמענדאנט יאקאוולעוו איז אומזיסט געשטאנען אויף דער וואך און זיך צוגעהערט צו דעם, וואס זי רעדט מיט אונז; ער האט אלץ געמיינט, אז זי וועט מיט אונז נאך, חלילה, פאר־פיהרען א געשפרעך וועגען פאליטיק; אבער די פירסטין האט קיין מאל אזא געשפרעך ניט פארפיהרט. אין די הויכע פענסטער אין פעטערבורג האט מען, א פנים, געוואוסט וועמען מען מעג צולאזען צו אונז און וועמען ניט.

איהר מוח איז געווען פול מיט רעליגיעזע אידעען, און ווי זי האט מיר דערצעהלט האט זי זיך נאך פון קליינערהייד אן ארומגעטראגען מיט דעם געדאנק צו העלפען די אומגליקליכע מענשען, וואס זיצען אין די טורמעס. ווען זי איז נאך געווען א קליינע מיידעלע איז זי קראנק געווארען און א לענגערע צייט געלעגען אין בעט, און פון דאן אן איז זי געווארען זעהר פרום. נאך דאן האט זי באשלאסען, אז זי זאל קיינמאל ניט התונה האבען און אוועקגעבען איהר לעבען פאר ארימע און אומגליקליכע. זי האט געדארפט קריגען א גרויסע ירושה, אבער זי האט זיך אפגעזאגט דערפון; זי האט פון דער ירושה גענומען בלויז אזוי פיעל וויפיעל זי האט געדארפט אויף צו גרינדען א שוהלע פאר בארמהערציגע שוועסטער און א שפיטאל פאר סיפיליטיקער און פאר זיך אליין — ניט מעהר ווי זעקס הונדערט רובעל א יאהר.

ריידענדיג מיט מיר, האט זי דערצעהלט ווי זי האט אין ליטווישען שלאס באזוכט קרימינעלע פארברעכער און מערדער; אין קאלינקער שפיטאל — פראסטיטוטקעס, און דארטען האט מען זי געזידעלט און געמאכט מיט דער בלאטע צוגלייך, אבער זי האט מיט יענע מענשען אזוי לאנג גערעדט גוט און צערטליך, ביז זיי האבען אנגעהויבען קוקען אויף איהר מיט גאר אנדערע אויגען. זי האט מיך פארזיכערט, אז מיט גוטע ווערטער האט זי שוין ניט איין מענשען געראטעוועט און א סך קראנקע זייבען, א דאנק

איהר, געשטאָרבען, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, „אין פריעדען מיט גאָט, מיט לייט און מיט זיך אליין“.

פון די געשפּרעכען, וואָס איך האָב מיט איהר געהאַט, האָב איך אויסגעפונען, אז אין איהר לעבען איז געווען א צייט ווען זי איז געווען שטארק פארקאָכט אין גאָט־זוכעניש. איינמאָל האָט זי זאָגאר געוואָרפען אַן אום חן אויף דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען, און זייענדיג אין ענגלאנד, האָט זי צוגעשטאַנען צו דער אַפּאָסטאָלישער קירכע. שפּעטער אָבער האָט זי זיך אומגעקערט צוריק צום פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען. „איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, — האָט זי מיר געזאָגט, — אז א מענש דארף שטאַרבען אין דעם זעלבען גלויבען, וואָס ער איז געבוירען געוואָרען. אין געשפּרעכען וועגען רעליגיאָן האָט זיך ביי איהר דאָך געמערקט דאָס אוועקגעהן פון דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען; זי האָט ניט געהאַלטען פון קיין תעניתים, פון קיין הייליגע בילדער און חוץ דעם האָט זי געגלויבט, אז א מענש באַשטעהט פון דריי עלעמענטען: א קערפּער, א נשמה און א גייסט; אונשטערבליך און ניט־ערדיש איז בלויז דער גייסט, די נשמה אָבער איז ענג צונויפגעוואקסען מיט׳ן קערפּער און איז שטערבליך פונקט אזוי ווי ער. דערצו איז זי נאָך געווען פעסט איבערצייגט, אז א מענש מעג זיין דער גרעסטער אפּיקורס, אָבער אָהן א געטליכען פונק אין הארצען קאָן ער ניט לעבען...

לויט איהר פיינקייט, געשליפענקייט, פעסטקייט אין כאַראקטער און אויך לויט איהר אויסגעהאַלטענקייט, וואָס האָט געקענט געשאפען ווערען טאָקי נאָר אין אזא אריסטאָקראַטישער סביבה, אין וועלכער זי האָט געלעבט, איז מאַריאַ מיכאַילאָווּנאַ געווען א מערקווירדיגער שעהנער טיפּ מענש, ביי וועמען אלעס איז פארבונדען מיט רעליגיאָן. מען האָט געקאָנט ניט איינשטימען מיט איהרע רעליגיעזע איבערצייגונגען, מען האָט אָבער געמוזט האָבען דרך ארץ פאר זיי, מען האָט געמוזט זיי רעספּעקטירען. אלס א כאַראקטער, אלס א פּערזענליכקייט איז מאַריאַ מיכאַילאָווּנאַ געווען צויבערליך. איהר פעהיגקייט צו לעבען און אוועקגעבען דאָס לעבען פאר אן איינציגען אידעאַל איז געווען סימפּאַטיש און ליעב. דאָס איז געווען אן אויסערגעוועהנליכע פרוי, וועלכע האָט ווירקליך פארדינט, אז מען זאָל וועגען איהר אָנשרייבען אן אויספיהרליכע ביאָגראַפיע.

צווישען איהר און אונז איז א טיעפער תהום געלעגען; זי — די כלה פון כריסטוס׳ן, האָט שטענדיג געשוועבט אין די הימלען און אלץ געטראכט וועגען ראטעווען מענשליכע נשמות, זיי זאָלען קומען ריינע אויף יענער וועלט... און מיר — די קינדער פון דער ערד, די קינדער פון צער און לייד, האָבען אוועקגעגעבען די נשמות, כדי מענשען זאָלען קאָנען לעבען בעסער, ניט אויפ׳ן הימעל, נאָר אויף דער זינדיגער ערד... זי — א פארגלויבטע אין פריעדען, א שונא פון גוואלדטאטען, וואָס ווערט פארציטערט פון פארגאָסען בלוט, מעג דאָס זיין אויף באריקאדעס אין די גאסען, אין קאמף מיט א פּאָליטישען אונטערדריקער, אָדער אויף אן עשאפאָט. און מיר — בונטארען, רעוואָלוציאָנערען, וועלכע שרעקען זיך ניט אויפצוהויבען א שווערד ווען עס איז נויטיג, און געפינען א מאָראלישע פארענטפערונג פאר זיך מיט דעם, וואָס מיר ווארפען צו אונזערע אייגענע קעפ דעם תליון... א טיעפער תהום! דאָ — א גלויבען אין גאָט, אין נסים, א רעליגיעזע באַגייסטערונג, וואָס פיהלט באנאכט בחוש די נאָהענטקייט פון כריסטוס׳ן און דאָס אָנקומען פון דעם יום הדין. און פון דער אַנדערער זייט — מיר, די פּאָזיטיוויסטען, די ראציאָנאליסטען, ביי וועמען גאָט איז ניט אין הימעל, נאָר אין א אידעאל אויף דער ערד, אין לעבען.

איבער דעם, וואָס דער אונטערשיד צווישען אונז און איהר איז געווען אזוי גרויס, איז גאנץ אָפט טאקי אויסגעקומען זעהר מאָדנע; מיר האָבען זי שטארק רעספּעקטירט, אָבער איינשטימען מיט איהר האָבען מיר ניט געקאָנט. און חוץ דעם, האָבען מיר נאָך געדארפט זיין אויף דער וואך און ווייזען, אז מיר האלטען זיך שטאָל און אייזען אָן אונזערע איבערצייגונגען. פון פריהער האָבען מיר געוואוסט, אז צו די פאר׳משפּט׳ע אין „פּראָצעס פון די 193", זיינען גאנץ אָפט געקומען פרומע דאמען און מענער, וועלכע האָבען געטאָן טובות, און עס איז פאר אונז ניט געווען קיין סוד, אז חוץ די מענשליכע שטרעבונגען האָט די אויסערגעוועהנליך קלוגע און ענערגישע פירסטין, מאריא מיכאילאָוונא, געהאַט פאר זיך נאָך א ציעל — לייטערען אונזערע נשמות און אונז מאכען פאר פרומע פּראוואָסלאָוונע מענשען. ווי יעדער פאנאטיק האָט זי געגלויבט, אז דאָס איז מעגליך און געטאָן אלץ אין דער וועלט צו דערגרייכען איהר ציעל. און ווירקליך, שפּעטער האָט

זי מיר אליין דערצעהלט ווי אזוי עס האָט זיך איהר איינגעגעבען צו קריגען ביי פלעווע׳ן די ערלויבניש צוצוקומען צו די ארעס־טאַנטען אין שליסעלבורגער פעסטונג.

„קיינער איז צו זיי נאָך קיינמאָל ניט געקומען מיט קיין גוט וואָרט פון ליעבע... — האָט זי געזאָגט צו פלעווע׳ן. — לאָזט מיך צו צו זיי; אפשר וועלען זייערע הערצער ווערען ווייך און זיי וועלען זיך אומקעהרען צוריק צו גאָט“.

פלעווע האָט א ווײלע געשוויגען, זיך פארטראכט, דערנאָך האָט ער א קוק געטאָן ערגעץ ווייט און געזאָגט:

— אפשר זיינט איהר גערעכט...

און די ערלויבניש אונז צו באַזוכען איז ארויסגעגעבען גע־וואָרען.

איינמאָל איז די פירסטין שיער ניט ברוגז געוואָרען אויף מיר, און געוועזן איז דאָס איבער אַזאַ פאַל: זי האָט מיר געבראַכט א דייטשען בוך, פארפאסט פון עפּעס א דייטשען גלח, וועמעס נאָמען איך האָב שוין פארגעסען. זי האָט זעהר שטאַרק געלויבט דעם מחבר און דערביי האָט זי מיך געבעטען, אַז איך זאָל זיין ווערק איבערזעצען אויף רוסיש. אָבער ווען איך האָב דעם בוך איבערגעלייענט, האָב איך געזעהן אז דאָס איז א נאַרישע, אומ־געלומפּערטע פלאַפּלעריי, וואו דער מחבר וויל באַווייזען, אַז אַלעס וואָס ס׳קומט פאָר היינטיגע צייטען, איז שוין פאָרגעקומען אמאָל און דערביי פארגלייכט ער די פּאַסירונגען פון דער היינטיגער צייט מיט די מעשיות, וואָס ווערען דערצעהלט אין חומש, און עס קומט ביי איהם אוים, אז דאָס אַנקומען פון אברהם אבינו מיט שרה׳ן קיין מצרים איז אַן אָנצוהערעניש אויף דעם „קולטור־קאַמף“, וואָס ביסמארק האָט אָנגעפיהרט אין דער דייטשער אימפּעריע; שרה איז אַן אָנצוהערעניש אויף דער קירכע און פּרעה — אַן אָנצוהערעניש אויף ביסמארק׳ן.

שפּעטער, ווען מאריא מיכאילאָוונא איז ווידער געקומען צו מיר צו גאסט, האָב איך זיך מיט איהר צורעדט וועגען דעם דייטשען בוך; איך האָב זעהר שטאַרק געקריטיקירט דעם מחבר, געזאָגט, אז מען קאָן אַזעלכע נארישקייטען ניט דרוקען, נאָר אויב זי וויל, קאָן איך צוליעב איהר, איבערזעצען א פּאָר קאַפּיטלען.

דערהערט אַזאַ שאַרפע קריטיק אויף אַ ווערק, וואָס איז ביי

איהר אזוי טייער, האָט זי זיך געפיהלט שטארק געקרענקט דער־
פון און שוין ניט געוואָלט, אז איך זאָל פאר איהר מאכען אן אי־
בערזעצונג. דערנאָך האָט זי אויפגעהערט קומען, און איך האָב
געמיינט, אז דאָס איז דערפאר וואָס זי איז אודאי ברוגז. שפּעטער
אָבער האָב איך אויסגעפונען, אז דאָס איז גאָר דערפאר וואָס מען
האָט פּלעווע׳ן דער׳הרג׳עט. ער האָט איהר די ערלויבניש געגע־
בען און נאָך זיין טויט איז זי געוואָרען בטל.

מאריא מיכאילאָוונא איז אָבער ניט געווען פון די מענשען,
וואָס טרעטען אָפּ ווען מען לאָזט זיי ווייטער ניט געהן. נאָך
פּלעווע׳ס טויט האָט זי לאַנג געארבייט ביז עס האָט זיך איהר
איינגעגעבען ביים קיסר אליין צו קריגען אן ערלויבניש ווידער צו
באזוכען די שליסעלבורגער פעסטונג, און אזוי שנעל ווי זי האָט
די ערלויבניש געקראָגען, איז זי געקומען צו אונז.

דאן בין איך שוין געווען זעהר פאַרזיכטיג מיט איהר. ריי־
דענדיג האָב איך געדארפט זעהן, ווי ווייט מעגליך, ניט אָנריהרען
קיין רעליגיעזע פראגע, נאָר דרעהען דעם געשפּרעך אזוי, אז מען
זאָל ניט דארפען ריידען וועגען גאָט און וועגען יענער וועלט.
און טאָמער האָט זיך אמאָל געטראָפען, אז איך האָב זיך פאר־
טשעפּעט אָן א וואָרט, וואָס האָט א שטיקעל שייכות מיט רעלי־
גיאָן, האָט זי זיך גלייך אָנגעכאַפּט אָן דעם, און באלד אָנגעהויבען
ריידען וועגען פרומקייט און הימלישע זאכען. איבערשלאָגען
איהר די רייד האָט מען ניט געקאָנט; שווייגען איז געווען שווער
און ניט אנגענעהם, ווייל זי האָט דאָס נאָך געקאָנט אויסטייטשען
אלס א באווייז, אז מען שטימט איין מיט איהר... די מורא צו
באליידיגען די רעליגיעזע געפיהלען פון א מענשען, וואָס גלויבט
אזוי שטארק און אויפריכטיג, האָט מיך געמאכט זעהר נערוועז
און ניט איין מאָל האָב איך געפיהלט ווי עס איז מיר שרעקליך
שווער צו ריידען מיט איהר.

דעם זעלבען געפיהל האָבען מסתמא אויך געהאט די אנדערע
ארעסטאנטען, וועמען די פירסטין מאריא מיכאילאָוונא דאָנדוקאָ־
וואַ־קאָרסאקאָווא האָט באזוכט. בעסער פון אונז אלעמען איז
שוין געווען לאָפּאַטין׳ען; ער האָט פארשפּאָרט צו זיין נערוועז,
ווייל ער האָט מיט דער גוטער מאריא מיכאילאָוונא אינגאנצען
ניט געוואָלט ריידען.

פון די אנדערע ארעסטאנטען פלעגט זי אָפט באזוכען מאָ־

ראָזאָוו'ן, נאָר מעהר פון אַלעמען האָט זי אַרויפגעלעגט האָפע־נונגען אויף דריי פון אונזערע חברים — נאָוואָרוסקי'ן, סטאראָ־דוואָרסקי'ן און פּאָפּאָוו'ן. זי האָט אַלץ געמיינט, אז ווייל זיי זיינען ערצויגען געוואָרען ביי פרומע עלטערען און געלערענט אין סעמינאַריע, וועלען זיי מיט דער צייט דאָך ווערען פרומע קריס־טען און וועלען אָנהויבען גערן אויפ'ן גלייכען וועג.

## צווײ און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

### דער מיטראָפּאָליט אַנטאָני.



ען די פירסטין מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ האָט געקראָגען אַ צוטריט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט זי אונז גלײך אָנגעהויבען בעטען, אַז מיר זאָלען אויפנעמען איהר פריינד, דעם הויפּט יעדאַרך פון דער רוסישער קירכע, דעם מעטראָפּאָליט אַנטאָני. זי האָט אונז געזאָגט, אַז אַזאַ פיינעם און גוטען מענשען איז זעלטען צו געפינען.

ווען דער מיטראָפּאָליט אַנטאָני איז געקומען צו אונז צו־גאַסט, האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט, צי מיר ווילען איהם אויפ־נעמען. מיר האָבען געענטפערט, אַז יאָ. דער איינציגער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון, איז ווידער געווען לאָפּאַטין.

אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ ווייס מיצעל אויפ׳ן קאָפּ און אויפ׳ן מיצעל אַ צלם פון ברילִיאַנטען, איז דער מיטראָפּאָליט אריינ־געקומען צו מיר אין קאַמער און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט די צוויי גרויליך־בלויע גוטע אויגען. זיין אויסזעהן האָט אויף מיר געמאַכט אַן אָנגענעמען, גוטען איינדרוק.

ער האָט, אַ פּנים, אַליין פאַרשטאַנען, אַז איך וועל ניט צוגעהן צו איהם, ער זאָל מיך איבער׳צלמ׳ען, האָט ער זיך מיט מיר איינפאַך באַגריסט ביי דער האַנט און זיך אָוועקגעזעצט.

— איהר זיינט שוין דוכט זיך לאַנג פאַרשפּאַרט דאָ, אין דער שליסעלבורגער פעסטונג? — האָט ער אָנגעהויבען ריידען מיט אַ צאַרטער, לאַשטשענדער שטימע.

איך האָב איהם געזאָגט ווי לאַנג.

— און איהר זיינט שוין אודאי אַזוי צוגעוואוינט געוואָרען דאָ, אַז ווען איהר וועט אַרויס, וועט אייך נאָך אפשר באַנג טאָן...

— וואָס רעדט איהר? קען דען באַנג טאָן נאָך אַ טורמע, וואו מען טראָגט אַריבער אַזוי פיל?

— אָבער איהר גלויבט דאָך ניט אין גאָט... נו, געשיקט זיך,

אז איהר האָט גאָר קיינמאָל, אין שווערע מינוטען, ניט געזוכט קיין טרויסט אין גלויבען?

דארויף האָב איך איהם געענטפערט גאַנץ אָפען, אז ווען איך בין געווען אַ קליינע מיידעלע, בין איך געווען אַ פרומע, ווייל מיין מאַמע האָט מיך געלערענט צו זיין פרום; אָבער אין דער עלטער פון זיבעצעהן יאָהר האָב איך דעם גלויבען אין גאָט פארלאָרען. עס איז געווען אַ צייט ווען איך האָב אָפּגעלאַכט און חוזק געמאַכט פון די כלומר'שטע קריסטען, וועלכע מיינען, אז דאָס גאַנצע קריס־טענטום באשטעהט אין דעם וואָס מען פאַסט תעניתים, מען דאַ־ווענט און מען היט אָפּ אַלע אָנגענומענע מנהגים, און ניט אין דעם וואָס מען האָט ליב מענשען און מען איז גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון אייגענע פארגעניגענס, אבי ארויסצוהעלפען אַנדערע. מיין מיינונג איז נאָך דאַן געווען, אז לויט זייער הויכער פאָדערונג צום יחיד, זיינען די סאָציאַליסטען נעהנטער צום גייסט פון כריסטוס'ן, ווי די אַלע מענשען, וועלכע געהען אין די קלויסטערס, זיינען ניט טאָלעראנט און זיינען פארבונדען מיט דער פּאָליציייסקער שטאַט־ליכקייט.

שפּעטער בין איך געוואָרען איינגעהאַלטענער און האָב שוין מעהר ניט חוזק געמאַכט און ניט אָפּגעלאַכט פון די כלומר'שטע קריסטען. און דאַנקען דערפאר האָב איך געדאַרפט מיין מאַמע'ן, ווייל איינמאָל, ווען איך האָב זיך ערלויבט אָפּצולאַכען דערפון וואָס זי איז פרום, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט: „אַ מענש דאַרף האָבען רעספּעקט פאר די מיינונגען פון אַנדערע; איך לאַך קיינמאָל ניט אָפּ פון דיינע מיינונגען". און אָט די ווערטער, וואָס זיינען אזוי איינפאַך ארויסגעזאָגט געוואָרען, האָב איך ניט געקענט פארגעסען. איך געדענק זיי נאָך ביז היינטיגען טאָג.

אין די שווערע יאָהרען אין שליסעלבורגער פעסטונג, ווען מיר האָט זיך אָנגעהויבען דוכטען, אז איך האָב ניט מעהר קיינעם אויף דער וועלט, אַז איך בין אָפּגעריסען פון אַלעם און פון אַלעמען, אז איך בין איינזאַם און עלענד און עס איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל מיר זאָגען אַ גוט וואָרט, אַ טרויסט־וואָרט — אין יענע ערשטע שווערע יאָהרען האָט מיר ווירקליך באַנג געטאָן פאר וואָס איך האָב פארלאָרען דעם גלויבען! איך האָב אויך געוואָלט האָבען אַ גאָט, וואָס זעהט אַלעס און הערט אַלעס. איך האָב געוואָלט, אז ע ר זאָל זעהן וואָס איך לעב איבער; אז ע ר זאָל זיין דאָ, מיט מיר,

אין מיין איינזאמקייט... און אויב קיינער הערט ניט, אויב קיינער קען ניט הערען דעם יאָמער פון מיין נשמה, זאָל ע ר איהם הערען.

— אויב איהר גלויבט ניט אין גאָט, טאָ וואָס זשע האַלט אייך דאָ אין געפענגניש אין פארלויף פון די אַלע יאָהרען? — האָט מיך דער מעטראָפּאָליט געפרעגט.

—— וואָס הייסט וואָס? — האָב איך איהם געענטפערט. — מיך האַלט אונטער דער גלויבען, וואָס האָט אין מיר געלעבט אויף דער פרייהייט. איך האָב שטענדיג געשטרעבט צו אַ בעסערער וועלט, אַזוי ווי איך האָב פאַרשטאַנען. אין מיין טעטיגקייט האָב איך אריינגעלעגט אַלע כחות און זיך ניט געשראָקען פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך, וואָס באַשיצט די עקזיסטירענדע אָרדנונג... און ווען דער יום הדין איז געקומען, האָב איך פעסט און מוטיג גענומען אויף זיך די שטראָף פאַר מיינע איבערצייגונגען, און דאָס איז דער בעסטער באַווייז ווי אויפריכטיג איך בין געווען...

דער מיטראָפּאָליט האָט מיך אויסגעהערט און דער אויסדרוק פון זיין פּנים האָט זיך געביטען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מיינע רייד האָבען אויף איהם אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט. ער האָט אויפגעהויבען אַרויף זיינע בלויע אויגען, וואָס האָבען אַזוי ווייך געפינקעלט, און שטיל געזאָגט:

— אפשר!... עס קען זיין, אַז די, וואָס גלויבען אַזוי ווי איהר, און ניט ווי אַנדערע, וועלען אויסגעלעזט ווערען!...

אָפּגעזאָגט די עטליכע ווערטער, האָט ער זיך אויפגעהויבען.

— וואָס זאָל איך אייך ווינשעווען? — האָט ער מיך געפרעגט.

— ווינשעוועט מיר, אַז ווען איך וועל אַרויס פון דאַנען, זאָל איך געפינען פאַר זיך אַזאַ פּראָדוקטיווע אַרבייט, צו וועלכער איך זאָל זיך קענען צופּאַסען, — האָב איך איהם געזאָגט.

— גוט. אָבער איך וויל אייך עפּעס בעטען.

— בעט.

— איך בעט אייך, אַז איהר זאָלט זיך איבער׳צלמ׳ען...

אַ פאַרוואונדערטע בין איך געבליבען שטעהן און איהם גע־קוקט גלייך אין די אויגען אַריין.

— ניין, דאָס קען איך ניט, — האָב איך געזאָגט. — ווען איך וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט איך געווען פאַלש צו זיך אַליין.

— טאָ ערלויבט זשע מיר אייך איבערצו׳צלמ׳ען.

— ניין! — האָב איך געענטפערט פעסט און שטרענג.

דער מיטראָפּאָליט האָט זיך פארנויגט און איז ארויס, ניט ריידענדיג מעהר אַ וואָרט.

די לעצטע סצענע האָט מיך שטאַרק צורודערט. צו וואָס האָט ער מיר געשטעלט אַזעלכע פראַגען? איך האָב איהם דאָך ניט געקענט ענטפערען אנדערש ווי איך האָב געענטפערט! איך האָב אויף איהם אודאי זעהר אַ שלעכטען איינדרוק געמאַכט, אָבער ער מיר איז דוקא שטאַרק געפעלען... אָבער אנדערש האָט עס דאָך ניט געקענט זיין! איך האָב איהם געמוזט ענטפערען, אַזוי ווי איך האָב איהם געענטפערט! וואָרים ווי קען מען זיין פאַלש צו זיך אַליין און ריידען ניט דאָס וואָס מען מיינט, אַבי געפעלען צו ווערען אַ גייסטליכען?!...

אַ נערוועזע און אַן אויפגערעגטע האָב איך זיך אָנגעהויבען ארומדרעהען אין מיין קאַמער הין און צוריק, און דער מיטראָפּאָליט איז דערווייל געגאַנגען פון קאַמער צו קאַמער און גערעדט מיט די אַנדערע חברים. אומעטום איז געוועזן דאָס זעלבע; אַלע האָבען איהם דערצעהלט, אַז אין די קינדער־יאָהרען זיינען זיי געוועזן פרום און דערנאָך, ווען זיי זיינען אויסגעוואַקסען, האָבען זיי פאַרלאָרען דעם גלויבען אין גאָט.

„דאָס איז ווירקליך מאָדנע, — האָט דער מיטראָפּאָליט געזאָגט. — גוטע רוסישע מענשען פאַרלירען דעם גלויבען אין גאָט ווען זיי ווערען גרויסע“...

זיין באַזוך האָט צורודערט אונזער פאַרגליווערטע וועלטעל; יעדער איינער האָט זיך געאיילט איבערגעבען דעם אַנדערען זיין איינדרוק, און מיר האָבען שוין געהאַט פון וואָס צו ריידען.

פּאָפּאָוו האָט דערצעהלט, אַז ריידענדיג מיט'ן מיטראָפּאָליט, האָט ער איהם, אַגב, אַ זאָג געטאָן, אַז ער קומט פון דער שטאָדט ראָסטאָוו ביים דאָן. יענער האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך גאָר דערפרעהט, ווייל ער אַליין איז אויך אַ ראָסטאָווער. דערנאָך האָט ער פּאָפּאָוו'ן געשטעלט אַזאַ פראַגע:

— וואָס גיט אייך כח אריבערצוטראָגען אַזאַ שווערע זאַך ווי אָפּזיצען פינף און צוואַנציג יאָהר אין געפענגניש?

דאַרויף האָט איהם פּאָפּאָוו געענטפערט:

— איך האָב אַמאָל געקענט אַן אַלטע פרוי. אַלע קינדער איהרע זיינען אויסגעשטאָרבען פון אָרימקייט און קראַנקהייט; די

קרובים האָבען זי ארויסגעוואָרפען אין גאַס ווי א שמאטע, און גע־לעבט האָט זי דערפון וואָס גוטע מענשען האָבען איהר נדבות גע־געבען... ווען מען האָט זי אמאָל געפרעגט ווי אזוי זי קען אריבער־טראָגען אזא צרה'דיג לעבען, האָט די אַלטע געענטפערט אזוי: „דער גרויסער גאָט, דער האר אין הימעל, האָט זיך דערבארימט אויף די אומגליקליכע מענשען און האָט זיי געגעבען איין זאך א גוטע — געדולד"... דאָס זעלבע קען איך אייך אויך זאָגען...

## דריי און צוואנציגסטער קאפיטעל.

### ביכער און זשורנאלען.



יִן די ערשטע יאהרען, ווען דאס לייענען איז ביי אונז געווען דער איינציגער פארגעניגען, איז די ביבליאָ-טעק אין שליסעלבורגער פעסטונג געווען זעהר אָרים אין ביכער.

שפּעטער אָבער איז די ביבליאָטעק געוואָרען גרעסער. חוץ די ביכער וואָס דער קאָמענדאנט גאנגארד האָט אונז צוגעשטעלט, האָבען די זשאנ-דארען אונז אויך געגעבען ביכער און זשורנאלען איינצובינדען, און דערביי האָבען מיר זיי שוין פאר איינוועגס געקענט איבערלייענען אויך. די „ליטעראטור" פון די זשאנדארען איז מעהרסטענטיילס באשטאנען פון „ביילאגעס" צו ביליגע זשורנאלען, וואָס זיי האָבען אויסגעשריבען. דאָס זיינען געווען פּיקאנטע שונד־ראָמאנען, נאַ־רישע און אומגעלומפּערטע בבא־מעשיות. און ס'האָט זיך פּשוט ניט געלוינט אוועקצוגעבען צייט זיי איבערצולייענען. מיר האָבען גע-וואָלט האָבען גוטע ביכער, האָבען מיר צונויפגעשטעלט אלע מאָל אן אנדער צעטעל, אָבער דער פּאָליציי־דעפּארטמענט האָט ניט גע-וואָלט אויסגעבען צופיל געלט, און ווען איינער א הויכער רעגירונגס-באאמטער פון פּעטערבורג איז געווען צו גאסט ביי אונז, האָט א חבר געבעטען, מען זאָל פאר אונז קויפען בעלעטריסטישע ווערק, האָט ער געענטפערט, אז קיין בעלעטריסטיק קען מען צו אונז ניט צולאָזען דערפאר וואָס מען וויל ניט, אז מיר זאָלען ווערען אויפ-גערעגט...

מאָראָזאָוו איז געווען שטארק פארקאָכט אין וויסענשאפטליכע ביכער און ער האָט גע'פועל'ט, אז מען זאָל אונז צושטעלען אזעלכע ווערק וואָס מעהר. גאָר א סך ביכער האָבען מיר געקויפט אין 1895, ווען גאנגארד איז געווען קאָמענדאנט פון דער שליסעל-בורגער פעסטונג. געקויפט האָבען מיר דאָס פאר דעם געלט, וואָס ער, דער גוטער קאָמענדאנט, האָט אונז געגעבען א געלעגענהייט צו פארדינען. אזוי שנעל ווי מיר האָבען אָפּגעשפּאָרט עטליכע צעהנד-

ליג רובעל, *) האָבען מיר אָנגעהויבען שיקען צעטלאך צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט; ניט אַלעס, וואָס מיר האָבען געוואָלט קויפען, האָט מען אונז ערלויבט; אַ סך ביכער האָט מען אויסגעמעקט, און דערביי זיינען געווען ניט ווייניג קוריאָזען. אַזוי האָט מען אונז איינמאָל פאַרווערט אויסצושרייבען דעם בוך „אַ וועג אָהן דערנער", ניט ווייסענדיג, אַז דאָס איז גאָר אַ בוך וועגען אַגראָנאָמיע... און איז דערזעלבער צייט, וואָס מען האָט אונז ערלויבט אויסצושרייבען ספּענסער'ס ווערק איבער סאָציאָלאָגיע, האָט מען צו אונז ניט געוואָלט צולאָזען קאָלינס'עס בוך „אַן איבערבליק איבער ספּענסער'ס סאָציאָלאָגיע"... אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָט מען אונז פאַרווערט צו לייענען די ווערק פון מאַקסים גאָרקי און אַנטאָן טשעכאָוו.

דער מיניסטער גאָרעמיקין האָט אונז געטאָן אַ טובה און ארויסגעגעבען אַ באַפעהל, אַז דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט זאָל באַשטימען אַ סומע פון 140 רובעל אַ יאָהר צו קויפען ביכער פאַר אונז. אין יענער צייט זיינען מיר אין שליסעלבורגער פעסטונג געווען צוואַנציג מענשען, איז ביי אונז געוואָרען אַ פראַגע: ווי אַזוי זאָלען מיר צונויפשטעלען דאָס צעטעל? מיר האָבען וועגען דעם לאַנג גערעדט, ביז עס איז געבליבען, אַז מען זאָל זיך אונטערוואַרפען דער מאַיאָריטעט.

איז אָבער באַלד ארויסגעשוואומען אַן אַנדער פראַגע: אויב מען וועט זיך אונטערוואַרפען דער מאַיאָריטעט, וועט דאָך אויסקומען אַזוי, אַז איינינגע, למשל אַזעלכע ספּעציאַליסטען אין זייער פאַך ווי מאָראָזאָוו, לוקאַשעוויטש און יאַנאָוויטש, וועלען בלייבען די געקריוודעטע. האָט איינער געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל די 140 רובעל צוטיילען אויף צוואַנציג און געבען יעדען איינעם די ברירה אויסצושרייבען פאַר זיך וועלכע ביכער ער וויל, און אויב דאָס צעטעל, וואָס ער וועט צונויפשטעלען, וועט באַטרעפען מעהר, זאָל ער מאַכען אַ פשרה און זעהן דורכקומען מיט אַן אַנדער חבר.

דאַרויף זיינען מיר אַלע איינגעגאַנגען און דאַן איז אויסגעקומען אַזוי, אַז מיר האָבען אַלע ארויסגעוויזען אונזערע חבר'שע געפיהלען און געמאַכט מתנות איינער דעם אַנדערען. מעהר ווי מיט אַלעמען האָבען מיר זיך גערעכענט מיט אונזערע וויסענשאַפטס־

---

*) דעם גרעסטען טייל פון דעם געלד האָט פאַרדינט אונזער חבר אָרזשיך, דער בעסטער איינבינדער אין אונזער קרייז.

ליים, מיר האָבען פאַר מאַראָזאָוו'ן אויסגעשריבען דעם „זשורנאַל פון דער פיזיש־כעמישער געזעלשאַפט"; דערנאָך — דעם ענגלישען זשורנאַל „קעמיקעל ניוס"; און פאַר יאַנאָוויטש'ן האָבען מיר אויסגעשריבען אַן אויסגעצייכענטען ענגלישען יאָהר־בוך. שפּעטער האָבען מיר ווידער אַלע אינאיינעם צונויפגעלעגט געלט און אויס־געשריבען די דייטשע „נאַטורוויסענשאַפטליכע וואָכענשריפט", דעם ענגלישען זשורנאַל „נאַלעדזש" און נאָך ביכער און זשורנאַלען.

מיט נייע זאַכען אין דער וויסענשאַפט האָבען מיר זיך אַלע זעהר שטאַרק אינטערעסירט. ווען מיר האָבען איבערגעלייענט די נייעס, אַז מען האָט אנטדעקט ראַדיאַ, האָבען מיר אַלע גערעדט וועגען דעם; מאַראָזאָוו און לוקאַשעוויטש האָבען זיך געהאַלטען אין איין שפּאַרען איבער דער פראַגע צי עס עקזיסטירט עפיר, אָדער ניין, און ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט די נייעס וועגען דעם, אַז עס זיינען שוין דאָ עראָפּלאַנען און מענשען פליהען אין דער לופטען, זיינען מיר שיער ניט ווילד געוואָרען פון באַגייסטערונג.*) מיר האָבען אַלע געהאַט פון וואָס צו ריידען, און שפּעטער, ווען מאַראָזאָוו האָט אָנגעשריבען זיין „אנטדעקונג אין שטורם" — אַ ווערק, אין וועלכען דער אַפּאָקאַליפּסיס ווערט ערקלערט על פּי אַסטראָנאָמיע, איז ווידער געוואָרען לעבעדיג צווישען אונז; מיר האָבען אַלע גע־רעדט וועגען דעם, און דאַן האָט לאָפּאַטין געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און מיט באַדויערען געזאָגט: „איך האָב זעהר מורא, אַז אונזער מאַראָזאָוו איז פון זינען ארונטער... אַ חשק פון אַ מענשען זיך צו פאַרטיפען אין דער ביבעל און שטודירען די שריפטען פון די הייליגע פאָטערס!... אמאָל קען דאָס זיין אַ סימן פון רעליגיעזער משוגעת"... אנטאָנאָוו ווידער איז געווען שטאַרק באַגייסטערט און געהאַלטען אין איין שרייען, אַז מאַראָזאָוו איז געניאַל און אַז מיט דער צייט וועט ער ווערען באַריהמט איבער גאַנץ אייראָפּאַ.

מיר האָבען באַקומען דעם זשורנאַל „רוסקאַיע באָגאַטסטוואָ"; אָבער ניט אַלע מאָל האָט מען דורכגעלאָזען די אָפּטיילונג, וואו עס

*) דערביי איז פאָרגעקומען זעהר אַ טשיקאַווער פאַל: די זשאַנדאַרען האָבען דערהערט ווי מיר ריידען וועגען לופט־שיפען, האָבען זיי זיך דער־שראָקען און דערצעהלט דעם אויפזעהער וועגען דעם, און יענער האָט זיך נאָך מעהר דערשראָקען און גלייך געהייסען צונעמען ביי אונז דעם זשור־נאַל „ניוואַ", וואו עס איז געווען אַן אַרטיקעל וועגען לופט שיפען. זיי האָבען מורא געהאַט, מיר זאָלען נאָך ניט אַוועקפליהען.

איז געווען אַן איבערזיכט אויף די געשעהענישען אין לאַנד. מעהר־סטענטיילס האָט מען דאָס אויסגעשניטען. מיר האָבען אויך באַקומען דעם „מיר באָזשי" און „רוסקאיא מיסל". איינמאָל, ווען גאַנגארד איז געווען קאָמענדאַנט, האָט זיך מיר זאָגאר איינגעגעבען צו קריגען דעם „וועסטניק יעווראָפּי".

שפּעטער האָבען מיר גע'פּועל'ט ביי דעם אויפזעהער גופא, ער זאָל אונז ברענגען יעדען טאָג די טעגליכע ציימונג „וואָסקרעסעניע", וואָס ער לייענט, און דאַן — דאָס איז געווען אין די יאָהרען 1900 און 1901 — האָבען מיר זיך דערוואוסט וועגען די סטודענטישע אומרוהען אין פּעטערבורג.

ווינטער־צייט, אינ'ם יאָהר 96—1895, האָט אונז דער קאָמענדאַנט גאַנגארד געבראַכט איינבינדען אַ זשורנאַל, וואָס האָט געהייסען „דאָס נייע וואָרט" („נאָוואָיע סלאָוואָ") און ווען מיר האָבען דעם זשורנאַל דערזעהן, האָבען מיר זיך אַלע שטאַרק דערפרעהט. אַ ניי וואָרט! שוין אַזוי פיל יאָהרען זינט מיר האָבען קיין ניי וואָרט ניט געהערט! נו, איז דען אַ וואונדער וואָס מיר האָבען זיך מיט אַזאַ ברען אַ כאַפּ געטאָן לייענען „דאָס נייע וואָרט" און געשלונגען יעדער שורה וואָס ס'איז דאָרטען געווען.

און דער זשורנאַל איז ווירקליך געווען אַ נ י י ו ו אָ ר ט. ספּעציעל פאַר אונז, פאַר די מענשען, וואָס זיינען אַזוי פיל יאָהרען געווען אָפּגעריסען פונ'ם לעבען. אינ'ם זשורנאַל האָט מען שטאַרק ארונטערגעריסען די פריערשע „אָבשטשינעס" אין די דערפער און אָנשטאָט זיי האָט מען ארויסגעשטעלט די פרייע איניציאַטיווו פון דעם איינצעלנעם; מען האָט באַוויזען, אַז דאָס פּויערטום, וואָס דאַרף זיך פּראָלעטאַריזירען, כדי דער „מוזשיק", וואָס קאָכט זיך אוים אינ'ם קעסעל פון אַ פאַבריק", זאָל ווערען אַ סאָציאַליסט, איז גאָר קליין־בירגערליך. און אָט די אַלע „נייע" ווערטער, וואָס זיינען ארויסגעשוואוּמען אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָבען אונז אַזוי צורודערט, גלייך מען וואָלט אויף אונז אַ שליידער געטאָן אַ מין באָמבע פון נייע אידעען.

קיין וואונדער איז דאָס ניט געווען, וויל די ערשטע שפּראָצען פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין 1884 זיינען געווען אַזוי אונבאַדייטענד, אַז מען האָט זיי גאָר ניט אָנגעזעהן, און ווען מען האָט אין דער ליטעראַטור גערעדט וועגען אַ מעגליכקייט, אַז אין רוסלאַנד זאָל זיך אנטוויקלען דער קאַפּיטאַליזם, האָט מען דער־

ביי געשטעלט א גרויסען פראגע־צייכען: די רעוואָלוציאָנערע יונג־ווארג האָט זיך צו דעם באצויגען מיט גרויס צווייפעל. און איצט האָט זיך עפּעס מיט אמאָל אלעס געביטען און פראגען, וואָס מען האָט פריהער קוים אָנגעריהרט, זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרען שארף און קלאָר. פאר אונז איז דאָס געווען א נייעס, ווייל מיר האָבען גאָר ניט געוואוסט, אז אין די רעוואָלוציאָנערע רייהען אויף דער פרייהייט ווערען וועגען דעם געפיהרט אזעלכע היציגע דעבאַטען. און דאָ דערזעהען מיר פאר זיך מיט אמאָל אזא זשורנאל, וואָס גיט איבער אזוי גלענצענד און טאלאנטפול דעם גאנצען אידעען־קאמף, וואָס געהט איצט אָן אויף דער פרייהייט!

ווען מיר האָבען איבערגעלעזען די אלע וויכטיגע ארטיקלען אינ'ם זשורנאל, איז אויסגעקומען אזוי, אז דער קעסעל, אין וועלכען דער „מוזשיק" האָט זיך געדארפט איבערקאָכען, האָט גאָר אָנגעהויבען זידען ביי אונז אין די קעפּ. עפּעס האָט אונז באנג געטאָן. עפּעס האָט אונז וועה געטאָן. מיר האָבען געפיהלט ווי מען באַליידיגט אונזערע אידעען, אין וועלכע מיר האָבען אזוי שטארק געגלויבט. דער איינדרוק איז געווען א שרעקליכער.

עס האָט קיין סך ניט געדויערט און דער איינפלוס פונ'ם זשורנאל האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען צווישען אונז; מיר האָבען זיך מיט אמאָל צוטיילט אויף צדדים: לוקאשעוויטש און נאָוואָרוסקי, די טעראריסטען פון 1887 — רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען געווען גרייט צו דער'הרג'ענען אלעקסאנדער דעם דריטען, פּונקט ווי מיר האָבען דער'הרג'עט אלעקסאנדער דעם צווייטען — זיי האָבען מיט אמאָל ערקלערט, אז אין דער אמת'ן זיינען זיי שטענדיג געווען סאָציאל־דעמאָקראטען, כאָטש זיי האָבען געהאלטען פון דער טעראָריסטישער טאקטיק פון דער „נאראָדנאיא וואָליא". צו זיי זיינען דערנאָך אויך צוגעשטאנען שעבאלין, יאנאָוויטש און מאָראָזאָוו. די איבעריגע אָבער זיינען ארויס געגען זיי. איז געוואָרען א מחלוקה, א קריגעריי, אַן אמפעריי, און עס איז אויסגעקומען אזוי, אז דאָס זעלבע וואָס ס'איז פאָרגעקומען אויף דער פרייהייט, האָט זיך, אין א קלענערער פאָרמע, אָפּגעשפּיגעלט ביי אונז, צווישען די ווענט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג. אלע האָבען זיך געקאָכט און אלע האָבען זיך געאמפּערט און געריסען, און מעהר פון אלעמען — ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זיין — האָט זיך געאמפּערט און געריסען אונזער קאלטער וויסענשאפטסמאן לוקאשעוויטש. פון

איהם איז געווען ניט אויסצוהאלטען; ער האט זיך מיט אלעמען פארטשעפעט און ניט געשאנעוועט קיין איינעם, וואס האט ניט איינגעשטימט מיט איהם.

עס איז דערגאנגגען אזוי ווייט, אז די גאנצע חבר'שאפט אונ־זערע איז געשטאנען אין קאן. און איינמאל, ווען איך האב דער־זעהן, אז עס ווערט צו ערנסט, האב איך געזאגט: „הערט זיך איין, אין די אומשטענדען, אין וועלכע מיר לעבען, איז שלום צווישען אונז א סך וויכטיגער ווי די אלע רעדערייען וועגען טעראר. איך שלאג דאריבער פאר, אז מיר זאלען מאכען א סוף צו דער גאנצער פא־לעמיק".

יעדער איינער פון אונז האט איינגעזעהן, אז עס וועט זיך איהם ניט איינגעבען איבערצושפארען דעם אנדערען, איז געווארען שטיל און מען האט זיך אויפגעהערט קריגען.

די דעבאטעס האבען אבער דאך אויפגעטאן זעהר א סך. דער איינפלוס זייערער אויף אונז אלעמען האט זיך גענומען פיהלען ערשט שפעטער. און ווען מען האט צו אונז, אינ'ם יאהר 1901, געבראכט קארפאוויטש'ן און עס איז ווידער געווארען א דעבאטע וועגען פויערים און ארבייטער, האט קארפאוויטש איינמאל א שמייכעל געטאן און געזאגט:

„אלע זיינען שוין אונטער'ן איינפלוס פון דער נייער צייט, נאר איין פאפאוו האלט זיך שטארק ווי א פעלז און וויל ניט אפ־טרעטען פון דער „נאראדנאיא וואליא".

---

ווען איינינע פון אונזערע חברים זיינען געווארען ספעציא־ליסטען אין וויסענשאפט, איז זיי שטארק צונוץ געקומען דאס פא־פיר, וואס מען האט אונז אנגעהויבען ארויסגעבען אין 1887. א דאנק דעם האבען זיי געקענט פארשרייבען און פארצייכענען די אלע מאטעריאלען, וואס זיי האבען געזאמעלט, איהם אויסקאר־טירען און שאפען דאס, צו וואס זיי זיינען פעהיג.

אזוי האט מאראזאוו געארבייט סיסטעמאטיש יעדען טאג און געשאפען איינע פון זיינע בעסטע ווערק „דער געבוי פון שטאף", געשריבען אין אזא שעהנער שפראך, אז עס איז איינפאך געווען א פארגעניגען צו לעזען. גאנצע בויגענס, גאנצע הויפענס פאפיר האט ער באשריבען, און דערנאך, ווען ער איז ארויס פריי, האט ער די אלע פאפירען מיטגענומען מיט זיך.

אויך יאנאָוויטש'ן איז דאָס פּאַפּיר גוט צונוץ געקומען. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט עקאָנאָמישע פראַגען, און זיצענדיג אין שליסעלבורגער פעסטונג האָט ער זעהר אַ סך געלעזען און געהאַלטען אין איין זאַמלען סטאַטיסטישען מאַטעריאַל.

נאַטור־וויסענשאַפט האָט לוקאַשעוויטש געקענט בעסער פון אונז אַלעמען, און ווען ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג האָט ער דאָרטען פאַרטראַכט זיין גרויסע אַרבייט „די עלעמענטאַרע יסודות פון דער וויסענשאַפטליכער פילאָסאָפיע"; צוגעגרייט צום דרוק דעם דריטען און פערטען באַנד, אַ טייל פון'ם פינפטען און זיבעטען באַנד און אייניגע חלקים פון די איבעריגע בענדער. ווי ווייט דאָס איז נאָר מעגליך געווען אין געפענגניש האָט ער געזאַמעלט און צוגעגרייט די נויטיגע מאַטעריאַלען, און ווען ער איז אַרויס, האָט ער אָפּגעדרוקט צוויי טיילען פון זיין ווערק „דאָס ניט אָרגאַנישע לעבען פון דער ערד" און דערפאַר האָט איהם די געאָגראַפישע געזעלשאַפט באַלוינט מיט אַ גילדענעם מעדאַל, און די וויסענשאַפטס־אַקאַדעמיע — מיט דער אַכמאַטאָוואַר־פּרעמיע.

ווען מען וואָלט אונז ניט געגעבען קיין פּאַפּיר, וואָלטען יענע אַלע ווערק קיינמאָל ניט געשאַפען געוואָרען.

אין דער צייט וואָס אייניגע פון אונז האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונגען, האָבען זיך אַנדערע אָפּגע־געבען מיט ליטעראַרישער אַרבייט. פּאָליוואַנאָוו האָט אויך אַ זעל־טען שעהנעם שטייגער באַשריבען זיינע איבערלעבונגען אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינע" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעס־טונג; פראָלענקאָ האָט אָנגעשריבען אַ ערצעהלונג „די פאַמיליע גאָרעוו" און געשילדערט זיינע קינדער־יאָהרען; פּאָפּאָוו האָט אָנ־געשריבען עטליכע סקיצען פון'ם פּויערים־לעבען; סערגעי איוואַ־נאָוו האָט אָנגעשריבען אַ ערצעהלונג פון סיבירער לעבען און יור־קאָווסקי איז גאָר געוואָרען טורגענעוו'ס אַ קאָנקורענט און אָנגע־שריבען עטליכע קאַפּיטלאַך פון אַ ראָמאַן „די נעסט פון טעראָ־ריסטען".

ווען מאָראָזאָוו האָט דערזעהן, אַז דער עולם האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צו בעלעטריסטיק, האָט ער זיך מתקנא געווען און אָנגע־שריבען זעהר אַ שעהנע זאַך, „דער פריהמאָרגען פון מיין לעבען"

און פון דאָרטען האָט זיך אַזוי חנ'עוודיג געטראָגען קינדערשע נאַאיוויטעט און פרישער ראָמאַנטיזם.

אין יענער צייט האָב איך אָנגעשריבען אַן ארטיקעל, אין וועלכען איך האָב באוויזען, אז די ליטעראטור האָט געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אויף די מוחות פון די אידעאַליסטען אין די זיבעציגער יאָהרען. דאָס איז נאָוואָרוסקי'ן ניט געפעלען געווארען און ער איז אַרוים מיט אַן ארטיקעל געגען מיר, און אין דעם ארטיקעל האָט ער באוויזען, אז די עקאָנאָמישע באדינגונגען האָבען זיך געענדערט און אַלעס האָט זיך געבראָכען א דאנק דער באַ־פרייאונג פון די פויערים.

א פאָר מאָל האָבען מיר געפּרואווט ארויסגעבען אַן אייגענעם זשורנאַל, אָבער עס האָט זיך אַלץ געענדיגט מיט א דורכפאַל. לוקאַשעוויטש און נאָוואָרוסקי האָבען איינמאָל ארויסגעגעבען א זשורנאַל, איז גלייך געווארען א „קאָנקורענץ" און אנדערע דריי חברים אונזערע — סערגעי איוואַנאָוו, לאַנגאָווסקי און פּאָפּאָוו — האָבען אָנגעהויבען ארויסגעבען אַן אנדער זשורנאַל. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און זיי זיינען ביידע אונטערגעגאַנגען. דאַן האָט מען באַשלאָסען ארויסצוגעבען אַן אנדער זשורנאַל, וואָס זאָל הייסען „שפּינוועבס", און מען האָט אויסגעקליבען גאַנצע דריי רעדאַקטאָרען — מאַראָזאָוו'ן, לוקאַשעוויטש'ן און מיך. דער „שפּינוועבס" האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אריינצוכאַפּען אין נעץ די אַלע טאַלאַנטען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. אָבער מעהר ווי איין נומער איז ניט ארוים. דערנאָך האָט פּאָליוואַנאָוו מיט סטאַראָדוואָרסקי'ן ארויסגעלאָזט אַן אַנאָנס, געשריבען מיט פיר־עקידיגע אותיות, אז זיי ביידע וועלען ארויסגעבען א גרויסען זשורנאַל פון 25־30 דרוק־בויגען, האָט נאָוואָרוסקי אָנגעשריבען אַן אנדער אַנאָנס און חוזק געמאַכט פון פּאָליוואַנאָוו'ס און סטאַ־ראָדוואָרסקי'ס גרויסען פּאַרנעס און דער סוף איז געווען — עס האָט זיך געטומעלט און געטומעלט און פּאָליוואַנאָוו האָט זיך שטאַרק געערגערט און געהאַט טענות: „פאַרוואָס האָט מען דערשטיקט דאָס קינד נאָך איידער עס איז געבאָרען געוואָרען?"

מען האָט „דאָס קינד" אָבער דאָך ניט דער'הרג'עט. עס איז דוקא יאָ געבאָרען געוואָרען. אָבער אַזאַ מאָגערס, אַזאַ איינגע־שרומפּענס! און טאַקע באַלד נאָכדעם איז דאָס דערשטיקט געוואָרען פון דעם שווערען האַמער פון קריטיק, מיט וועלכען

יאנאָוויטש האָט זיך דארויף א וואָרף געטאָן. יאנאָוויטש האָט געהאט טענות צו סטאראָדוואָרסקי'ן פאר וואָס ער האָט אין זיין ארטיקעל פארגליכען די אינדוסטריע פון מאָסקווער ראיאָן מיט דער אינדוסטריע פון גאנץ קרוין־פוילען, האָט ער זיך א לאָז געטאָן אויף איהם מיט א גאנצער מחנה פון ציפערען און ציפערען — אזא מחנה, אז עס איז אויף אונז אלעמען א פחד אָנגעפאלען און מעהר האָט מען שוין קיין זשורנאל ניט ארויסגעגעבען.

געוועהנליך שעצט מען ניט דאָס געזונד, סיידען מען פאר־לירט עס, און דאָס זעלבע איז מיט דער שיין פון דער זון.

מען שעצט אויך ניט קיין פאפיר ווען מען האָט עס אלע מאָל ווען מען דארף. אָבער דער וואָס איז אמאָל געזעסען פארשפארט אין א געפענגניש פאר אזא פארברעכען געגען קיסר, ווי מיר, דער ווייסט, וואָס ס'הייסט אָפּלעבען יאָהרען אָהן פאפיר און ניט קענען פארשרייבען די געדאנקען, וואָס רעגען אויף דעם מוח.

אונזער לעבען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג איז געווען גרוי, און אלעס וואָס א חבר האָט געקענט שענקען — א ליד, וואָס רופט ארויס מיטגעפיהל, קריטיק, אָדער געלעכטער, אָדער אן ערנסטע זאך, וואָס רופט ארויס א נייעם געדאנק — דאָס איז געווען א גרויסע מתנה, וואָס האָט ניט געקענט מעגליך זיין אָהן פאפיר.

אָרים איז געווען אונזער לעבען. זעהר אָרים.

און ווען לוקאשעוויטש האָט געמאכט זיינע ערשטע געאָ־לאָגישע צייכענונגען, צו וועלכע ער האָט געמוזט האָבען דריי פארבען, האָט ער אלס שווארצע פארב באנוצט די סאזשע פונ'ם לעמפעל, וואָס האָט געטשאדעט; אלס בלויע פארב — שטיקלאך ליים פון די ווענט, און אלס רויטע פארב — זיין אייגען בלוט.

## פיר און צוואנציגסטער קאַפּיטעל.

### אונזער בנימין.



יי ברעט־האַרט'ן איז פאַראַן אַן ערצעהלונג, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט ווי אין אַ פאַר־וואָרפענעם געגענד, וואוהין מענשען זיינען געקו־מען זוכען אַן אוצר, האָט זיך איינמאָל פון אַ באַרג אָפּגעריסען אַ גרויסער וואַסער־שטראָם און פון ערגיץ פאַרשלעפּט אַ מוטער, וועלכע איז באַלד געשטאָרבען, און אַ קינד, און ווי אַזוי דאָס קליינע קינד איז פאַר די פאַרוואָרפענע מענשען שפּעטער געוואָרען אַ קוואַל פון פרייד און גליק.

פּונקט אַזאַ גליק איז פאַר אונז געווען קאַרפּאָוויטש, ווען מען האָט איהם געבראַכט אין שליסעלבורגער פעסטונג. מיר האָבען איהם אַלע באַלד ליב געקראָגען און קיין אַנדער נאָמען ווי „אונזער בנימין” האָבען מיר איהם ניט גערופען, ווייל ער איז ביי אונז געווען אַזוי טייער פּונקט ווי דער מיזיניק בנימין, וואָס רחל האָט געבאָרען יעקב'ן.

זיין געשיכטע איז באַקאַנט: דעם 12טען פעברואַר, 1901 איז ער געקומען פון בערלין קיין פּעטערבורג, און מיט צוויי טעג שפּעטער איז ער אריין צו באָגאָלעפּאָוו'ן, דעם מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג און האָט איהם געשאָסען דערפאַר וואָס ער האָט אונטערדריקט די שטודירענדע יונגוואַרג אין די רוסישע אוניווער־סיטעטען.

ווער באָגאָלעפּאָוו איז געווען איז אַלעמען באַקאַנט. דאָס האָט ער אינ'ם יאָהר 1900 ווידער איינגעפיהרט דאָס געזעץ, אַז סטודענטען, וואָס באַטייליגען זיך אין אומרוהען, זאָל מען אָפּגע־בען פאַר סאָלדאַטען, און דאַן האָט מען פון קיעווער אוניווערזיטעט אַוועקגעשיקט אין די קאַזאַרמעס 183 סטודענטען, און פון פּעטערבורגער אוניווערזיטעט — 27 סטודענטען.

דאָס האָט שטאַרק אויפגעבאַכט די אינטעליגענץ און די

שטודירענדע יונגוואַרג אין אַלגעמיין, און נאָך גרעסער איז געוואָרען דער צאָרן ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ סך אויסגעשלאָסענע סטודענטען האָבען זיך פאַר גרויס פאַרדרוס דאָס לעבען גענומען. קאַרפּאָוויטש איז דאַן געווען אין בערלין, און ווען ער האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז ער געוואָרען אַן אויפגעקאָכטער, ווייל ער אַליין איז אויך געווען אַ סטודענט און מען האָט איהם צוויי מאָל שיער ניט אויסגעשלאָסען פונ׳ם אוניווערזיטעט דערפאַר וואָס ער האָט זיך באַטייליגט אין רעוואָלוציאָנערע אַרויסטריטען.

אויף דער באַוועגונג פון די סטודענטען געגען די פּאָליצייסקע פאַראָנדקעס, וואָס באָגאָלעפּאָוו האָט געפּרואווט איינפיהרען אין די אוניווערזיטעטען, האָט קאַרפּאָוויטש געקוקט ווי אויף זעהר אַ וויכטיגער און באַדייטענדער פּאָליטישער ערשיינונג, און ווען ער האָט דערהערט, אַז מען האָט אַ סך סטודענטען אָפּגעגעבען פאַר סאָלדאַטען, האָט ער באַשלאָסען זיך אָפּצורעכענען דערפאַר מיט׳ן בילדונגס מיניסטער, באָגאָלעפּאָוו.

באַשלאָסען און געטאָן. כאָטש ער איז ניט געווען קיין מיטגליד פון קיין רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, איז ער שנעל געקומען צולויפען פון בערלין, אַליין אַריינגעגאַנגען צו באָגאָלע־פּאָוו׳ן און איהם געשאָסען. באָגאָלעפּאָוו איז דערנאָך געשטאָר־בען פון די וואונדען, און קאַרפּאָוויטש׳ן האָט מען אין מאָנאַט מאַרטש, 1901, פאַר׳משפט אויף צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע און איהם פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

מיט זיין אָפּענעם אַרויסטריט האָט קאַרפּאָוויטש געטאָן אַ גרויסע טובה דער שטודירענדער יונגוואַרג אין רוסלאַנד. מען האָט שוין דערנאָך מעהר ניט אָפּגעגעבען קיין סטודענטען פאַר סאָלדאַטען. די יונגוואַרג האָט קאַרפּאָוויטש׳ן פאַרגעטערט, איהם געקרוינט מיט׳ן נאָמען „דער דרייסטער אָדלער״ און איז נעגאַנגען אויף דעם וועג, וואָס ער האָט פאַר איהר אָנגעצייכענט. און שפּעטער האָט דאָס זעלבע געטאָן באַלמאַשאָוו, אָבער שוין ניט אויף זיין אייגענער אחריות, נאָר אינ׳ם נאָמען פון די סאָ־ציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען *).

נאָך די פּראָצעסען פון די יאָהרען 1887—88 האָט מען צו

*) באַלמאַשאָוו האָט דער׳הרג׳עט דעם מיניסטער פון פאָלקס־ביל־דונג סיפּיאַגינ׳ען. — איבערזעצער.

אונז אין דער שליסעלבורגער פעסטונג קיינעם ניט געבראכט. אין 1901 זיינען מיר געבליבען בלויז פופצעהן מענשען. קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען; דער קרייז איז אלע מאל געווען דער זעלבער און די שטימונג אויך די זעלבע.

און אזוי איז אוועק א יאהר נאך א יאהר, די האפנונגען זיינען ווי מיט׳ן רויך אוועק און אפילו די עראינערונגען האבען אנגעהויבען אויסגעמעקט ווערען פון זכרון. מיר האבען אלץ געהאפט, אז אי־מיצער וועט ווייטער אנפיהרען דעם קאמף, וואס מיר האבען אנ־געהויבען, און זעהענדיג, אז מען ברענגט ניט מעהר קיינעם אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, האבען מיר געמיינט, אז אין רוסלאנד איז ווידער אלעס פארגליווערט און טויט.

אין אזא שטימונג זיינען מיר געווען, ווען אנטאנאוו האט אונז געלאזט וויסען, אז די טויערען פון דער שליסעלבוריגער פעסטונג האבען זיך ווידער געעפענט און מען האט צו אונז געבראכט א „נייאינקען"; ער איז איצט אין קאנצעלאריע ביים קאמענדאנט.

דאס איז געווען אין די לעצטע טעג פונ׳ם מאנאט מערץ. און ארום עלף אזייגער אין דער פריה, ווען מ׳האט אונז ארויסגעפיהרט אויף שפאציר, זיינען די זשאנדארען מיט אמאל געווארען אומ־רוהיג, און ארומגעהענדיג איבער די אלע „שטייגען", וואו מיר האבען געשפאצירט, האבען זיי אונז געזאגט, אז ווער עס וויל אריינגעהן צוריק אין קאמער, אדער אין ווערקשטאט, זאל גלייך געהן, ווייל שפעטער וועט מען ניט לאזען.

פון דעם האבען מיר פארשטאנען, אז באלד וועט מען דעם נייעם ארעסטאנט פיהרען אין געפענגעניש, און ווער עס וועט זיך אוועקשטעלען אויפ׳ן פענסטער, וועט איהם קאנען זעהן. אלע זיינען דאריבער גלייך אוועק צוריק אין די קאמערען. בלויז איך אליין בין געבליבען. איך האב ניט געקאנט קוקען, ווי מען פיהרט איהם אריין אין געפענגעניש, ווייל איך האב געהאט דאס געפיהל פונקט ווי דאן, ווען מען געהט צו דער לויה פון א נאהענטען פריינד. און ווירקליך, איז דאס דען ניט געווען קיין לויה? א יונגען, ענערגישען און לעבענסלוסטיגען מענשען האט מען אריינגעלעגט אין א קבר... מיט 17 יאהר צוריק האט מען אונז אויך אין אזעלכע קברים פאר־שפארט און פון דער גאנצער וועלט אפגעריסען. און איצט האט מען מיט איהם אויך דאס זעלבע געטאן.

איך האב זעהר געוואלט וויסען, ווי ער קוקט אויס, דער נייער

חבר, און ווי אַזוי ער האָט זיך געהאַלטען, ווען מען האָט איהם פון דער קאַנצעלאַריע געפיהרט אין געפענגעניש. האָב איך געפרעגט אַנטאָנאָוו'ן, און ער האָט מיר דערצעהלט, אַז דער „נייאַינקער" איז אַ הויכער, אַ שלאַנקער, און ווען מען האָט איהם געפיהרט, האָט ער זיך געהאַלטען שטאָלץ און מוטיג; די הענט זיינען ביי איהם ניט געווען געקאָוועט אין קייטען, אַזוי ווי ביי אונז, קיין אַרעס־טאַנטסקען מאַנטעל מיט אַ געל לאַטקעלע האָט ער ניט געטראָגען, און שפּאַנענדיג אַזוי פעסט און זיכער, האָט ער אַלץ געשמייכעלט און געמאַכט מיט'ן הוט אין דער לופטען צו די פענסטער פון די קאַמערען, וואו אונזערע חברים זיינען געווען פאַרשפּאַרט.

ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט, ווער ער איז, דער „נייער", און פאַר וואָס מען האָט איהם געבראַכט צו אונז, זיינען מיר אַלע געוואָרען אומרוהיג און צוטומעלט... וואָס וועט זיין? מיר אַלע זיינען מענשען פונ'ם אַלטען דור, און איצט וועלען מיר זיך דאָס ערשטע מאָל טרעפען מיט אַ פאַרטרעטער פונ'ם יונגען דור, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין דער צייט ווען מיר זיינען געווען אָפּגעריסען פונ'ם לעבען... ווי אַזוי וועלען מיר זיך מיט איהם באַגעגענען? וואָס וועלען מיר אין איהם געפינען? וועלען מיר זיך איינער דעם אַנדערען פאַרשטעהן? וועט ער קוקען אויף אידעען מיט די זעלבע אויגען וואָס מיר? וואָס וועט ער אונז אַריינברענגען אין געפענ־געניש פון דער פרייער וועלט, וואו ער האָט ביז איצט געלעבט? וואָס וועט ער דערצעהלען? וואָס וועט ער זאָגען? ווי אַזוי וועט ער זיך באַציהען צו אונז? וועלען מיר קאָנען קוקען אויף איהם, ווי אויף אַן אייגען קינד, אָדער אפשר גאָר, ווי אויף אַן אונטער־געוואָרפענעם ממזר?

אין 1901 איז דער רעזשים אין טורמע שוין ניט געווען אַזאַ שטרענגער ווי אין 1884. האַלטען קאַרפּאָוויטש'ן אינגאַנצען אָפּ־געזונדערט פון אונז, איז געווען אונמעגליך. דורכגעהענדיג לעבען דעם קאַמער, וואו ער איז געווען פאַרשפּאַרט, אָדער לעבען דער „שטייג", וואו ער האָט געשפּאַצירט, האָט מען געקאָנט פאַרפיהרען אַ געשפּרעך מיט איהם, און אויף אַזאַ אופן איז צווישען איהם און אונז געשאַפען געוואָרען אַ פאַרבינדונג.

פון די געשפּרעכען, וואָס מיר האָבען מיט איהם געפיהרט דורך דער טיר, אָדער קלאַפּענדיג מיט די פינגער אין די וואַנט, האָבען מיר געקראָגען די ערשטע ידיעות פון דעם, וואָס ס'קומט פאָר אויף

דער פרייהייט. מיר האָבען אָבער געוואָלט וויסען מעהר, האָבען מיר געבעטען קארפּאָוויטש'ן, ער זאָל אויף פּאַפּיר אָנשרייבען אַלצ־דינג, וואָס ער ווייסט וועגען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, און דערנאָך זאָל ער דאָס פּאַפּיר באַגראָבען אין דער ערד, ווען מען וועט איהם אַרויספיהרען שפּאַצירען אויף דער פרישער לופט. ער האָט אַזוי געטאָן. נאָכהער פלעגט שוין איינער פון אונזערע חברים דאָס פּאַפּיר אַרויסגראָבען און עס איז געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערען. מיט גרויס אינטערעס האָט יעדער איינער דאָס פּאַפּיר געלעזען. און קארפּאָוויטש האָט ווירקליך געוואוסט אַ סך; אַלס סטודענט איז ער געווען באַקאַנט מיט דער באַוועגונג צווישען דער שטודירענדער יוגנוואַרג, און אַזוי ווי ער האָט אַ שטיק צייט געלעבט אין בערלין, האָט ער געהאַט אַ גאַנץ גוטען באַגריף פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מערב אייראָפּאַ.

די פרעהליכע בשורות, וואָס ער האָט געבראַכט, האָבען אַריינ־געטראָגען אַ נייעם שטראָם פון לעבען אין אונזערע נשמות. פון דעם וואָס ער האָט אונז דערצעהלט, איז פאַר אונז געוועזן קלאָר, אַז אין רוסלאַנד באַוועגט זיך איצט אַלעס; דער אַרבייטער קלאַס, וואָס איז אין די אַכטציגער יאָהרען קוים אַרויס פון די וויקעלאַך, איז געוואָרען אויפגעקלערט און הויבט אָן צו זיין געראָטען אָן דעם פּראָלעטאַריאַט אין מערב אייראָפּאַ; פאַראייניגט און אָרגאַניזירט טרעט ער אַרויס אויף דער ביהנע פון'ם געזעלשאַפטליכען לעבען; ער פאָדערט פאַרבעסערונגען אין זיין עקאָנאָמישער לאַגע; ער מאַכט דעמאָנסטראַציעס און עס ברעכען אויס סטרייקס, אין וועלכע עס זיינען פאַרמישט צעהנדליגער טויזענטער אַרבייטער. די יונג־וואַרג אין די אוניווערסיטעטען איז פאַראייניגט איבער גאַנץ רוס־לאַנד און זי דריקט שטאַרק אויס איהר פּראָטעסט געגען די פּאָלי־צייסקע פאַראָנדקעס, וואָס מען פירואוט איינפיהרען אין די טעמפּ־לען פון בילדונג. אומעטום בונטעווען זיך די סטודענטען, הונ־דערטער פון זיי ווערען אַרעסטירט און טויזענטער ווערען פאַרשיקט אין די ווייטע מקומות. אין יעדער שטאָדט געפינען זיך אונלעגאַלע דרוקערייען און מען גיט אַרויס רעוואָלוציאָנערע בראָשורען, פּראָ־קלאַמאַציעס און צייטונגען. ווען מען פאַרמאַכט איין דרוקעריי, עפענט זיך באַלד אַן אַנדערע און די אַרבייט געהט ווייטער. „אין פינף יאָהר אַרום וועט אין רוסלאַנד זיין אַ רעוואָלוציע", האָט קאַר־פּאָוויטש געזאָגט. און דעם איינציגען טעות, וואָס ער האָט געהאַט,

איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען ניט מיט פינף יאָהר שפּעטער, נאָר מיט פיער יאָהר שפּעטער. מיר האָבען דאַן אַליין ניט געוואוסט, צי מיר זאָלען איהם גלויבען, צי ניין. מיר האָבען עפּעס מורא געהאַט צו גלויבען אין אַזאַ נבואה. מיר האָבען נאָך געדענקט, ווי טויט און פארגליווערט אַלעס איז געווען, ווען מיר האָבען געאַרבייט. געשיקט זיך, אַז איצטער איז אַנדערש? טאָ פאַרוואָס זשע זיינען מיר דאָ די גאַנצע צייט געווען אַליין און קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען? אונזער טורמע איז דאָך געווען גרויס, פּלאַץ איז דאָ פאַראַן גענוג, אַ סך חברים אונזערע זיינען אויסגעשטאָרבען און די קאַמערען, וואו זיי זיינען געווען פארשפּאַרט, שטעהען לעדיג. פאַר וואָס זשע האָט מען אַזאַ לאַנגע צייט קיין נייע ניט געבראַכט? אפשר איז קאַרפּאָוויטש אַ סך מגזם? אפשר זעהט ער אין דער פאַנטאַזיע אַזעלכע זאַכען, וואָס עקזיסטירען גאָרניט אין דער ווירקליכקייט?

און פּונקט אַזוי ווי קאַרפּאָוויטש האָט צורודערט אונזערע נשמות און אונזערע געדאַנקען, אַזוי האָט ער צורודערט דאָס גאַנצע לעבען אונזערם אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. דער רעזשים איז שוין ניט געווען אַזאַ שטרענגער, ווי אין די ערשטע צעהן יאָהר, אָבער קאַרפּאָוויטש האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט צופּאַסען צו איהם, און אַלע מאָל האָט ער געפונען אַן אַנדער געלעגענהייט זיך צו פאַרטשעפּען מיט די באַאַמטע און אויסדריקען זיין פּראָטעסט נעגען דעם, וואָס מען גיט איהם ניט גלייך די זעלבע פּריווילעגיעס וואָס אַנדערע.

מען האָט איהם אין אָנפאַנג ניט געלאָזט אַרבייטען אין די ווערקשטאַטען און מען האָט איהם אויך ניט געלאָזט שפּאַצירען מיט נאָך אַ חבר, און דאָס האָט איהם שטאַרק פאַרדראָסען. אַלס אַ „נייער" האָט ער געמיינט, אַז אַלעס ווענדט זיך אָן דעם קאָמענ־דאַנט, און דעריבער האָט ער זיך אַלע מאָל מיט איהם פאַר־טשעפּעט*). צוויי מאָל האָט ער געמאַכט אַ הונגער־סטרייק, און דאָס האָט אונז שטאַרק באַאומרוהיגט, ווייל בלייבען שטעהן פון דער ווייטענס און איהם ניט אַרויסהעלפען האָבען מיר דאָך ניט געקענט.

---

*) אין יענער צייט איז דער קאָמענדאַנט פון שליסעלבורגער פעס־טונג געווען אָבוכאָוו.

דאָס ערשטע מאָל האָט זיך זיין הונגער־סטרייק געענדיגט דער־מיט, וואָס דער מיליטערישער דאָקטאָר, וועלכען מען האָט געבראַכט פון פעטערבורג, האָט איהם ליגנעריש צוגעזאָגט, אַז מען וועט נאָכ־געבען זיינע פאָדערונגען. און שפּעטער איז ער ווידער ארויס אין אַ הונגער־סטרייק, ווייל ער האָט דערהערט, אַז עס איז ארויס־געגעבען געוואָרען אַ באַפעהל, אַז מיר טאָרען זיך מעהר ניט אָפּ־שטעלען ביים טירעל פון דער „שטייג“, וואו מען פיהרט איהם שפּאַצירען. אונז האָט דער באַפעהל אויך ניט געשמעקט, און מיר האָבען באַשלאָסען אויסצודריקען אַ פּראָטעסט געגען דעם דערמיט, וואָס מיר וועלען ניט ארויס פון די קאַמערען.

זעקס טעג זיינען אַזוי אַוועק און קארפּאָוויטש האָט ניט גע־געסען, און דאַן איז צווישען אונז געוואָרען אַ טרעוואָגע און עס איז געבליבען, אַז מיר זאָלען אַלע אויפהערען עסען. פון די פריהערדיגע ערפאַהרונגען האָב איך געוואוסט, אַז אַזעלכע זאַכען ענדיגען זיך זעהר טרויעריג, האָב איך גאַנץ אָפען געזאָגט, אַז איך שטעה ניט צו צום כלל, אָבער ביי זיך אין געדאַנק האָב איך באַשלאָסען, אַז אויב אַלע וועלען הונגערען, וועל איך אויך הונגערען. די לאַגע איז געוואָרען גאַנץ ערנסט, און דאַן האָט זיך פּראָלענקאָ געווענדעט צו מיר, אַז איך זאָל איבעררעדען מיט'ן קאָמענדאַנט אָבוכאָוו און פועל'ן ביי איהם, אַז עס זאָל שוין בלייבען ווי פריהער.

אַ צוקאָכטער, אַ פארפלאָמטער און אַ בייזער, איז דער קאָ־מענדאַנט געקומען צו לויפען, און וויפיל איך האָב מיט איהם ניט גע'טענה'ט, האָט ער זיך געהאַלטען ביי זיינס, אַז ער וועט אונז מעהר ניט לאָזען שטעהן ביים טירעל פון דער „שטייג“; מיר טאָרען מעהר מיט קארפּאָוויטש'ן קיין געשפּרעכען ניט פיהרען!

בין איך געפאַלען אויף אַ שכל און געשטעלט אַזאַ פראַגע:

— נו, און אויב מען וועט ניט אָפּהיטען דעם באַפעהל, וועט מען שלאָגען דערפאַר?

— ניין, — האָט דער קאָמענדאַנט געענטפערט. — שלאָגען וועט מען ניט.

מעהר האָב איך ניט געדאַרפט. איז געבליבען, אַז מיר זאָלען זיך יאָ לאָזען ארויספיהרען שפּאַצירען און קארפּאָוויטש זאָל אויפ־געבען דעם הונגער־סטרייק. איך האָב אויף זיך גענומען די אויפ־גאַבע צו שטעהן ביים טירעל פון דער „שטייג“ און אַזוי פלעג איך ריידען מיט קארפּאָוויטש'ן, ניט זעהענדיג זיין פּנים, אַ שטונדע

נאָכאַנאַנד, און דערנאָך פלעג איך איבערגעבען די אַנדערע חברים, וואָס ער דערצעהלט. דערמיט האָט זיך עס געענדיגט. *).

קאַרפּאָוויטש האָט זיך ניט גערעכענט מיט דער ערפאַהרונג, וואָס מיר האָבען געהאַט נאָך איידער מען האָט איהם געבראַכט צו אונז, און אַלע מאָל האָט ער געהאַנדעלט אימפּולסיוו, ווי עס איז איהם אָנגעקומען אויף דער מינוט, און אַלץ אַזוי, אַז ער האָט זיך געמוזט איינרייסען מיט די באַאַמטע. איינמאָל האָט מען פונ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט צו אונז צוגעשיקט אַ דאַנטיסט, ווייל איי־ניגע חברים האָבען זיך געקלאָגט אויף ציין־וועהטאָג. און פּונקט דאַן ווען דער דאַנטיסט איז געווען ביי אונז, איז קאַרפּאָוויטש'ן אָנ־געקומען אַ חשק צו זינגען. אַ שטימע האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע, אַ הילכיגע, האָט ער זיך צולאָזט און אָנגעהויבען זינגען עפּעס אַן אַריע פון אַן אָפּערע מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ קנאַק, אַז די ווענט האָבען אַזש געציטערט. דער אויפזעהער האָט מורא געהאַט, אַז דער דאַנטיסט זאָל נאָך ניט דערצעהלען אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַ־מענט, אַז אין שליסעלבורגער פעסטונג ווערט ניט אָפּגעהיט די אָרדנונג, איז ער עטליכע מאָל אַריין צו קאַרפּאָוויטש'ן אין קאַמער און איהם געבעטען, ער זאָל אויפהערען זינגען. אָבער קאַרפּאָוויטש האָט איהם געהערט ווי דעם פאַראַיאָהריגען שנעע און זיך נאָך העכער צוזינגען. דאַן האָט ער איהם אַוועקגעפיהרט אין דער אַל־טער טורמע און איהם דאָרטען געהאַלטען פאַרשפּאַרט אין קאַרצער אַ צוויי־דריי טעג.

און אַזוי האָבען מיר זיך אַלע מאָל געמוזט פאַרטשעפּען מיט די באַאַמטע, ווייל קאַרפּאָוויטש האָט ניט גערוהט.

צוויי יאָהר זיינען אַוועק און ער איז, ענדליך, געוואָרען אַ גלייכבאַרעכטיגטער בירגער אין אונזער פאַמיליע. מען האָט איהם געגעבען די אַלע פּריווילעגיעס, וואָס מיר האָבען געהאַט, און ווען איך האָב איהם דאַן דאָס ערשטע מאָל דערזעהן, בין איך ווירקליך איבערראַשט געוואָרען. אַלט געווען איז ער דאַמאָלט 27 יאָהר,

---

*) בלויז איין לאָפּאַטין האָט זיך איינגע'עקשנ'ט און איז ניט אַרויס פון זיין קאַמער. ער האָט געמיינט, אַז מיר פיהרען אַ קאַמף, מען זאָל קאַרפּאָוויטש'ען לאָזען שפּאַצירען צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר, איז ער ניט אַרוס פון זיין קאַמער ביז מען האָט קאַרפּאָוויטש'ן גע־געבען אַזאַ פּריווילעגיע, און דאָס איז געשעהן מיט אַ סך חדשים שפּעטער. — וו. פ.

אָבער ער האָט אויסגעקוקט אַ סך אינגער ; אַ באַשיידענער, אַ שטילער, און גערעדט האָט ער געצעהלטע ווערטער. די אויגען זיינען ביי איהם געווען שעהנע, גרויסע און גרויע, אָבער די לאַנגע וויעס, וואָס זיינען שווער ארונטערגעהאנגען, האָבען זיי צוגע־געבען עפּעס אַזאַ מאָדנע שווארצקייט, און עפּעס מיידעלשעס איז געווען אין זיי, אין די שעהנע אויגען, וואָס האָבען אַזוי חנ'עוודיג פאַרשעמט געקוקט אַרונטער. דער אַלגעמיינער אויסדרוק פון דעם בלאַס־מאַטעווען פּנים מיט דעם קליינעם בערדעל איז געווען אַ גוטער און די עדלע שטריכען האָבען ניט אַרויסגעוויזען די שטרענגע, קאַלטע אַנטשלאָסענקייט, וואָס ס'מוז האָבען אַ מענש, וועלכער קען נעמען אַ רעוואָלווער אין האַנט און שיסען אַן אַנדער מענשען.

צו אונז אַלעמען האָט ער זיך באַצויגען ווי אַן אייגענער זוהן און געקוקט אויף אונז מיט גרויס דרך ארץ.

ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט איהם, האָט זיך מיר גלייך געוואָרפען אין די אויגען, אַז ער צייכענט זיך ניט אויס מיט קיין פיינעם, אַנטוויקעלטען שכל, נאָר מיט אַ געזונטען פאַרשטאַנד ; עס האָט זיך מיר אויך געוואָרפען אין די אויגען, אַז ער איז ניט אַזוי גוט געבילדעט, ניט זעהר שטאַרק באַלעזען, נאָר גלאַט אַן אַנטוויקעלטער מענש, וואָס שעפּט זיין וויסען פון לעבען און פון דעם וואָס ער טרעפט זיך מיט מענשען. פאַר מיר איז גלייך געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַ מענש, וואָס קען זיך ניט אָפּגעבען מיט גייסטי־גער אַרבייט און זיך פאַרטיפען אין ביכער. און ווירקליך, אַזוי שנעל ווי מען האָט איהם ערלויבט אַריינצוקומען אין די „פאַבריק־לאַך", וואָס מען האָט פאַר אונז געעפענט, האָט ער זיך גלייך מיט גרויס חשק אַ כאַפּ געטאָן צו פיזישער אַרבייט. פריהער איז ער געוואָרען אַ סטאָלער און דערנאָך איז ער אַריין אין קוזניע און דאָרטען האָט איהם אַנטאָנאָוו געמאַכט פאַר אַ בעל מלאכה.

אויף די שפּאַצירען האָב איך איהם גאַנץ אָפט געזעהן דורך די גראַטעס. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קורץ פּעלצעל ; דאָס פּנים פאַרשמירט מיט סאַזשע און די הענט פאַרשטויביגט און איינגעשמוצט ווי ביי אַ האַרעפּאַשניק, אַ קאָוואַל. אונטער אַנ־טאָנאָוו'ס אויפזיכט איז ער שפּעטער געוואָרען זעהר אַ גוטער שלאָסער און געמאַכט פיינע צוקער־צווענגעלאַך און אַנדערע שעהנע זאַכען, וואָס ער פלעגט אונז אַוועקשענקען.

מיר אַלע זיינען געווען עלטער פון איהם, ווער מיט צעהן, ווער מיט צוואַנציג יאָהר, און עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז מיר זאָלען אויף איהם קוקען ווי אויף אונזערען אַ זוהן און זיך באַציהען צו איהם זעהר צערטליך. אונז איז געפעלען געוואָרען זיין „פרישע ריהרעוודיגקייט", ווי לאָפּאַטין האָט דאָס אָנגערופען; מיר האָבען געשעפּט נחת פון דעם, וואָס ער, „אונזער בנימין", דער מוזיניקעל, רוהט ניט אַ מינוט, און מיר האָבען גאָר אָנגעקוואָלען פון דעם וואָס ער דראַפּעט זיך אַזוי לאָווקע אַרויף אויף דעם פאַרקען פון זיין „שטייג" און וואַרפט זיך אַזוי קונציג אַריבער צו אונז אין די אַנדערע „שטייגען". און וואָס שייך דער גייסטיגער פאַרבינדונג מיט איהם, איז אונז געווען אָנגענעם צו באַמערקען, אַז צווישען אונז, די רעוואָלוציאָנערען פונ'ם אַלטען דור, און איהם, דעם רעוואָלוציאָנער פונ'ם נייעם דור, איז נישטאָ אַזאַ טיפער תהום; אַז מיר פאַרשטעהען זיך איינע די אַנדערע און אַז מיר זיינען נאָהענט איינע צו די אַנדערע *).

---

*) לויט זיין אָבשטאַמונג איז פּאָיטער וולאַדימאָראָוויטש קאַרפּאָוויטש געווען אַן אור־אור־אייניקעל פון דער רוסישער צאַריצאַ יעקאַטערינאַ די צווייטע, וועלכע איז געשטאָרבען אין 1796. געבאָרען געוואָרען איז ער אין טשערניגאָווער גובערניע. ער איז געווען דער אונגעזעצליכער זוהן פון דעם רייכען פריץ, אַלעקסאַנדער סאַוועליעוו.

אין מאָנאַט מאַרטש 1903, האָט מען איהם אַרויסגעלאָזט פון שליסעלבורגער פעסטונג און איהם פאַרשיקט אין אַקאַטואיער געגענד. פון דאָרטען איז ער אַנטלאָפען קיין פעטערבורג, וואו ער איז גלייך צוגעשטאַנען צו די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און אַריין אין דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ".

אַרבייטענדיג דאָרט, האָט ער זיך אַזוי צוגעבונדען צו אַזעף'ן, אַז ער האָט איהם איינפאַך פאַרגעטערט, און ווען עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז אַזעף איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר, איז קאַרפּאָוויטש געווען אַזוי ענטוישט, אַז דאָס גאַנצע לעבען איז איהם ניט באַקומען; ער האָט פאַרלאָרען דעם צוטרויען צו מענשען און זיך דערווייטערט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין לאָנדאָן און דאָרטען האָט ער זיך איינגעאָרדענט ווי אַ סך אַנדערע רוסישע פּאָליטישע אימיגראַנטען. ווען ווערא פיגנער איז געווען אין לאָנדאָן, האָט זי דאָרטען איינמאָל גערעדט אין דער „פאַביאַנישער געזעלשאַפט" וועגען דעם לעבען אין שליסעלבורגער פעסטונג. קאַרפּאָוויטש איז אויך געקומען זי הערען, און ווען זי האָט גענומען שילדערען דעם איינדרוק, וואָס זיין קומען האָט געמאַכט אויף די

„נאראָדאָוואלצעס״ אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט זיך קאַרפּאָוויטש צואווינט ווי אַ קינד.

אין לאָנדאָן האָט ער זיך די גאַנצע צייט געריסען צוריק קיין רוס־לאַנד. ער האָט אָבער אַהין נים געטאָרט קומען. ערשט נאָך דער רעוואָלו־ציע פון 1917 איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין רוסלאַנד. ער איז אָבער אַהין נים דערפאָהרען; אויפ׳ן וועג, צווישען ענגלאַנד און נאָרוועגיען, איז די שיף איבערגעריסען געוואָרען פון אַ דייטשער סאָבמארין, און קאַרפּאָוויטש איז דערטרונקען געוואָרען.

נאָך אַנדערע אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען וועגען קאַרפּאָוויטש׳ן, קען דער לעזער געפינען אין ווערא פיגנער׳ס בוך „די פאַרשפּאַרטע אין שליסעלבורגער פעסטונג״ (רוסיש). פאַרלאַג „זאדרוגא״, 1920. — מ. אַשעראָוויטש.

## פינף און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל.

### אַכטצעהן יאָהר.




י פריהער זיינען געשטאַנען די ווייסע ווענט פון דער פעסטונג מיט די ווינקעלדיגע טורעמס, ווי פריהער זיינען די טויערען געווען פאַרהאַקט, און ווי פריהער איז די וואַסער פונ'ם טייך אַמאָל גלאַט ווי אַ שפּי־געל געלעגען און אַמאָל מיט שטורעמדיגע כוואַליעס זיך געוואָרפען צו די פלאַכע ברעגען פון דעם קליי־נעם אינזעל ביים אויסגוס פון דער נעווא.

אָבער אינוועניג, אין דער טורמע, האָט זיך אַלעס געענדערט. פון די אַלע פאַרשפּאַרטע זיינען, אינ'ם יאָהר 1902, געבּליבען ניט מעהר ווי דרייצעהן *). אייניגע זיינען געשטאָרבען פון צינגאַ און שווינדזוכט; אַנדערע זיינען אַרויס פריי; דריי זיינען אַרונ־טער פון זינען און מען האָט זיי אין 1896 אַוועקגעפיהרט אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיגע קראַנקע.

און כאָטש פון אונז אַלע זיינען געבּליבען ניט מעהר ווי דריי־צעהן, האָט מען דאָך געהאַלטען פונקט אַזוי פיל באַוואַפענטע וועכטער ווי פריהער און עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז יעדער אַרעסטאַנט איז באַוואַכט געוואָרען פון פינף און צוואַנציג זשאַנ־דאַרען און האָט אָפּגעקאָסט דער רעגירונג ניט ווייניגער ווי זיבען טויזענט רובּעל אַ יאָהר. אין יענע צייטען איז דאָס געווען אַ גאַנץ היבשע סומע.

ווי פריהער זיינען די געלאָדענע רעוואָלווערען נאָך אַלץ גע־לעגען אין די שאַפעס אין אַלע קאָרידאָרען, אָבער די קאַלטע שטרענג־קייט פון יענע צייטען איז אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט.

דער ערשטער אויפזעהער סאָקאָלאָוו איז נאָך געלעגען אין

---

*) פּראָלענקאָ, מאַראַזאָוו, וואַסילי איוואַנאָוו, אַשענבּרענער, אַנ־טאָנאָוו, לאָפּאַטין, סערגעי, איוואַנאָוו, סטאַראָדוואָרסקי, פּאָפּאָוו, נאָוואָ־רוסקי, לוקאַשעוויטש, קאַרפּאָוויטש און איך. טריגאָני'ן האָט מען אַרויסגעלאָזט אין אָנפאַנג פון 1902, און פּאָליוואַנאָוו'ן — אַסיען־צייט.

זכרון ווי א בייזער גייסט, וואָס איז ענג פאַרבונדען מיט דעם שרעקליכען טויט פון די חברים מינאַקאָוו, מישקין און גראַטשעווס־סקי, און מיט די שוידערליכע סצענעס, וואָס ער האָט אָפּגעשפּילט מיט שטשעדרינ׳ען, וועלכער איז אַרונטער פון זינען און געוואָרען ווילד.

אוועק אַהין אַן אויסזיכט צו קומען צוריק איז אויך דער אַלטער יאַבעדניק פּיאָדראָוו, וועלכער האָט גאַנצע צעהן יאָהר פאַרנומען סאַקאָלאָוו׳ס פּלאַץ.

אין די באַזונדערע קאַמערען איז נאָך דאָ און דאָרטען געהאַנ־גען אַן אַלטע געדרוקטע אינסטרוקציע, וואָס מען האָט פאַרגעסען אַרונטערצורייסען. אָבער קיינער האָט שוין פאַר דער אינסטרוקציע קיין מורא ניט געהאַט, און די אַלע פּריווילעגיעס, וואָס מען האָט פריהער געקראָגען בלויז פאַר „גוטער אויפפיהרונג", זיינען שוין געווען אַ שטענדיגע זאַך פאַר אַלעמען גלייך.

נאָכ׳ן הונגער־סטרייק, וואָס מיר האָבען אָנגעפיהרט פאַר ביכער, פאַר גייסטיגער שפּייז, האָט מען אונז אָנגעהויבען געבען מעהר עסען: טהע און צוקער, ווייסע ברויט אפילו, און אָנשטאָט די צעהן קאָפּיקעס אַ טאָג, וואָס מען האָט פריהער באַשטימט אויף שפּייז פאַר אונז, האָט מען אָנגעהויבען אויסגעבען דריי און צוואַנ־ציג קאָפּיקעס אַ טאָג.

פון דאַן אָן איז שוין מעהר קיינער ניט געשטאָרבען פון אויס־צעהרונג, און די וואָס זיינען געבליבען לעבען, האָבען אָנגעהויבען אויסזעהן בעסער און געזינטער.

פריהער פלעגט מען אונז אַרויספיהרען שפּאַצירען אויף דער פרישער לופט ניט מעהר ווי פערציג מינוט אַ טאָג. אָבער ביסלאַכ־ווייז האָט מען אויפגעהערט קוקען אויפ׳ן זייגער, און דערנאָך איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מיר האָבען אפילו אַ גאַנצען טאָג גע־קענט זיין אויף דער פרישער לופט און אַריינגעהן אין די „פאַב־ריקלאַך" ווען מיר ווילען און זיין דאָרטען אַזוי לאַנג ווי מיר ווילען.

איינמאָל — דאָס איז געווען זומער־צייט — האָט מען אונז זיבען אַזייגער אין אָוונט אַרויסגעפיהרט אין דרויסען שפּאַצירען, און ווען מיר האָבען דערזעהן אַ זומערדיגען אָוונט, האָבען מיר זיך אַזוי דערפרעהט! אַ יום טוב איז דאָס געווען ביי אונז!

דערנאָך האָט מען אונז שוין יעדען אָוונט, אַכט אַזייגער, אַרויסגעפיהרט אין דרויסען אויף אַ האַלבע שטונדע. דוכט זיך,

א קליינינקייט — א האלבע שטונדע אין דרויסען. אבער ווי גליק־ליך מיר זיינען געווען! פונ'ם טייך בלאזט א קיהל ווינטעל און גלעט דאס פנים, און די ברוסט אטעמט אזוי ברייט! אזוי ברייט און אזוי פריי... אין הימעל צינדען זיך שטערען; אין מערב לעשט זיך אויס די זון; די ווענט פון דער טורמע הויבען אן פאר־שווינדען, מען זעהט זיי ניט מעהר; און אין הארצען וואכט אויף עפעס אזא גוטער, אזא ווייכער און אזא ווארימער געפיהל.

ליכטיגקייט! וואס קען נאך זיין בעסער ווי ליכטיגקייט! און דאס האט מען אונז אויך געגעבען. די פינסטערע קאמערעס מיט די מאטעווע שויבען און שווארצע ווענט, האט מען איבער־געפארבט און עס איז דארט געווארען ליכטיגער. אויך לופט האט מען אויפגעהערט זשאלעווען; אנשטאט דעם קליינעם פענסטערעל, וואס די זשאנדארען פלעגען עפענען אויף א האלבע שטונדע אין טאג, האט מען אויבען געמאכט א גרויס פענסטער און מען האט עס געקענט לאזען אפען א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט. און ניט איין מאל האב איך, א דאנק דעם, געהאט דאס פארגעניגען צו הערען דעם ריטמישען קלאנג פון די כוואליעס, וואס שלאגען זיך אן אן ברעג און איך האב זיך פארגעשטעלט, אז זיי זיינען אזוי נאהענט, אז זיי גרייכען אזש די ווענט פון דער פעסטונג.

אלעס האט זיך געענדערט; מען האט שוין מעהר ניט גע־דארפט זיצען גאנצע טעג און לייענען; מען האט זיך מעהר ניט געפיהלט אזוי עלענד און איינזאם; זיצענדיג ביי די גראטעס האט מען געקענט זעהן די פנימ'ער פון די חברים, וואס מען פיהרט ארויס אויף שפאציר, מען האט געקענט הערען זייערע שטימען און פארפיהרען געשפרעכען מיט זיי; מען האט אויך געקענט אר־בייטען אין די „פאבריקלאך", וואס מען האט פאר אונז געמאכט — ווער עס איז געווארען א סטאליאר, ווער אן איינבינדער און ווער א שלאסער*), — אין ביכער איז שוין אויך ניט געווען אזא גרוי־סער מאנגעל ווי פריהער; אנשטאט די 170 ביכער, וואס מיר האבען געהאט די ערשטע צייט, האבען מיר מיט 18 יאהר שפעטער שוין געהאט א גרויסע ביבליאטעק פון א צוויי טויזענט בענדער, וויסענשאפטליכע ווערק און אויך שעהנע ליטעראטור.

די באציהונגען מיט די באאמטע זיינען אויך געווארען בעסער.

*) איך האב אין שליסעלבורג געארבייט ביי אט די אלע מלאכות.

און מען קען זאָגען, אַז אויסער די ערנסטע צוזאַמענשטויסען, וואָס מארטינאָוו און לאַגאָווסקי האָבען געהאט מיט דעם אויפזעהער פּיאָדראָוו, אין אָנפאנג פון די נײַנציגער יאָהרען, איז שוין אַלעס געהאט געגאַנגען מעהר אָדער וועניגער גלאַט.

ווען מען האט פּיאָדראָוו'ן אָפּגעזאָגט, האט דער פּאָליציי־דעפּארטאמענט אריינגעשיקט אויף זיין אָרט אַ מענשען, וועלכער האט מיט שטאָלץ דערצעהלט, אַז ער איז ניט אַבי ווער; ער האט געענדיגט די אַקאַדעמיע און געלעזען פּיסארעוו'ן. געהייסען האט ער גודז, אַלט געווען איז ער אַ יאָהר 35, אַ דארער, אַ מאָגערער, מיט אַ קליין פּנים'ל און מיט אַ קליין כאראַקטערל. קיין איבע־ריגער חכם איז ער ניט געווען, און דערצו האט ער נאָך געהאט אַ שוואכקייט זיך צו טשעפּען צו יעדער קלייניגקייט און מאַכען אַ גרויסען אָנשטעל.

צווישען זיך האָבען מיר איהם ניט גערופען „גודז", נאָר „גוס" (גאנז). מיר האָבען געוואוסט, אַז ער איז ניט קיין איבעריג גרויסער מייסטער אויף ווערטער, האָבען מיר אַלע מאָל געפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי איהם צו פאררייידען די ציין; ווען מיר האָבען ביי איהם עפּעס געדאַרפט פועל'ן, האָבען מיר איהם איינפאַך פאר־טרונקען אין אַ ים מיט רייד, און אַזוי ווי ער האט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, האט ער אַלע מאָל געמוזט נאָכגעבען.

די זשאַנדאַרען, ווי מיר האָבען זיך שפּעטער דערוואוסט, האָ־בען איהם זעהר ניט ליב געהאט, דערפאר וואָס ער האט זיך שטענ־דיג געהאַלטען אין איין טשעפּען צו זיי, און אַלץ איבער קלייניג־קייטען. זיי האָבען אונז דערצעהלט, אַז עס איז געווען אונמעגליך אויסצוהאַלטען פון איהם, ווייל ער האט אַלע מאָל צופיל אונטער־געשטראָכען, אַז ער איז אַן אָפיצער; ער האט געפאָדערט, אַז אפילו זייערע ווייבער זאָלען סאַלוטירען, ווען זיי באַגעגענען איהם, און ווען ער האט פאַרלאָרען זיין שטעלע אין שליסעלבורג נאָך דעם צוזאַמענשטויס מיט מיר, זיינען די זשאַנדאַרען געווען שטארק צו־פרידען. „לאַנג לעבען, — האָבען זיי געזאָגט, — זאָל זי, די „עלפטע". (דאָס הייסט איך). איהר האָבען מיר צו פארדאַנקען, וואָס מיר זיינען פון איהם פּטור געוואָרען".

אין דער אמת'ן אָבער איז גודז דוקא ניט געווען קיין שלעכטער בטבע; ער איז בלויז געווען אַ מענש אָהן טאַקט, און אין זיין טאַקטלאָזיגקייט איז ניט געווען קיין רשעות, נאָר נארישקייט. דער

מענש האָט איינפאַך ניט געוואוסט און ניט אָנגעהויבען וויסען, ווי אַזוי זיך צו האַלטען, ווי אַזוי זיך צו פיהרען; ער האָט ניט געקענט זיין קיין אויפזעהער איבער אונז, און דערפאַר טאַקע האָט ער זיין שטעלע פאַרלאָרען.

אינ׳ם יאָהר 1900 האָבען די הויכע רעגירונגס באַאַמטע אין פעטערבורג עפּעס איינגאַנצען פאַרגעסען אין דעם, אַז מיט 39 ווערסט ווייטער פון דער קרוינשטאָדט געפינט זיך אַ פעסטונג, אין וועלכער עס זיינען מיט יאָהרען צוריק פאַרשפּאַרט געוואָרען זעהר וויכטיגע פאַרברעכער. זיי, די מענשען, וואָס זיינען דאָן געשטאַנען ביים רודער פון דער רעגירונג, האָבען געהאַט גענוג צרות אָהן אונז אויך; די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג האָט זיך דאָן אין רוסלאַנד שטאַרק צוואוואַקסען, אין אַלע אוניווערסיטעטען האָבען זיך די סטודענטען געבונטעוועט און די אָרגאַניזירטע ארבייטער זיינען ארוים אין די גאַסען און ארויסגעשטעלט פּאָליטישע פאָדערונגען. אין די גרעסערע און קלענערע שטעדט האָבען זיך באַוויזען רויטע פאָהנען און אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער שטראָם האָט זיך ראַשיג געריסען פון די ברעגעס. עס איז דאַריבער געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז אין אַזאַ צייט זאָל די רעגירונג פאַרגעסען אָן אונז, אָן דעם הייפעלע „נאַראָדאָוואָלצעס״ פון די אכטציגער יאָהרען.

כמעט אַ פערטעל יאָהרהונדערט איז אוועק נאָכ׳ן ערשטען מערץ, ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען אין מיטען גאַס, און אָנשטאַט דער שטילקייט, וואָס האָט זיך דאָן איינגעשטעלט, האָט זיך דאָס לעבען געגעבען אַ הויב אין דער הויך ווי אַ כוואַליע אויפ׳ן ים אין דער צייט פון אַ שטורעם; דער דרייסטער רוף פון פּראָטעסט האָט זיך געפיהלט איבער׳ן גאַנצען לאַנד... די הויכגעשטעלטע רעגירונגס באַאַמטע האָבען איינגאַנצען אויפגעהערט קומען צו אונז מיט וויזיטען. אַ סך אַלטע זשאַנדאַרען, וועלכע זיינען געווען זעהר שטרענג, ווייל זיי זיינען דורכגעגאַנגען די שולע פון באַוואַכען פּאָליטישע פאַרברעכער אין דער „ראַווענינע״ פון פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, זיינען אוועק אויף פענסיע, און די וואָס זיינען געבליבען, זיינען געוואָרען אַלט, גרוי, טויב און האָבען זיך ביסלאַכווייז אַזוי איינגעוועהנט צו אונז, אַז עס איז שוין ניט געווען געפעהרליך און מען האָט געקענט אויסקומען מיט זיי.

פריהער, אין די ערשטע יאָהרען, ווען דער שטרענגער סאָקאָ־לאָוו איז געווען אויפזעהער אין שליסעלבורג, האָבען די זשאַנדאַרען קיינמאָל מיט אונז קיין וואָרט ניט גערעדט. ווי די ליימענע גולם׳ס פלעגען זיי שטעהן אויסגעצויגען און שווייגען. שפּעטער אָבער, זיינען זיי געוואָרען ריידעוודיג און אָבי עס איז נאָר ניט געווען קיין שפּיאָן ביי דער זייט, האָבען זיי מיט אונז גאַנצע געשפּרעכען פאַרפיהרט; זיי האָבען שוין מעהר קיין מורא ניט געהאַט פאַר קיין בונט; זיי זיינען געווען זיכער, אַז מיר וועלען ניט אַנט־לויפען, און די געלאָדענע רעוואָלווערען אין די שאַפּקעלאַך האָבען שוין מעהר קיינעם ניט געשראָקען.

און אַז די הויכע רעגירונגס באַאַמטע אין פּעטערבורג האָבען אָן אונז פאַרגעסען, האָבען די טורמע־באַאַמטע אודאי ניט געהאַט קיין גרונד אונז צו פאַרפאָלגען. נו, האָט מען טאַקע אָפּגעלאָזט די לייצעס, געוואָרען בעסער, ווייכער און גלאַט אכטונג געגעבען, אַז עס זאָל ניט געשעהן קיין גאָר אויסערגעוועהנליכע זאַך, וואָס רייסט שוין צופיל די אויגען, וואָרים טאָמער וועט אַזאַ זאַך יאָ געשעהן, וועט דאָך ווערען אַ טומעל אין פּעטערבורג און מען וועט שוין קיין האָניג ניט לעקען.

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז מיר זיינען געוואָרען די גאַנצע בעלי־בתים אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, און עס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען מיר האָבען דערהערט אַ געשריי, אָדער אַ ליאַרם, האָבען מיר זיך שוין ניט געשראָקען, ווייל מיר האָבען געוואוסט, אַז דאָס שרייען ניט די זשאַנדאַרען, נאָר טאַקע אונזערע חברים, וועלכע האָבען אַ טבע זיך צו היצען... דער אויפזעהער האָט זיך אויף אונז מעהר ניט געבייזערט; פאַרקערט, מיר האָבען זיך געבייזערט אויף איהם, און טאָמער האָט ער פאַר אַ חבר מיט עפּעס ניט יוצא געווען, האָט יענער קיין סך ניט געטראַכט און זיך צושריגען אויף איהם ווי אַ בעל־הבית...

אין די ערשטע יאָהרען פלעגט אויף מיר פאַלען אַ פּחד, ווען איך האָב דערהערט וועגען אַ צוזאַמענשטויס מיט די באַאַמטע. מיט וואָס אַזאַ זאַך ענדיגט זיך ביים אויפזעהער סאָקאָלאָוו האָבען שוין אַלע געוואוסט — קאַרצער, פּעטש און פּייניגונגען... איך אַליין בין בטבע דוקא ניט פון די שרעקעדיגע, אָבער אין יענער צייט האָב איך אַלץ מורא געהאַט, מען זאָל מיך ניט שלאָגען, ווייל אַזאַ זאַך וואָלט פאַר מיר געווען די גרעסטע באַליידיגונג. איצט

אָבער האָב איך דערפאַר מעהר קיין מורא ניט געהאַט, ווייל איך האָב געוואוסט, אז אין ערגסטען פאַל, ווי איך זאָל זיך ניט פאַר־זינדיגען, וועט זיך עס ענדיגען מיט א קריג און ניט מעהר.

אין אַלגעמיין האָט זיך אַלעס איינגעשטילט. און איך געדענק נאָך, ווי עס האָט מיר וועה געטאָן, ווען טריגאָני האָט ביים גע־זעגענען זיך מיט מיר, געמאַכט אזא באַמערקונג: „קיינער פון אונז איז שוין מעהר ניט פעהיג אויסצודריקען א שטאַרקען פּראָטעסט".

יאָ, א צווייפעל האָט זיך געקענט פאַר'גנב'ענען... א צווייפעל אין דער אויסגעלאָשענקייט פון'ם גייסט.

אָבער ביי וואָס האָט מען געקענט אַרויסווייזען דעם גייסט, וואָס האָט זיך דאָך ניט געקענט צופּאַסען אינגאַנצען צום שווערען דרוק? געגען וואָס האָט מען געזאָלט פּראָטעסטירען? צו וואָס האָט מען געדאַרפט שטרעבען און פאַר וואָס קעמפען? — דאָס לעבען אין געפענגעניש האָט ניט געגעבען קיין גרונד דאַרויף.

דרייצעהן יאָהר האָבען מיר צו קיינעם ניט געטאָרט שרייבען און צו אונז האָט מען פון קיינעם קיין בריף ניט צוגעלאָזען. ערשט אין 1897 האָט מען דעם חרם אַראָפּגענומען. די גאַנצע צייט האָט מען קיינעם פון אונזערע קרובים און פריינד ניט ערלויבט צו קומען צו אונז. מיר האָבען אונזערע אייגענע ניט געטאָרט זעהן. אָבער די באַאַמטע אין טורמע זיינען דאָך ניט געווען שולדיג אין דעם, ווייל אזא ערלויבניש האָט געקענט אַרויסגעגעבען ווערען נאָר אין פּעטערבורג. און חוץ דעם, צו וואָס האָבען מיר זיך געדאַרפט זעהן מיט די אייגענע, מיט טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער? וואָלט דאָס דען ניט געווען ערגער פאַר אונז? צו וואָס אָפּפרישען די אַלטע וואונדען?..

אַלעס וואָס מען האָט אין טורמע געקענט אויסקעמפען מיט די אייגענע כוחות און אויך מיט דער הילף פון דער צייט, האָט מען אויסגעקעמפט. מיר זיינען שוין מעהר ניט געווען אזוי פאַרבי־טערט, און ביסלאַכווייז האָבען מיר אָנגעהויבען לעבען ווי מענשען, וועמען א שטורעם האָט פאַרוואָרפען אויף א וויסטען אינזעל אין מיטען ים. מיר זיינען געוואָרען א מין גרופּע פון ראָבינזאָנס, וועלכע האָבען שוין אויפגעגעבען די האָפנונג זיך צוצושלאָגען צו א ישוב און מיר האָבען זיך געלעבט אויף אונזער אייגענעם שטייגער. אין פאַרלויף פון אזוי פיל יאָהרען האָבען מיר זיך אָפּגעריסען...

פון דער וועלט און פאַרגעסען אַן איהר... אין 1902 זיינען אין שליסעלבורגער פעסטונג שוין געווען אַזעלכע, וואָס האָבען שוין כמעט ניט געדענקט, וואָס פאַר אַ פּנים זי האָט, די פרייע וועלט... איך אַליין בין שוין דאַן געווען אָפּגעריסען פון איהר גאַנצע צוואַנציג יאָהר, און אַנדערע חברים — נאָך מעהר. און עס איז דוקא געווען ניט שלעכט, וואָס מיר האָבען פאַרגעסען, וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט די פרייע וועלט, ווייל ווען מיר וואָלטען דאָס געדענקט, וואָל־טען מיר זיכער ניט געקענט אריבערטראָגען דאָס לעבען אין גע־פענגעניש.

דער לאַנגער, שווערער פעריאָד פון צופּאַסען זיך, איז געווען געענדיגט; ווער עס איז ניט געשטאָרבען, ניט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד און ניט אַרונטער פון זינען — דער איז אריין אין אַ לאַגע פון גלייכגעוויכט און געלעבט ווי עס איז. די צייט האָט מיט שפּינוועבס באַדעקט אַלעס וואָס ס'האָט וועה געטאָן; אַ סך זאַכען האָט מען פאַרגעסען, און אויב דאָס איז געווען שווער, האָט מען זיך אָנגעטאָן אַ כח. די שאַרפע ליידען האָט מען דערשטיקט, און ווען די אָנגעוועהטאָגטע נשמה האָט זיך באַרוהיגט און אַ סך שווערע איבערלעבונגען זיינען אַרויס פונ'ם זכרון, האָט זיך גאַנץ אָפּט אויסגעוויזען, אַז קיינער האָט אונז מעהר ניט אין זינען און מיר זיינען זיך מענשען פון גאָר אַן אַנדער וועלט... ווער געדענקט אונז? ניט נאָר די הויכע רעגירונגס באַאַמטע אין דער קרוינ־שטאָדט האָבען אונז פאַרגעסען, נאָר אַלע... אפילו אונזערע איי־גענע, אונזערע עלטערען, אונזערע שוועסטער און ברידער... פאַר־געסען אַן אונז, פּונקט ווי מיר אַן זיי... עס האָט זיך פּשוט ניט געגלויבט, אַז אויף דער וועלט געפינען זיך נאָך מענשען, וואָס גע־דענקען אונזערע נעמען... עס זיינען דאָך שוין אַוועק צוואַנציג יאָהר, און דאָס איז דאָך אַ שטיק אייביגקייט!

ווי זאָגט באַלמאָנט אין אַ ליד:

„פאַרוואָרפען פון שטורם, פאַרגעסען פון אַלע...
אויף דער וועלט לעבט שוין אַ דור, גאָר אַ נייער.
נו, לאַכט ער אַ ן געדענקט ניט מעהר מיך,
וואָס האָט איהם פייער געגעבען,
אַ זון פאַר איהם אָנגעצונדען, און אַליין
געבליבען אין דער פינסטער,
אויף שטענדיג, אויף שטענדיג".

## זעקס און צוואנציגסטער קאפיטעל.

### עפּאלעטען.



ון אין דער שטילקייט, וואס האט זיך אין פארלויף פון יאהרען און יאהרען קוים איינגעשטעלט, איז אין מיטען דערינגען געשעהן אן אומגליק, וואס האט אונז ווידער שטארק צורודערט און ארויפגעווארפען א פחד אויף אלעמען.

געשעהן איז דאס דעם 2טען מערץ, אין יאהר 1902. ארום 5 אזייגער פארנאכט, נאכדעם ווי מיר האבען זיך אומגעקערט צוריק פונ׳ם שפּאציר אויף דער פרישער לופט, האבען מיר מיט אמאל דערהערט, ווי מען שליסט ווידער אויף די טירען און אימיצער געהט דארט ארום פון קאמער צו קאמער און גיט ארויס באפעהלען. די טיר פון מיין קאמער האט זיך אויך געעפענט און עס איז אריינגעקומען דער אויפזעהער מיט דריי זשאנדארען.

„דער קאמענדאנט איז ניט צופרידען דערמיט, וואס די לעצטע צייט האט דא אין טורמע אנגעהויבען הערשען אן אומארדנונג, — האט דער אויפזעהער, וואזשנע און מיט א פארריסענער נאז, א זאג געטאן צו מיר. — ווייטער קען דאס אזוי ניט געהן, און איהר זאלט וויסען, אז פון היינט אן און ווייטער וועלען אלע אינסטרוק־ציעס אפגעהיט ווערען זעהר שטרענג און פינקטליך״.

אפגעזאגט — און ער איז שוין גרייט ארויסצוגעהן.

שטעל איך איהם אפּ מיט א פראגע:

— וואס פאר אן אומארדנונג הערשט דען איצט אין טורמע? ביז איצט האט אונז קיינער קיין באמערקונג ניט געמאכט און איך פארשטעה בכלל ניט, וואס איהר רעדט...

— דער קאמענדאנט איז ניט צופרידען, — האלט ער זיך פאר זיינס. — פון היינט אן און ווייטער וועלען די אינסטרוקציעס שטרענג אפגעהיט ווערען. מעהר קען איך אייך גארניט זאגען.

— אפשר איז עפּעס געשעהן אויף דער פרייהייט? — פרעג איך נייגעריג.

— איך ווייס גאָרניט.

— פון וואנען זשע, זאָגט מיר, קומט דער באפעהל, פון פעטערבורג, צי פון דאנען?

— פון דאנען, — ענטפערט דער אויפזעהער און דרעהט זיך אוים מיט דער פּלייצע צו מיר און מיט׳ן פּנים צו דער טיר.

— מיר וועלען זיך בשום אופן ניט אונטערוואַרפען די אינסטרוקציעס, — שריי איך איהם נאָך. — אונטער די אינסטרוקציעס קען מען דערשטיקט ווערען, און אויב איהר וועט טאַקע זיין שטרענג, וועלען מיר ניט פאָלגען. איהר מעגט שוין באצייטענס צוגרייטען קאַרצערס אונז צו באשטראָפען.

— דאָס גרייטען מיר טאַקע צו, — ענטפערט ער רוהיג און געהט זיך ארויס.

די זעלבע, אָדער כמעט די זעלבע געשפּרעכען קומען פאָר אין די אנדערע קאַמערען.

מיר ווערען שטאַרק אומרוהיג, צורודערט און אויפגערעגט. א נייע צרה רוקט זיך אָן אויף אונזערע קעפּ. פאַר וואָס? פאַר ווען? מיר האָבען זיך די לעצטע צייט געהאַלטען גאַנץ שטיל; מיר האָבען קיינעם ניט געטשעפּעט און קיינער האָט אונז ניט געטשעפּעט. פאַר וואָס זשע איז מען מיט אמאָל ווידער געוואָרען שטרענג און מען וויל ביי אונז צונעמען די פאַרלייכטערונגען, וואָס מיר האָבען אויסגעקעמפּט אין די אכטצעהן־צוואַנציג יאָהר זינט מיר זיינען דאָ פאַרשפּאַרט? מיר זיינען שוין אַלע מיד. מיר האָבען זיך שוין גענוג אָנגעליטען. וואָס האָט מען צו אונז? מיר האָבען מעהר קיין כוחות ניט אריבערצוטראָגען די אַלטע אינסטרוקציעס. אונזערע נערוועז זיינען שרעקליך אָפּגעשוואַכט און מיר וועלען זיך מעהר ניט קענען ארומרייסען מיט די באַאמטע פאַר יעדער קליינינקייט! וואָס האָט מען צו אונז?

דעם גאַנצען אויף דער נאַכט זיינען מיר אַלע צוטומעלט. איינינגע לויפען ארום אהין און צוריק איבער זייערע קאַמערען און קענען זיך אין ערגעץ קיין אָרט ניט געפינען; אנדערע ליגען אויף די בעטלאַך און ברעכען זיך די מוחות; מען נעמט לייענען א בוך, פאַלט ער ארויס פון די הענט. וואָס טוט מען און וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? ניט האָבענדיג קיין אנדער ברירה, הויבט מען זיך אָן איבעררייַדען, קלאַפּענדיג מיט די פינגער אָן די ווענט. וואָס וועט זיין? וואָס שטעהט אונז פאַר? און וואָס עפּעס אין מיטען

דערינען? פאַר וואָס? פאַר ווען? ניט אַנדערש נאָר, אויף דער פרייהייט איז געשעהן עפּעס זעהר אַ וויכטיגע פּאַסירונג, וואָס האָט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט... די פאַרשטעלונגס קראַפט אַרבייט. די אויפרעגונג וואַקסט. אָבער מיר זיינען אָפּ־געריסען פון דער גאַנצער וועלט און ווייסען גאָרניט, פּונקט ווי מעטערלינק'ס „בלינדע", וואָס קענען זיך בלויז פאָרשטעלען זאַכען, אָבער ניט זעהן...

אַרום צעהן אַזייגער ביינאַכט דערהערען מיר, ווי ווייט־ווייט, אויפ'ן אויבערשטען שטאָק, עפענט זיך די אייזערנע פאָרטקעלע פון אַ קאַמער און אימיצער רעדט. באַלד עפענט זיך ווידער אַ פאָרטקעלע און מאַכט זיך צו מיט אַ קלאַפּ, וואָס צוטראָגט זיך איבער דער גאַנצער טורמע.

אין אַלע קאַמערען פון אונטערשטען שטאָק איז באַלד געוואָרען אַ טומעל. מיר האָבען אַלע אויפגעשפּיצט די אויערען און באַלד האָבען מיר דערהערט, ווי אויבען עפענט זיך אַ טיר פון אַ קאַמער און די זשאַנדאַרען טראָגען פון דאָרטען אַרויס עפּעס אַ שווערע זאַך. עס איז געוועזען קלאָר, אַז זיי טראָגען פון דאָרטען אַרויס אַ גע־בונדענעם מענשען. מיר האָבען געהערט, ווי אימיצער ראַנגעלט זיך, און פאַרשטיקטע קולות רייסען זיך פון זיין ברוסט.

אין איין מינוט זיינען מיר שוין אַלע געשטאַנען ביי די טירען און ביי יעדען איינעם פון אונז האָט די פאַנטאַזיע האַסטיג גע־אַרבייט. מיר האָבען אָנגעהויבען מאַכען גערוואַלדען, רופען די וועכטער און פרעגען וואָס עס איז געשעהן; יענע האָבען גע־עפענט די אייזערנע פאָרטקעלאַך און קיין וואָרט ניט געענטפערט.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט דעם קאָמענדאַנט'ס קול:

— בינדט איהם אויף!

הייסט עס, אַז אימיצער פון אונזערע חברים האָט געפּרואווט זיך אויפהענגען... וואָס ס'איז אונז נאָר געקומען אונטער די הענט, האָבען מיר געכאַפּט און אָנגעהויבען קלאַפּען אין די טירען, שרייענ־דיג אויפ'ן קול: „וואָס איז געשעהן?"

און דעם קאָמענדאַנט'ס שטימע האָט געענטפערט: „דער אכט און צוואַנציגסטער היט ניט אָפּ די דיסציפּלין".

אַ מענש וויל באַגעהן זעלבסטמאָרד, ווייל דאָס לעבען האָט איהם דאָ דערעסען, הייסט עס אויף זייער לשון, אַז „ער היט ניט אָפּ די דיסציפּלין"...

אַלע אייזערנע טירען האָבען זיך אַ טרייסעל געטאָן. אימיצער האָט אויפ'ן קול, איבער דער גאַנצער טורמע, אויסגעשריען: „קאַ־ראַאול!" פון אַלע זייטען האָט מען גענומען קלאַפּען און געוואַל־דעווען. די גאַנצע טורמע איז אַוועק כאַדראָם.

און דאָ האָבען מיר מיט אַמאָל דערהערט, ווי דער קאָמענדאַנט אָבוכאָוו שרייט מיט אַלע קולות: „אַ דאָקטאָר! ברענגט שנעל אַ דאָקטאָר!"...

מיר האָבען געמיינט, אַז מיר געהען אַלע אַרונטער פון זינען. די גאַנצע טורמע האָט דאַן אַ פּנים געהאַט ווי אַ משוגעים הויז, וואו מען האַלט ווילדע מענשען, וועלכע האָבען פאַרלאָרען זייער פאַרשטאַנד...

אַכט אַזייגער אין דער פריה האָט מען אונז אַרויסגעפיהרט שפּאַצירען אויף דער פרישער לופט, און ערשט דאַן זיינען מיר גע־וואָהר געוואָרען, וואָס ס'איז געשעהן: סערגעי איוואַנאָוו האָט ניט געוואָלט ליידען, וואָס מען עפענט אַלע מאָל דאָס פאָרטקעלע פון זיין טיר און מען מאַכט איהם נערוועז, און ניט געוואָלט אַראָפּ־נעמען דאָס שטיקעל פּאַפּיר, מיט וואָס ער האָט פאַרהאַנגען דאָס עלעקטרישע לעמפּעל. דערפאַר האָבען איהם די זשאַנדאַרען גע־בונדען, חוזק געמאַכט פון איהם, כאָטש דער קאָמענדאַנט איז גע־שטאַנען דערביי, און ווען זיי האָבען איהם אַרויסגעטראָגען פון זיין קאַמער, האָט ער גע'חלש'ט. די זשאַנדאַרען האָבען געפּרואווט איהם דערמינטערען, נאָר אַזוי ווי זיי האָבען ניט געקענט, ווייל ער איז געווען אַ חולה־נופל, האָט מען געמוזט ברענגען צו איהם אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז אָבער ניט געקומען באַלד און איוואַנאָוו איז פערציג מינוט געלעגען אויף דער ערד אַ גע'חלש'טער.

די גאַנצע געשיכטע האָט אויף אונז געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק. וואָס טוט מען? דאָס זעלבע קאָן דאָך געשעהן מאָרגען אויך און איבער־מאָרגען אויך... עפּעס מוז דאָ געטאָן ווערען! מיר מוזען ווייזען, אַז מיר וועלען ניט שווייגען, אויב מען וועט אונז ווידער אָנהויבען באַהאַנדלען אַזוי שטרענג ווי אין די ערשטע יאָהרען. אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס?

אייניגע האָבען געזאָגט, אַז מען דאַרף אויסדריקען דעם פּראָ־טעסט דערמיט, וואָס מען זאָל מעהר ניט געהן שפּאַצירען אויף דער פרישער לופט, און אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען — באָיקאָטירען דעם קאָמענדאַנט, ניט ענטפערען אויף

זיינע פראַגען און אַפילו ניט אָפּנעמען ביי איהם קיין בריף פון די איינענע. מיט געבויגענע קעפּ זיינען מיר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. צו קיין באשלוס זיינען מיר ניט געקומען.

דער טאָג איז אַוועק. מיר האָבען אַלץ געזוכט מיטלען, ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַן אופן מיר זאָלען אויסדריקען אונזער פּראָטעסט. און אויף דערנאַכט איז מיר איינגעפאַלען אַזא גע־דאַנק: איך וועל אָנשרייבען מיין מוטער אַזא בריף, וואָס דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט וועט זיכער ניט דורכלאָזען. דערפאַר אָבער וועט מען זיך דאַרטען פאַראינטערעסירען מיט דעם בריף אַליין.

געטראַכט און געטאָן. זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבען דער מאַמען אַזא בריף:

„טייערע מאַמע, איך האָב דיר געוואָלט ענטפערען, אָבער ביי אונז אין טורמע איז איצטער פאָרגעקומען אַזא זאַך, וואָס האָט אַלעם איבערגעקערט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. זיי אַזוי גוט און ווענדע זיך צום מיניסטער פון אינערליכע אַנגע־לעגענהייטען, אָדער צום דירעקטאָר פונ'ם פּאָליציי דעפּאַרטאַמענט, מען זאָל גלייך מאַכען אַן אונטערזוכונג".

און אונטערגעשריבען: ווערא.

דעם אינהאַלט פונ'ם בריף האָב איך אויך געלאָזט וויסען אַלע חברים, און דעם בריף אַליין האָב איך אין דעם זעלבען אָוועגט איבערגעגעבען דעם אויפזעהער, ער זאָל איהם אַוועקשיקען.

מאַראָזאָוו איז געווען זיכער, אַז דער אויפזעהער וועט דעם בריף ניט וועלען אַוועקשיקען. און די זעלבע מיינונג האָבען אויס־געדריקט די אַנדערע.

אין דער פריה האָט מען מיך אַרויסגעפיהרט שפּאַצירען. אַלעס איז געווען באַדעקט מיט שנעע און אין מיטען — אַ שמאָל סטעזש־קעלע, אויף וועלכען איך האָב געשפּאַצירט.

ניט ווייט פון מיר, אין דער אַנדערער „שטייג", איז געשטאַנען פּאָליוואַנאָוו. אַרום און אַרום איז געווען שטיל, פון ערגעץ האָבען זיך צו אונז ניט דערטראָגען קיין קולות. איך און פּאָליוואַנאָוו האָבען צווישען זיך שטיל גערעדט, און אויבען, אין דער הויך, אויפ'ן בריקעל, איז געשטאַנען אַ באַוואָפענטער זשאַנדאַר און די גאַנצע צייט פון אונז די אויגען ניט אַראָפּגענומען.

און דאָן האָב איך זיך גאָר פּלוצלינג דערמאָנט אָן ווערא זאַסוליטש...

„אזא פאל, — האָב איך זיך געטראַכט, — פּאַרדינט, מען זאָל אויסדריקען אזא פּראָטעסט ווי זי, ווערא זאסוליטש, האָט אויסגעדריקט. פאר אזא זאך מעג מען דאָס לעבען מקריב זיין".

און ווייטער האָב איך געטראַכט אזוי :

„דער טויט איז ניט שרעקליך. שרעקליך איז צו זיין אָפּגעריסען פון אַלעמען. וואָס וועל איך טאָן, אויב מען וועט מיך אויף שטענדיג פארשפארען אין דער אַלטער טורמע ? איינע אַליין... איינע אַליין מיט די זשאנדארען... דאָס איז דאָך ערגער ווי דער טויט... אָבער ווידער איבערלעבען די אַלע שוועריגקייטען, וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט אין די ערשטע יאָהרען, קען מען דאָך אויך ניט. שוין נישטאָ די כוחות. איך וואָלט פון זינען ארונטער... און דאָס איז נאָך שרעקליכער ווי דער טויט !"

און דאָס געשטאַלט פון ווערא זאסוליטש האָט מיר אַלץ געשוועבט פאר די אויגען.

איך האָב דערצעהלט פּאָליוואַנאָוו'ן וועגען דעם בריף, וואָס איך האָב איבערגעגעבען דעם אויפזעהער פאר מיין מוטער.

האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט זיינע צוויי גרויסע, פארטרויערטע אויגען און געפרעגט :

— און וואָס וועט זיין, אויב ער וועט מאַכען אַ שוויג און גלאַט אזוי דעם בריף ניט אוועקשיקען ?

דאָס איז אונמעגליך ! — האָב איך כמעט ווי אויסגעשריגען. — דער אויפזעהער וועט ניט סמייען צו טאָן אזא זאך !

פּאָליוואַנאָוו איז אוועק און איך בין געבליבען אַליין.

אין יענעם מאָמענט, ווען מיר האָט זיך געדוכט, אז גאָר אין גיכען וועל איך זיך מוזען געזעגענען מיט דער וועלט, איז מיר געוועזען אזוי שווער זיך צו שיידען מיט דער קיהלער, פרישער לופט, און ווי אַ פיש, וואָס ווערט ארויסגעוואָרפען אויפ'ן ברעג, האָב איך געעפענט דאָס מויל און ממש געשלונגען די לופט.

עס האָט אָנגעהויבען פאַלען אַ שנעע. איך בין צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, זיך שטיל אוועקגעשטעלט און דער שנעע איז געפאַלען און געפאַלען און אינגאַנצען ווייס געמאַכט דאָס גרויזע מיצעל און דעם גרויען ארעסטאַנטסקען כאַלאַט, וואָס איך האָב געטראָגען. ארום און ארום איז געוועזען שטיל. קיין שאָרך האָט זיך פון ערגעץ ניט געהערט. ווי דורך אַ כישוף האָט זיך די ארומיגע שטילקייט אין מיין הארצען אריינגעגאָסען און מיינע אויגען האָבען מעהר ניט

געזעהן די ווענט פון דער טורמע, דעם הויכען פארקען, די זשאנ־דארען; זיי האבען נאר געזעהן דעם שנעע, און מיר האט זיך אויסגעדוכט, אז איך בין דא איינע אליין. עס איז שטיל, רוהיג, און אזוי וועט דער שנעע פאלען און פאלען, ביז ער וועט מיך איג־גאנצען פארשיטען. און אין מיטען דערינען האב איך זיך דערמאנט אן נעקראסאוו׳ס פאעמע „מאראז — קראסני נאס״, די סצענע, וואו דאריא שטעהט און ווערט פארפראָרען אין וואלד.

מען האט מיך אריינגעפיהרט צוריק אין מיין קאמער, און באלד איז אריינגעקומען דער אויפזעהער און געזאגט:

— אייער בריף קען איך ניט אוועקשיקען. שרייבט אן אנדערען.

— פארוואס? — האב איך איהם בייז געפרעגט. — איהר מוזט מיין בריף אוועקשיקען. דער צענזאר איבער אונזערע בריף איז דער פאליציי־דעפארטאמענט און ניט איהר.

— עס איז אבער דא אן אינסטרוקציע, אז אין די בריף דארף מען שרייבען בלויז וועגען זיך...

— די אינסטרוקציעס ווייס איך אויך. נעמט מיין בריף און שיקט איהם אוועק קיין פעטערבורג.

— לויט דער אינסטרוקציע קען איך אייער בריף ניט אוועק־שיקען. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך ווייזען דעם פונקט אין ביכעל.

און ער איז אוועק ברענגען דאס ביכעל.

איך בין געווען אזוי זיכער אין מיין רעכט, אז איך האב גאר־ניט געצווייפעלט אין דעם, אז איך וועל אויספיהרען, און רוהיג, ווי איך וואלט זיך אויף קיין אויסערגעוועהנליכער פאסירונג ניט געריכט, האב איך אויסגעטאן דעם ארעסטאנטסקען מאנטעל.

דער אויפזעהער איז אריינגעקומען מיט׳ן ביכעל אין דער האנט און מיר געוויזען דעם פונקט וועגען אריבערשיקען און שרייבען בריף.

— אז מיר געהט ניט אן דער פונקט! — האב איך זיך צו־שריען הויך אויפ׳ן קול. — איך ווייס איין זאך, און דאס איז, אז יעדער בריף דארף אוועקגעשיקט ווערען אין פאליציי־דעפארטא־מענט, און דארטען דארף מען באשליסען, צי מען זאל איהם איבער־שיקען אדער ניין.

— שרייט ניט אזוי, — האָט ער פּראָטעסטירט, — איך רעד מיט אייך העפליך.

— העפליך? — בין איך געוואָרען נאָך מעהר אין כעס. — איהר שטיקט אונז און לאָזט אונז דעם קאָפּ ניט אויפהויבען, און פאָדערט נאָך, אז מיר זאָלען מיט אייך ריידען העפליך... טענה׳ט ניט און שיקט אוועק דעם בריף!

— ד ע ם בריף ניט. שרייבט אָן אן אנדערען, וועל איך איהם אוועקשיקען.

— קיין אנדער בריף וועל איך ניט אָנשרייבען!

— אויב איהר וועט ניט אָנשרייבען קיין אנדערען, וועלען מיר ביי אייך אינגאנצען צונעמען דאָס רעכט צו שרייבען בריף.

ערשט דאַן האָב איך זיך געכאַפּט, ווי ערנסט די לאַגע איז. עס איז פאר מיר געווען קלאָר, אז איך טאָר איצט ניט פארלירען קיין מינוט און גלייך האנדלען, אויסדריקען מיין פּראָטעסט אויפ׳ן שטאַרקסטען שטייגער. דאָך האָב איך זיך קאָנטראָלירט און שטיל געפרעגט:

— פארוואָס וועט איהר ביי מיר צונעמען דאָס רעכט צו שריי־בען בריף? האָב איך דען געטאָן עפּעס אזא זאך, וואָס קען בא־טראַכט ווערען אלס א פארברעכען?

— איהר פאָלגט ניט. איהר ווילט ניט אָנשרייבען קיין אנדער בריף, און דערפאר וועלען מיר אייך ווייטער ניט געבען די רעכט צו שרייבען.

ער רעדט זיך רוהיג, אָבער זיינע ווערטער קלינגען מיר אין די אויערען און דער מוח ארבייט האסטיג: „דעם בריף וועט מען ניט אוועקשיקען... דער פּאָליציי־דעפּארטאמענט וועט זיך טאקע ניט דערוויסען, וואָס דאָ געהט אָן... דער אלטער רעזשים וועט ווידער איינגעפיהרט ווערען אין טורמע... מען וועט אונז שטיקען און דריקען... מיר וועלען דאָס ניט קענען אריבערטראָגען... וואָס וועט זיין?"

און נאָך א געדאנק:

„וועסטו אָבער קענען אריבערטראָגען די פאָלגען? עס וועט זיין א מיליטערישער געריכט... א משפּט... און דערנאָך — טויט... וועט דיר ניט באנג טאָן?... וועסטו ניט האָבען קיין חרטה?... וועסטו האָבען גענוג כח דאָס אלעס אריבערצוטראָגען?"

— הייסט עס, אז איהר נעמט ביי מיר צו די רעכט צו שרייבען

בריף? — פרעג איך דעם אויפזעהער און קוק איהם גלייך אין די אויגען אריין.

— יאָ, — ענטפערט ער פעסט.

ווי א בליץ לויפט מיר דורך א געדאנק:

„בלויז מיט טאטען און ניט מיט ווערטער קען מען ווייזען, צי מען האָט געגוג כח"...

די הענט גיבען זיך ביי מיר שנעל א הויב אין דער הויך, איך כאַפּ אָן דעם אויפזעהער פאר די אקסלען און רייס איהם ארונטער די עפּאָלעטען פון דעם מונדיר...

די עפּאָלעטען פליהען רעכטס און לינקס. דער אויפזעהער בלייבט שטעהן א צוטומעלטער. „וואָס טוט איהר?" — שרייט ער אויס און אנטלויפט, און דער וואכמייסטער קריכט אויף דער ערד און הויבט אויף די ארונטערגעריסענע עפּאָלעטען.

„באלד וועט מען מיך אוועקפיהרען אין דער אלטער טורמע",— קלער איך ביי זיך. אין איין אויגענבליק צוטראָגט זיך די נייעס איבער דער גאנצער שליסעלבורגער פעסטונג און עס ווערט א מהומה.

מען קלאפּט צו מיר אין די ווענט. מען וויל וויסען מעהר איינצעלהייטען. אָבער איך בעט, מען זאָל מיך לאָזען צורוה... איך בין נערוועז און אויפגערעגט, און זאָל מיך איצט קיינער ניט טשעפּען...

עס ווערט ווידער שטיל. טויט-שטיל. אלע זיינען אומרוהיג. אלע זיינען פארזאָרגט. אויף אלעמען פאלט אָן אימה. און אין מיטען דערינען הערט מען ווי פּאָפּאָוו שרייט פון זיין קאמער אויפ'ן קול איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל: „וואָס הערט זיך מיט וועראַ'ן?"

דאָס האָט ער געוואָלט וויסען, צי מען האָט מיך אוועקגעפיהרט אין דער אלטער טורמע, צי ניין.

שטארק און הילכיג האָט זיך זיין שטימע געטראָגען איבער דער גאנצער טורמע — „וואָס הערט זיך מיט וועראַ'ן?"

אויף מיר איז געפאלען א פּחד...

## זיבען און צוואנציגסטער קאפיטעל.

### אין שרעק פאר'ן משפט.



ריי טעג זיינען אוועק און מען האט מיך אין ערגיץ ניט אוועקגעפיהרט. איז טורמע איז ווידער געוואָרען שטיל ווי אויף א בית־עולם, פונקט ווי איז יענער צייט ווען דער אויפזעהער סאקאלאוו האט איבער אונז געהערשעוועט מיט אן אייזערנעם קולאק.

ענדליך האבען מיר זיך דערוואוסט, אז עס איז געקומען אן אויספארשונגס־ריכטער און ער פרעגט אויס די זשאנדארען איינציגווייז.

דערנאך איז די רייהע געקומען צו אונז.

אין דער באגלייטונג פונ'ם אויפזעהער, דעם קאמענדאנט און עטליכע זשאנדארען, איז צו מיר אין קאמער אריינגעקומען א יונגערמאן פון א יאהר פינף און דרייסיג, א הויכער, א שלאנקער, מיט א שטרענגען אבער אינטעליגענטען פנים. דאס איז געווען דער אדיוטאנט פון דעם הויפט אין זשאנדארמסקי קארפוס.

— ווי האט איהר דאס געטאן אזא זאך? — האט ער מיך געפרעגט.

נאך איידער ער האט מיר געשטעלט די פראגע האב איך א סך געטראכט און גוט נאכגעדענקט וואס איך זאל ענטפערען און ווי אזוי איך זאל זיך האלטען, און איך האב פעסט באשלאסען, אז איך זאל בשום אופן ניט דערלאזען, אז מען זאל די גאנצע פאסירונג פארגלעטען אזוי, אז עס זאל אויסקומען, אז איך האב דעם אויפזעהער ארונטערגעריסען די עפּאָלעטען דערפאר, וואס ער האט מיך אליין שלעכט באהאנדעלט און אריינגעבראכט אין כעס. איך האב בפירוש געוואלט, אז עס זאל זיין קלאר, אז איך האב דעם אויפזעהער ארונטערגעריסען די עפּאָלעטען דערפאר, וואס איך האב זיך אנגענומען פאר אלעמען. קיין פארלייכטערונגען דארפען דא

ניט זיין. זאָל מען איגנאָנצען פאַרגעסן אַז דעם וואָס איך בין שוין צוואַנציג יאָהר פאַרשפּאַרט אין טורמע. ניטאָ קיין פּערזענלי־כער מאָטיוו דערביי, נאָר אַז אַלגעמיינער!

איך האָב דעם אַדיוטאַנט דערציילט אַלעס וואָס דער אויפ־זעהער האָט אונז אַלעמען געלאָזט וויסען, אַז מען וועט זיך ווידער נעמען צו אונז און אַפּהיטען די אינסטרוקציעס מיט אַלע פּישטשעווו־קעס, ווי אין די אַמאָליגע אַלטע צייטען; ווי עס איז אויף אונז געפאַלען אַ פּחד ווען מיר האָבען אין מיטען דער נאַכט דערהערט ווי מען טראָגט אימיצען אַרויס פון אַ קאַמער און דער קאָמענדאַנט שרייט: „בינדט איהם אויף!" „ברענגט אַ דאָקטאָר!"...

איך האָב אויך דערציילט די געשיכטע וועגען דעם בריעף וואָס איך האָב אָנגעשריבען מיין מאַמען; ווי דער אויפזעהער האָט דעם בריעף ניט געוואָלט אַוועקשיקען, כאַטש אַלע ווייסען, אַז דער צענזאָר איבער אונזערע בריעף איז דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט און ניט דער אויפזעהער פון דער פעסטונג. אַלעס האָב איך דערציילט קלאָר און דייטליך און דער אַדיוטאַנט האָט מיך אויסגעהערט.

— אפשר איז דער אויפזעהער געווען גראָב צו אייך און איבער דעם זיינט איהר געוואָרען אין כעס און האָט איהם אָרונ־טערגעריסען די עפּאָלעטען? — האָט מיך דער אויספאָרשונגס־ריכטער געפרעגט.

— ניין, — האָב איך געענטפערט. — ער איז ניט געווען גראָב צו מיר. בכלל באַגעהט ער זיך מיט אונז זעהר העפליך. און ווען איך האָב זיך מיט איהם אויסגע'טענה'ט, האָט ער דוקא גערעדט שטיל, און געשריגען האָב איך גאָר.

— אפשר זייט איהר געוואָרען פּשוט איבעררעאַשט, אָדער אויפגערעגט דערפון וואָס דער אויפזעהער האָט אייך געזאָגט, אַז ער נעמט ביי אייך צו דאָס רעכט צו שרייבען בריעף?

— ניין. דאָס אויך ניט. דאָס רעכט זיך איבערצושרייבען מיט די אייגענע איז ביי מיר בכלל פון די קליינע גליקען. ווען מיר וואָלטען דיזעלבע רעכט געהאַט פון סאַמע אָנפאַנג אָן, וואָלט דאָס ווירקליך געווען אַ גליק. אַזוי אָבער, ווען מען האָט אונז ערלויבט זיך איבערצושרייבען נאָכדעם ווי מען האָט אונז דרייצעהן יאָהר כסדר געהאַלטען אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, האָב איך פון די בריעף זעהר ווייניג נחת.

— הייסט עס, איהר האט פשוט געוואלט, אז דער גאנצער ענין זאל באקאנט ווערען?

— יא, — האב איך געענטפערט.

ריידענדיג האב איך דעם אדיוטאנט געקוקט גלייך אין די אויגען און איך האב באמערקט ווי דער אויסדרוק פון זיין פנים ווערט ווייכער און ליכטיגער. ווען איך האב געענדיגט, האט ער זיך פאר מיר העפליך א נויג געטאן, געזאגט: „זייט געזונד", און איז אוועק.

דערנאך איז דער אויספארשונגס־ריכטער אוועק צו פאפאוו'ן און ערשט דאן האבען מיר זיך דערוואוסט פאר וואס מען האט אין מיטען דערינען געמאכט אזא סומאטאכע און ארויפגעווארפען א מורא אויף אונז אלעמען. די אמת'ע אורזאכע איז געווען אט וואס: פאפאוו האט אויף זיין אייגענער אחריות געמאכט א פאר־זוך אריבערצושיקען א בריעף צו זיין מוטער דורך איינעם א יונגען סאלדאטעל, וועלכער האט געדיענט אין דער פעסטונג. דער בריעף איז געווען א גאנץ אומשולדיגער: קיין געפעהרליכע זאכען האט פאפאוו דארטען צו זיין מוטער ניט געשריבען. דעם זעלבען בריעף האט ער געקענט אוועקשיקען אזוי אויך.

דער סאלדאט, א בחור'ל מיט רויטע בעקלאך, און קענטיג א לייכטזיניגער, פלעגט אלע מאל, אין דער צייט ווען מען פלעגט אונז ארויספיהרען אויף שפאציר, ארויסטראגען דעם שמוץ פון די קאמערען. מיט פאפאוו'ן האט ער זיך א פאר מאל געטראפען אין א ווינקעל און ארויסגעוויזען מיטגעפיהל. עטליכע מאל האט ער זיך אויסגעדריקט, אז ער וואלט געוואלט ארויסהעלפען מיט עפעס; עס איז ניט מעהר, ער האט מורא, מען זאל איהם נאך ניט פאר־שיקען אין דיסציפלינארנע באטאליאן; ווען מען וואלט איהם פארשפארט אין טורמע צוזאמען מיט פאליטישע, וואלט עס איהם ניט געארט.

ווי עס שיינט האט ער אונז שטארק מקנא געווען.

פאפאוו האט באשלאסען אויסצונוצען די געלעגענהייט, האט ער אנגעשריבען א בריעף און איהם איבערגעגעבען דעם סאלדאט, ער זאל איהם אוועקשיקען.

אין דעם זעלבען טאג איז דער בריעף שוין געווען ביים קאר־מענדאנט אין די הענט. דער סאלדאט איז אין דעם ניט געווען שולדיג. ער איז גלאט געווען א נאר.

עס זיינען אוועק טעג און טעג און מיר האבען אלץ ניט גע־וואוסט וואס ווייטער וועט זיין. די שטימונג איז געווען אזא גע־דריקטע, אז קיינער פון אונז איז ניט ארויס אויף שפאציר. פאר־שפארטע זיינען מיר געלעגען, יעדער איינער ביי זיך אין קאמער און אלץ געקלערט וועגען דעם וואס שפעטער וועט זיין.

אין דער לופט האט זיך געפיהלט, אז עפעס נייעס וועט גע־שעהן. דער קאמענדאנט אבוכאוו האט אונז געבעטען, מיר זאלען אפגעבען די אלע אינסטרומענטען, מיט וועלכע מען קען שניידען, אדער זעגען, און דערביי האט ער אונז געזאגט, אז אין א וואך ארום געהט ער אינגאנצען פון אונז אוועק און צוזאמען מיט איהם וועט אויך אוועק דער אויפזעהער גודז, ווען איך האב אפגעריסען די עפאלעטען.

פאר אונז איז דאס געווען א בשורה. אויף דעם חשבון וואס זיי געהען אוועק, האבען מיר געדרונגען, אז אלעס וועט זיך ענ־דיגען בשלום. מיט אמאל אבער האבען מיר גענומען באמערקען אנדערע סימנים; מען האט זיך גענומען איבערפארבען די אלטע טורמע, צורעכט געמאכט דארטען די עלעקטריק און איינגעשטעלט א טעלעפאן־פארבינדונג.

דאן זיינען מיר אלע געווארען זעהר אומרוהיג. אלע זיינען געווען זיכער, אז מען וועט מיך אין גיכען אריבערפיהרען אין דער אלטער טורמע. מעהר פון אלעמען בין איך געווען אומרוהיג.

די לעצטע צייט פון מאנאט מארטש האבען מיר זיך דער־וואוסט, אז מיר האבען שוין א נייעם קאמענדאנט. דאס איז געווען אונזערער אן אלטער באקאנטער, דער אפיצער יאקאוולעוו, וועלכער האט געפיהרט סאפיא פעראווסקאיא צו דער תליה, סאקאלאוו׳ס רעכטע האנד אין דער אלעקסעיעווסקער „ראוועלינע“ פון דער פעטער־ראפאוולאווסקער פעסטונג.

פאר די צוואנציג יאהר וואס מיר האבען איהם ניט געזעהן, איז ער געווארען זעהר אלט און זעהר דיק. מיר האבען איהם אבער גלייך דערקענט און באלד האט ער שוין ביי אונז געהאט א צונאמען — „דאס פעסעל“.

„איך בין דער נייער קאמענדאנט,“ — האט ער זיך פאר אונז פארגעשטעלט, — „און אט דער איז דער נייער אויפזעהער,“ — האט ער אנגעוויזען אויף פראוואטאראוו׳ן, וועלכער איז פריהער געווען דעם אויפזעהערס ארויסהעלפער.

זיך פארגעשטעלט, האט ער ארויסגענומען א פאפיר און עס פארגעלעזען פאר אונז, מאכענדיג דערביי א וואזשנעם אנשטעל. פון דעם טאן ווי אזוי ער האט פאר אונז געלייענט דאס פאפיר האט מען געקענט מיינען, אז עס איז ווער ווייסט וואס, אז מען ווארפט אויף אונז ארויף א נייע שטראף. אבער געענדיגט האט ער דערמיט, אז פון היינט אן און ווייטער טארען מיר מעהר ביינאכט ניט פאר־הענגען די עלעקטרישע לעמפלעך אין די קאמערען. עס זאל זיין ליכטיג.

פאפאוו׳ן האט מען באשטראפט דערמיט וואס מען האט ביי איהם אויף א חודש צייט צוגענומען דאס רעכט צו שפאצירען מיט נאך איינעם, און מיך האט מען מיט קיין זאך ניט באשטראפט. אבער דער באפעהל, אז איך טאר מעהר קיין בריעף ניט שרייבען איז דאך געבליבען אין קראפט.

די חברים זיינען געווען צופריעדען. מיר זיינען אלע געווען זיכער, אז דער גאנצער ענין איז געענדיגט.

אויף מארגען זיינען מיר ארויס שפאצירען אויף דער פרישער לופט. איך אויך. אבער דאס מאל בין איך אויך שוין ניט געווען די זעלבע וואס מיט פיער וואכען צוריק, ווייל אין פארלויף פון די פיער וואכען האב איך איבערגעלעבט אזוי פיעל, אז איך בין גאר אן אנדערע געווארען. איך האב זיך אליין צוגעגרייט צו קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען און ניט מורא האבען פאר קיין זאך. איך האב ביי זיך גע׳פועל׳ט אז א מענש דארף זיין הארט און פעסט ווי א שטיין. מען דארף ניט צולאזען קיין שום זאך וואס ריהרט און מאכט דאס הארץ ווייך — ניט ביי זיך און ניט ביי יענעם. אלעס דערשטיקען. אלעס פארטויבען. א שטיין.

פונקט ווי אין די ערשטע יאהרען האבען זיך מיר יעדע נאכט ווידער גענומען חלומ׳ען די שרעקליכסטע חלומות... אט ברענגט מען א בונט אין טורמע. פאפאוו כאפט דעם אויפזעהער און גיט איהם א פאטש. זשאנדארען קומען צולויפען, כאפען פאפאוו׳ן און בינדען איהם הענט און פיס און שלאגען איהם... און אט הער איך ווי מישקין שרייט מיט באנומענע קולות: „שלאגט מיך ניט, באַ־שטראפט מיך בעסער מיט׳ן טויט, אבי שלאגט מיך ניט!"...

און אט איז לוקאשעוויטש, דער טייערער שטילער און באַ־שיידענער לוקאשעוויטש. הויך איז ער, ווי א ריעז, און די אויגען — קינדערשע. ער שיקט מיר צו א ליעבליך בריוועלע און דאס פאר־

שאַפט מיר אַ וועלט מיט פאַרגעניגען. ער נעמט זיך אָן פאַר מיר. ער וויל ניט ליידען וואָס מען באַהאַנדעלט מיך אַזוי שלעכט. ווערט ער אין כעס, פון זיינע קינדערשע אויגען הויבט אָן שפּריצען פייער און ווי אַ ווילדער גיט ער זיך אַ וואַרף אויף דעם אויפזעהער גודז; באַלד קומען צולויפען די זשאַנדאַרען, וואַרפען אום לוקאַשעוויטש'ן אויף דער ערד און טרעטען איהם מיט די פיס — איהם, דעם



יאָסיף דעמענטעוויטש לוקאַשעוויטש

גרויסען ריעז, דעם שעהנעם יונגען־מאַן... אין שרעק כאַפּ איך זיך אויף פון שלאָף... אין האַלז שטיקט מיך עפּעס, איך קען ניט אָטהעמען.

אָדער עס דוכט זיך מיר אויס, אַז איך שטאַרב; די ברעטער פון דער טרונע שטיקען מיך; עס איז מיר אַזוי קאַלט, אַז עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. איך פיהל ווי מיין גאַנצער קערפּער ווערט פאַרפראָרען אברים־וויין... איך כאַפּ זיך אויף מיט אַ געשריי און צוואווייין זיך אַזוי שטאַרק, אַז דאָס קישען ווערט נאָס פון מיינע טרערען. און אַזוי געהען אַוועק נעכט און נעכט, און עס נעמט גאָר קיין סוף ניט.

אויפ׳ן שפּאַציר זעה איך אַלע מאָל לוקאשעוויטש׳ן. פאַר־וואָס דוקא איהם אַליין, ווייס איך נים. ריידען קען איך נים. די שטימע מיינע איז ווידער געוואָרען דין און קווימשיג, ווי אין דער ערשטער צייט אין טורמע. איך רעד אַרויס אַ וואָרט און עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז גאָר נים מיינס... די פרישע לופט פאַרכאַפּט דעם אָטהעם; דער שנעע ליגט נאָך אויף דער ערד, ווי מיט פיער וואָכען צוריק, און אין קאָפּ באַמבלען זיך מיר די ווערטער פון נעקראַסאָוו׳ס ליעד:

„די נשמה שטאַרבט אָפּ פאַר׳ן לעבען, פאַר יסורים.“

די נשמה איז אָבער נים אָפּגעשטאָרבען און די יסורים זיינען אַלעמאָל געוואָרען שטאַרקער. שטיל, אָהן ווערטער, זעץ איך זיך אַוועק ביים פּאַרקען און פאַרטראַכט זיך.

די גאַנצע צייט האָב איך געוואַרט אויף אַ קריעגס־געריכט און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז איך שטעה פּנים אל פּנים מיט׳ן טויט. איך האָב זיך שוין זאָגאָר צוגעגרייט צום טויט. מען מוז דאָך זיין גרייט, כדי מען זאָל זיך נים דערשרעקען ווען די צייט וועט קומען. פיער וואָכען זיינען אַזוי אַוועק; איך האָב בייטאָג און ביינאַכט געקלערט וועגען טויט, און דאָס האָט מיך שרעקליך צורודערט.

ביי זיך אין הארצען בין איך צייטענווייז געווען פיינליך צופריעדען דערפון וואָס ס׳האָט זיך גראָדע געמאַכט אַזוי, אַז איך זאָל קענען ווייזען, אַז איך האָב נאָך גענוג כחות און ענערגיע אַרויסצואווייזען אַ ווידערשטאַנד. און דאָ האָב איך זיך דערמאַנט וואָס טריגאָני האָט מיר נים לאַנג צוריק געזאָגט, אַז קיינער פון אונז איז שוין נים פעהיג אַרויסצואווייזען אַן ענערגישען ווידער־שטאַנד... ער איז נים גערעכט, טריגאָני. אָט האָב איך געוויזען, אַז איך קען נאָך פּראָטעסטירען, און עס קומט ביי מיר אויס, אַז פאַר אַ מענשען וואָס איז פאַר׳משפּט אויף קאַטאָרגע איז די בעסטע זאַך צו ענדיגען דאָס לעבען אויף דער תליה אַלס אַ שטראָף וואָס ער האָט געוואָגט צו פּראָטעסטירען. דאָס איז דאָך אַ סך בעסער ווי צו שטאַרבען אין טורמע פון אַלטקייט...

אָבער ווי איך האָב זיך נים געטרייסט מיט דעם געדאַנק אַז עס איז גוט צו שטאַרבען פאַר דעם אידעאַל וואָס מען האָט אַלע יאָהרען געקעמפּט איידער מען איז פאַרשפּאַרט געוואָרען אין טור־מע, איז מיר צייטענווייז דאָך געווען שרעקליך שווער אויפ׳ן הארצען

און איך האָב ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם פּאַסיווען צושטאַנד, אין וועלכען איך האָב זיך געפונען... דאָס שעהנסטע וואָס אַ מענש פאַרמאָגט, פאַררוקט זיך אין אַ ווינקעל און ווערט פאַרטויבט... דו הויבסט אָן צווייפלען אין זיך אַליין, אין די חברים, און אַזוי ווי די עטליכע מענשען, מיט וועמען דו געפינסט זיך די גאַנצע צייט צו־זאַמען, שטעלען מיט זיך פאָר די גאַנצע מענשהייט, ווייל די פרייע וועלט איז דאָך פון דיר אָפּגעריסען, קומט אויס אַז די גאַנצע וועלט טויג ניט... עס איז ניטאָ אין איהר קיין שעהנעס, קיין גרויסעס, קיין באַגייסטערונג, קיין ליעבע — גאָרניט... און אַזוי ציהט זיך אַוועק אַ לעבען, וואָס איז גרוי, לאַנגווייליג, פּוסט און האָט גאָר קיין סוף ניט... ווי שרעקליך! שטאַרבען אין טורמע אַן אַלטע, אַ צובראָכענע? ניין. בעסער שטאַרבען אויף דער תליה... ניט אין דער שטיל, נאָר אין דער אַרבייט, פּראָטעסטירענדיג פאַר די גוטע פריינד, אָננעהמענדיג זיך פאַר חברים...

מען האָט ביי מיר אָבער ווידער צוגענומען די מעגליכקייט צו שטאַרבען! מען האָט מיך בלויז אָנגעמוטשעט, אָנגעפּלאָגט, מיך געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל זיך גרייטען צום טויט; אָבער דעם טויט אַליין האָט מען מיר ניט געגעבען...

און מיר איז אַזוי שווער געוועזען צו בלייבען לעבען!...

... עס זיינען אַוועק טעג און וואָכען. עס האָט זיך געדוכט אַז אַלעס איז געענדיגט. די בעאַמטע האָט מען געביטען, די אַלטע אינסטרוקציעס האָט מען צוריק ניט איינגעפיהרט; אין אַלגעמיין איז אַלעס געבליבען ביים אַלטען; דער נייער קאָמענדאַנט האָט אין אָנפאַנג טאַקע געפּרוואווט זיין שטרענג, אָבער דערנאָך האָט ער עס אויפגעגעבען.

די אַלטע טורמע האָט מען נאָך אָבער אַלץ איבערגעפּאַרבט און געראַמאָנטירט, און אויף דעם חשבון האָבען מיר געמאַכט פאַר־שיעדענערליי השערות. מען האָט געזאָגט, אַז מיך וועט מען אודאי איבערפיהרען אין דער אַלטער טורמע, אָפּגעריסען פון אַלע חברים, און דאָרט וועט מען זיך שוין אָפּרעכענען מיט מיר.

איינמאָל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ נייעס, אַז די זשאַנדאַרען טראָגען עפּעס ברעטער און סלופּעס. דערנאָך האָט אונז פּראָלענקאָ איבערגעגעבען, אַז ער האָט פון זיין פענסטערל אַליין געזעהן ווי מען האָט געבראַכט אַ תליה... עס איז געוואָרען אַ מהומה... מען האָט געזאָגט, אַז מיט מיר דאַרף מען זיך שוין געזעגענען.

יאָ, עס איז געווען אמת. מען האָט געבראַכט א תליה. אָבער פאַר וועמען? דאָס ווייסען מיר ניט... אימיצען פון אונז וועט מען הענגען... אָבער וועמען?... ווער ווייסט?...

ערשט דעם דריטען מאַי ביינאַכט האָבען מיר זיך דערוואוסט פאַר וועמען מען האָט די תליה געבראַכט...

# אכט און צוואנציגסטער קאפיטעל.

### אויף דער תליה.



עם 3טען מאי, ארום 7 אזייגער אין דער פריה, האט מיר מיין שכן, אנטאנאוו גענעבען דעם ערש־טען סיגנאל:

— זעהט!

איך בין צוגעלאפען צום פענסטער און האב דערזעהן ווי פונ'ם טויער גיט זיך א שפאר א מחנה זשאנדארען אין גרויע שינעלען און אין מיטען — א מענש, אנגעטאן אין א פעלצעל.

מיר האבען גלייך פארשטאנען, אז דאס האט מען געבראכט א נייעם ארעסטאנט.

און עפעס אזא מאדנער געפיהל, געמישט פון צער און פרייד, האט מיך ארומגעכאפט. פון איין זייט האט מיר וועה געטאן דאס הארץ דארויף, וואס מען האט גענומען א יונגען מענשען און איהם ארייגעלעגט אין דעם זעלבען „ברודער־קבר", וואו מיר זיינען פארשפארט, און פון דער אנדערער זייט האב איך זיך געפרעהט דערמיט, וואס מען ברענגט אונז ווייטער א נייעם מענשען — איינעם, וואס האט דארטען ערגעץ אויף דער פרייהייט אנגעפיהרט א קאמף פאר דעם זעלבען אידעאל וואס מיר, און ער וועט אונז אפגעבען א גערוס פון דער וועלט, פון וועלכער מען האט אונז אין גאנצען אפגעריסען. דער צער איז אבער געווען גרעסער פאר דער פרייד.

דעם נייעם ארעסטאנט האט מען אבער ניט ארייגעפיהרט צו אונז, נאר אין דער קאנצעליאריע, וואס איז געשטאנען אויפ'ן הויף פון דער פעסטונג.

נאך מיטאג האט מיר אנטאנאוו ווידער אנגעזאגט א נייעס:

„מען האָט געבראַכט אַ גלח... איך האָב איהם אַליין גע־זעהן"...

„נו, איז וואָס אַז מען האָט געבראַכט אַ גלח?" — האָב איך געפרעגט.

„דאָס מיינט, אַז מען וועט אימיצען פון אונז הענגען, אָדער שיסען"... — האָט מיר אַנטאָנאָוו געגעבען צו פאַרשטעהן, און אויף זיין פּנים האָט זיך אַ טיפע מרה שחורה פאַרשפּרייט.

אַז מען זאָל אונזערען אַ מענשען הענגען, אָדער שיסען — דאָס איז שוין ביי אונז קיין נייעס ניט געווען. מיר האָבען גע־וואוסט ווען מען האָט אויפ'ן הויף פון דער שליסעלבורגער פעס־טונג אומגעבראַכט פון דער וועלט מינאַקאָוו'ן, מישקין'ען, דערנאָך שטראָמבערג'ן און ראָגאַטשאָוו'ן, און אין 1887 — פינף מענשען, וועלכע זיינען געווען פאַרמישט אין דעם פּראָצעס פון לוקאַשע־וויטש'ן און נאָוואָרוסקין. אָבער אַלע מאָל האָט מען עס געטאָן שטילערהייט, און קיינער פון אונז האָט דאָס ניט געקענט זעהן.

די טונקעלע שויבען פון די פענסטער, די דיקע ווענט פון דער טורמע און דער שטילער פריהמאָרגען, ווען אַלעס אַרום איז איינגעהילט אין דרעמעל — אָט די אַלע זאַכען האָבען פאַר אונז אַלעס פאַרשטעלט און מיר האָבען ניט געקענט וויסען ווען און ווי אַזוי מען נעהמט צו דאָס לעבען ביי אונזערען אַ חבר.

איצט אָבער איז געווען אַנדערש. די שויבען אין די פענס־טער זיינען געווען קלאָרע; מיר האָבען געזעהן ווי מען האָט גע־בראַכט אַ מענשען; מען האָט איהם געמוזט פיהרען פאַרביי אונ־זערע פענסטער און עס איז געווען אונמעגליך, אַז מיר זאָלען ניט זעהן, וואָס ס'קומט פאָר אין דרויסען, אויפ'ן הויף.

ווי שרעקליך דאָס איז צו וויסען, אַז מען וועט אימיצען אויפהענגען דאָ ביי דיר אונטער דער נאָז און דו ווייסט ניט, ווער דער מענש איז!

געבראַכט האָט מען איהם אַרום זיבען אַזייגער אין דער פריה, און דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט נאָך צו לעבען אַ פיער און צוואַנציג שטונדען... די צייט רוקט זיך... אָט האָט ער צו לעבען נאָך צוואַנציג שטונדען... נאָך פופצעהן... נאָך אַכט... נאָך פינף... אַוועק אַ שטונדע — נעהנטער צום טויט... נאָך אַ שטונדע — נאָך נעהנטער... און עס דוכט זיך, אַז מיר זעהען בחוש, ווי דער פאָדים פון אַ מענשליך לעבען ווערט אַלץ קירצער

און קירצער... עס רוקען זיך פּאַמעליך די שטונדען; און די מי־נוטען ציהען זיך אַזוי לאַנג, אַז ס׳דוכט זיך, דאָס זיי וועלען זיך קיינמאָל ניט ענדיגען.

אַט זעהען מיר, ווי דער וואַכמייסטער רוקט זיך שטילערהייד ביי די ווענט און טראָגט אַ שטריק... אַ זשאַנדאַרם גערט איהם נאָך און אונטער׳ן שינעל טראָגט ער אַ זעג און אַ האַק. פון דער ווייטענס דערטראָגט זיך צו אונז דאָס קלאַפּען פון די האַמערס. דאָרטען מאַכט מען אַ תליה...

ביינאַכט וועט מען „איהם" דורכפיהרען לעבען אונזערע פענסטער. שלאָפען וועלען מיר ניט. כאָטש איין בליק מוזען מיר אויף „איהם" וואַרפען. מיר מוזען „איהם" זעהן...

אָבער די זשאַנדאַרען זיינען געווען זעהר לאָווקע און מיר האָבען „איהם" דאָך ניט געזעהן. קיינער פון אונז האָט ניט גע־וואוסט ווען און ווי אַזוי מען האָט „איהם" אַרויסגעפיהרט אין דער פינסטערער נאַכט.

ארום דריי אַזייגער פאַרטאָג האָט געקומען ווערען בלוי אין די פענסטער. אין הויף פון דער שליסעלבורגער פעסטונג האָט מען שוין געזעהן די ווייסע ווענט פון די שטיבלאַך, וואו די באַ־אַמטע פון דער טורמע האָבען געוואוינט, און לעבען זיי — די ברייטע סטעזשקע. אין דער אַנדערער זייט האָט מען געזעהן דעם ווייסען קלויסטער און די נאַקעטע בוימער. ארום און ארום איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית עולם. און מיט אַמאָל האָבען מיר דערהערט טריט; איינער נאָכ׳ן אַנדערען זיינען אַרויסגעגאַנגען: דער אויפזעהער, זיין אַרויסהעלפער, דער קאָמענדאַנט און דער הויפּט פונ׳ם גאַרניזאָן; אַ דאָקטאָר, אַ גלח און אָהן אַ שיעור זשאַנדאַרען. אין איין רייהע שפּאַנען זיי איבער דער סטעזשקע צו די טויערען פון הויף. און ביי דער זייט, אַרומגערינגעלט פון זשאַנדאַרען פון אַלע זייטען, געהט איינער אַ דיקער, אַ געפּאַקטער מאַן... מען דערקענט גלייך, אַז דאָס איז דער תליון!...

זיי זיינען פאַרביינעגאַנגען לעבען אונזערע פענסטער און דערנאָך זיינען זיי פאַרשוואונדען אין די טויערען פונ׳ם ציטאַדעל. ווידער שטיל, פּוסט, טויט, און מען הערט ניט פון ערגעץ קיין שאָרך... די הערצער קלאַפּען... די מינוטען רוקען זיך פּאַמע־לאַך... די לעצטע פערציג מינוט, וואָס איינער אַ מענש האָט נאָך צו לעבען.

... שטיל, מיט לאנגזאמע, מיעדע טריט, געהט ארויס דער גלח. ער איז, אפנים, שטארק געריהרט דערפון, וואס ער האט מיט זיינע אויגען געזעהן, און, א צובראכענער, זעצט ער זיך אוועק אויף דער באנק לעבען קלויסטער.

און ווידער שטיל און פוסט... מען פיהלט דאס קומען פונ'ם מלאך המות... מען הערט זיינע טריט...

... נו, געוויס! עס באווייזט זיך דער קאמענדאנט, דער אויפזעהער, זשאנדארען און נאך עפעס איינער א מאן, אנגעטאן אין א מונדיר. און ווידער דערזעהען מיר ביי דער זייט א דיקען, געפאקטען מענשען, אנגעטאן אין א מאנטעל — דער תליון...

איידער זיי זיינען ארויס פון טויער האט דער מאן אינ'ם מונ־דיר זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צו אונזערע פענסטער, און ווען ער האט דערזעהן ווי בלאס און איבערגעשראקען מיר זיינען, האט ער א שמייכעל געטאן — א שמייכעל געטאן פרעך, ציניש און צו־להכעיס'דיג.

....

און איינער פון די זשאנדארען, וואס האט באגלייט די נאַ־טשאלניקעס צו דעם ארט, וואו די תליה איז געשטאנען, האט זיך מיט א מאל א כאפ געטאן ביים הארצען און געזאגט:

„וואשע בלאגאראדיע... איך קען ניט!... לאזט מיך אפ!... איך וועל דאס ניט אויסהאלטען!... איך קען ניט!...“

* * *

וועמען מען האט אין יענעם פריהמארגען אויפגעהאנגען און פארוואס — האבען מיר ניט געוואוסט. ערשט שפעטער האבען מיר אויסגעפונען, אז דאס האט מען אויפגעהאנגען באלמאשאוו'ן דער־פאר וואס ער האט דער'הרג'עט דעם בילדונגס־מיניסטער סיפיאגין.

מיר וואלטען דאס אפשר קיינמאל ניט געוואוסט, אבער א מאדנער צופאל האט אונז געהאלפען אויסגעפינען דעם אמת. אין געשעהן איז דאס אזוי:

מיט עטליכע טעג שפעטער, ווען מען האט אונז אויף דער נאכט געגעבען עסען, האט א זשאנדאר צוגעטראגען מאראזאוו'ן צוויי געקאכטע אייער, איינגעוויקעלט אין א שטיקעל צייטונגס־פאפיר. מאראזאוו האט דאס דערזעהן, האט ער עס איבערגעלעזען און דארטען איז געשטאנען, אז באלמאשאוו האט דער'הרג'עט סיפיאגינ'ען, דעם מיניסטער פון איבעריגע אנגעלעגענהייטען,

דערנאָך האָבּען מיר אויך אויסגעפינען, אַז דער יונגערמאַן, וועמען מען האָט אויפגעהאַנגען אין שליסעלבורגער פעסטונג, איז געווען באַלמאַשאָוו.

מאַראַזאָוו האָט ניט געוואָלט, אַז דער זשאַנדאַר זאָל אַריינ־פאַלען, האָט ער אַלעמען דערצעהלט אַ מעשה, אַז ער האָט דאָס שטיקעל פּאַפּיר געפונען אין הויף און אַז ס'איז ניט אַנדערש נאָר דער ווינט האָט עס אַהין פאַרבּלאָזען.

אויף אַזאַ'ן אופן האָבּען מיר זיך דערוואוסט, אַז סיפּיאַגין איז געוועזען דער מיניסטער פון אינערליכע אַנגעלעגענהייטען אין רוסלאַנד. פריהער האָבּען מיר דאָס ניט געוואוסט, ווייל מען האָט פאַר אונז געהאַלטען בּסוד די אַלע ענדערונגען אין מיניס־טאַרען־קאַבּינעט. מיר פלעגען אַפילו ניט וויסען ווער עס איז דער הויפּט אינ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט.

וועגען דעם, אַז פּלעווע איז געוואָרען מיניסטער, האָבען מיר זיך דערוואוסט צופעליג, ווען מיר האָבען גראַד געקראָגען אַן ענ־ציקלאָפּעדיע און גענומען בּלעטערן די אָפּטיילונג פונ'ם בוכשטאַב „פּ".

## ניין און צוואנציגסטער קאפיטעל.

### ניט געהאלטען קיין וואָרט.



ס איז אוועק א קנאַפּער יאָהר נאָך די שרעקליכע טעג, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די חדשים מאַרטש און אַפּריל פון 1902. די דריי הונדערט גרויע טעג, וואָס האָבען זיך דערנאָך פּאַמעלאַך און לאַנגזאַם געצויגען אין טורמע, האָבען ביסלאכווייז אַפּגעווישט די שווערע איבערלעבונגען פון פריהער; און דעם 13טען יאַנואר בין איך רוהיג געזעסען ביי זיך אין קאַמער און עס איז מיר אפילו אויף דער מינדסטער מחשבה ניט געקומען, אַז באַלד, באַלד וועט דאָס מזל אַנקלאַפּען ביי מיר אין טיר און זאָגען: „ווערא, געה ארויס פון דאַנען".

אין קאָרידאָר האָבען זיך דערהערט טריט. אימיצער האָט אויפגעשלאָסען די טיר פון מיין קאַמער און עס איז אריינגעקומען דער קאָמענדאַנט מיט עטליכע זשאַנדאַרען.

איין האַנד אויפגעהויבען אין דער הויך, האָט ער, מעשה אַק־טיאָר, א זאַג געטאָן וואזשנע: „דער קיסר... האָט זיך צוגעהערט צום געבעט פון אייער מו־טער... און מיט זיין גנאָד האָט ער גע־הייסען, אַז אנשטאָט איי ביגע קאַטאָרגע, זאָלט איהר אַפּקומען מיט צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע."

אַפּגעזאָגט, איז ער אויף א ווײַלע געבליבען שטיל, און דער־נאָך האָט ער צוגעגעבען: „דער טערמין ענדיגט זיך דעם 28טען סעפּטעמבער, 1904."

ווען דער קאָמענדאַנט האָט ארויסגעזאָגט די ווערטער „דער קיסר", האָב איך געמיינט, אַז אַט־אַט וועט ער ווייטער זאָגען, וואָס פאַר א שטראָף מען גיט דערפאַר, וואָס איך האָב ביים אויפזעהער

ארונטערגעריסען די עפּאָלעטען. און מיר וואָלט דאָך געווען אַ סך לייכטער צו הערען, ווי דאָס, אַז מיין מאַמע האָט געבעטען דעם קיסר, ער זאָל אויף מיר רחמנות האָבען און אַרויסווייזען זיין „גנאָד“.

איך בין געבליבען שטעהן ווי אַ פאַרשטאַרטע. איך האָב בשום אופן ניט געקענט גלויבען, אַז מיין מאַמע זאָל זיך ווענדען מיט אַ בקשה צום קיסר, אַז מען זאָל מיך באַגנאַדיגען! ווייסט זי דען ניט ווי אַזוי איך וועל קוקען דאַרויף? פאַרשטעהט זי דען ניט, אַז מיך וועט דאָס שטאַרק פאַרדריסען און שרעקליך וועה טאָן?

— מיך אַליין וויל מען באַפרייען, אָדער אַנדערע אויך? — האָט זיך ביי מיר פון מויל אַרויסגעריסען אַ נאַרישע פראַגע.

— אייך אַליין. — האָט דער קאָמענדאַנט בייז געענט־פערט. — איצט קענט איהר שוין אָנשרייבען אַ בריף אַהיים. איך גיב אייך דאָס רעכט דאַרויף.

אָבער איך האָב דוקא ניט געוואָלט שרייבען אַהיים. איך האָב זיך געפיהלט באַליידיגט און געקרענקט, און אין יענעם מאָמענט האָב איך געפיהלט, אַז איך מוז איבעררייסען אַלע פאַרבינדונגען מיט מיין מאַמען. איך וויל זי מעהר ניט קענען!

יאָ, יאָ! מיין אייגענע מאַמע, וואָס איך האָב אַזוי ליעב און מיט וועמען עס איז מיר אַזוי שווער געווען זיך צו שיידען — זי וויל איך מעהר ניט קענען!

פאַרוואָס האָט זי געבעטען דעם קיסר, ער זאָל רחמנות האָבען אויף מיר? פאַרוואָס?...

זינט איך האָב איהר דעם לעצטען בריף געשריבען איז שוין אַוועק אַ יאָהר און אַ האַלב און זינט איך האָב פון איהר דעם לעצ־טען בריף געקראָגען, זיינען שוין אַוועק אַ צוועלף חדשים. און ווער ווייסט, וואָס ס׳הערט זיך איצטער אין דער היים?... וואָס ווייסט די מאַמע פון מיר און וואָס ווייס איך פון דער מאַמען?...

און דאָ שטעהט דער קאָמענדאַנט און וואַרט אויף אַן ענט־פער. האָב איך בייז אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל ניט שרייבען אַהיים. זאָלען זיי מיר אָנשרייבען אַ בריף, וועל איך זיי ענטפערען!

דער קאָמענדאַנט און די זשאַנדאַרען זיינען אַרויס, און איך בין געבליבען אַליין.

מיט אַ פאַרביטערט האַרץ, אַן אָנגעוועהטאָגטס, האָב איך

קלאפענדיג אז דער וואנט, אנגעזאגט מיינע חברים, וואס פאר אן אומגליק עס האט מיך געטראפען... יא, אן אומגליק, ווייל באַגנאדיגט ווערען פונ'ם קיסר האט פאר מיר געהייסען א גרויסער אומגליק.

ווי אזוי איז דאס געשעהן? ווי האט געקענט מיין מאמע, מיין שטאלצע, מוטיגע און העלדישע מאמע, זיך אזוי ערנידעריגען און בעטען דעם קיסר, ער זאל רחמנות האבען אויף מיר?

שטאלץ און מוטיג, ניט פארגיסענדיג קיין איין טרער אפילו, האט זי באגלייט צוויי טעכטער קיין סיביר, און ווען מען האט מיך פאר'משפט און זי האט זיך מיט מיר געזעגענט, האט זי מיר געגעבען דאס ווארט, אז זי וועט זיך קיינמאל ניט ערנידעריגען און בעטען, מען זאל מיך באגנאדיגען.

פאר וואס-זשע האט זי איהר ווארט ניט געהאלטען? וואס איז מיט איהר געשעהן? ווער ווייס וואס עס האט זי געצוואונגען זיך אזוי צו ערנידעריגען און בעטען דעם קיסר מיך צו באגנאדיגען?

טאג ווי נאכט האב איך זיך דעם קאפ געבראכען און איך האב בשום אופן ניט געקענט טרעפען פאר וואס מיין מאמע האט ניט געהאלטען איהר ווארט.

דערמיט וואס מיין מאמע האט געבעטען דעם קיסר, ער זאל זיך דערבארימען אויף מיר, האט זי מיך באליידיגט; איך האב ניט געוואלט, מען זאל מיך באגנאדיגען; איך האב געוואלט אריבערטראגען אלע צרות צוזאמען מיט אלע חברים מיינע, די „נאראדאוואלצעס", וועלכע האבען אנגעפיהרט אזא פארביטערטען קאמף געגען דער זעלבסטהערשענדער רעגירונג.

פארוואס האט מיין מאמע מיך אזוי באליידיגט? פארוואס האט זי זיך ניט גערעכענט מיט מיין אייגענעם ווילען, מיט מיינע מיינונגען?

דער „גנאד" פון קיסר איז פאר מיר געווען פונקט ווי א פאטש אין פנים. און ווער האט געבראכט דערצו? מיין אייגענע מאמע, מיין ליבע, גוטע מאמע...

זיך ערנידעריגט און מיך באליידיגט!

און ווען די חברים האבען מיך געטרייסט דערמיט, וואס איך אליין בין דאך אין דעם ניט שולדיג, האב איך געפיהלט ווי דאס הארץ ווערט אין מיר אויף שטיקער צוריסען פאר וועהטאג און פארדרוס.

איך האָב זיך ניט געקענט בארוהיגען. איך האָב אַלץ גע־וואָלט וויסען, וואָס ס'האָט זי געבראַכט דערצו? אפשר האָט זי זיך דערוואוסט, אז כאָטש מען האָט מיך מיט אַכטצעהן יאָהר צוריק פאַר'משפט צום טויט, קלייבט מען זיך איצט ווידער מיך פאַר'משפט'ען צום טויט? זיך דערוואוסט און זיך שטאַרק דער־שראָקען און אין גאַנצען פאַרגעסען אַז דעם פארשפּרעכען, וואָס זי האָט מיר געגעבען, אז זי וועט פאַר מיר קיין מאָל ניט בעטען און זיך אַליין ניט ערנידעריגען...

פאַרשפּאַרט אין אַ לעבעדיגען קבר, אָפּגעריסען פון דער גאַנ־צער וועלט, איז מיר אַזוי שווער געווען צו פועל'ן ביי זיך, אַז מיין מאַמע, מיין מוטיגע און שטאָלצע מאַמע, האָט פאַרראַטען אי מיך, אי זיך.

...ערשט אין דריי טעג ארום האָב איך אויסגעפונען ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו.

אויסגעפונען האָב איך דאָס פון אַ בריף, וואָס די מאַמע האָט מיר צוגעשיקט... אין דעם בריף האָט זי געשריבען, אַז זי האָלט ביים שטאַרבען... שוין דריי חדשים זינט זי איז קראַנק און געהט פונ'ם בעט ניט אראָפּ... צוויי אָפּעראַציעס האָט מען איהר שוין געמאַכט... ווער ווייס צי זי וועט מיר נאָך אַמאָל קענען שריי־בען...

נו, האָב איך געקענט זיין בייז אויף איהר?

מען דאַרף איהר טאַקע באַלד אָנשרייבען... און ווער ווייס צי מיין בריף וועט זי נאָך געפינען אַ לעבעדיגע?...

דער כעס אויף איהר איז מיר אָפּגעגאַנגען, און איך האָב זיך גענומען דערמאָנען די אַלע גוטע זאַכען, וואָס איך האָב וועגען איהר אַמאָל געדענקט — די קינדער־יאָהרען, ווען זי האָט מיך פאַר אַ מענשען געמאַכט; ווי זי האָט מיר אונטערגעגעבען מוט אפילו דאַן, ווען זי האָט מיט מיר ניט איינגעשטימט; איהרע וויזיטען אין טורמע איידער מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין דער שליסעל־בורגער פעסטונג; די גוטע רייד, וואָס זי האָט מיר געזאָגט דאַן ווען עס איז פאַרגעקומען מיין פּראָצעס. אַלעס האָב איך זיך איצט דערמאָהנט און עס איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז זי האָט מיר שטענדיג געגעבען אַזוי פיעל אין דער צייט ווען איך האָב איהר קיינמאָל גאָר ניט געגעבען... און ווירקליך, וואָס פאַר אַ נחת האָט זי פון מיר געהאַט? איך האָב חתונה געהאַט יונג און האָב

זיך געגט מיט׳ן מאַן... שטענדיג געווען פּאַרטאַן אין דער רע־
וואָלוציאָנערער באַוועגונג און דערנאָך פאַרשפּאַרט געוואָרען אויף
אייביג אין דער שליסעלבורגער פעסטונג... חוץ צרות האָב איך
איהר, דער גוטער מאַמען מיינער, גאָר ניט פאַרשאַפט...

אין יענעם מאָמענט האָב איך געפיהלט ווי צו פאַלען אויף די
קני און בעטען די מאַמע, זי זאָל מיר פאַרגעבען.

און איך בין געפאַלען אויף די קני און האָב זיך צוואויינט...

# דרייסיגסטער קאפיטעל.

די מורא פאר'ן לעבען.



ייסט עס, אז אין צוואנציג מאנאטען ארום וועל איך ארוים פריי, וועל איך פארלאזען די שליסעלבורגער פעסטונג נאכדעם, ווי איך בין דארטען געווען פארשפארט צוויי און צוואנציג יאהר.

צוואנציג מאנאטען!

און איצט וועל איך האבען אן ארבייט צו קלערען און טראכטען, וואס איך זאל טאן ווען איך וועל ארוים פריי. אין צוואנציג מאנאטען ארום וועל איך דארפען באשליסען צו וואס איך זאל זיך נעמען, ווען איך וועל ארוים פון דער שליסעלבורגער פעסטונג.

איך האב געקלערט און געקלערט און אויסגעקומען איז דאס אזוי:

דער שיקזאל גיט דיר אן אויסערגעוועהנליכע געלעגענהייט א ניי לעבען אנצופאנגען; אבער דו טרעטסט אריין אין דעם ניט ווי א יונגע מיידעל אן אונערפאהרענע, וואס ווייסט גאר ניט; ניט ווי א קינד, וואס דערזעהט ערשט די וועלט; ניט ווי איינער, וואס האט נאך ביז איצט גארניט איבערגעלעבט און איז פול מיט ליכטיגע האפנונגען. דו האסט שוין א גרויסע פארגאנגענהייט; אויף די פלייצעס טראגסטו א שווערע משא; האסט געארבייט אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג א שטיק צייט און אין מיטען דערינען האט מען דיך ארעסטירט און דיך פארשפארט אין א „לעבעדיגען קבר“ מעהר ווי צוויי צעהנדליג יאהר. אלט ביזטו שוין פופציג יאהר. לעבען קענסטו נאך א צוואנציג יאהר. וואס זשע וועסטו טהאן אין די צוואנציג יאהר? מיט וואס וועסטו זיי אויספילען? מיט וואס וועסטו זיי באלויכטען, אז דאס לעבען זאל פאר דיר ניט זיין אזוי פינסטער? דיינע בליקען זיינען שטענדיג געווען און

דארפֿען שטענדיג זיין געווענדעט צום הימעל, ניט כדי צו קוקען ארויף מיט א פֿארריסענער נאָז, נאָר כדי אראָפּצוציהען פֿון דאָר־טען שטראַהלען פֿאַר דער ערד. נו, וואָס זשע וועסטו איהר איצט געבען, דער דאָזיגער ערד? וואָס וועסטו איהר ברענגען?

טאָג ווי נאַכט האָב איך וועגען דעם געקלערט און איך האָב גאָר ניט געקענט אויסקלערען. אויף די אלע פֿראַגען, וואָס האָ־בען זיך מיר אין קאָפּ געדרעהט, האָט מיר קיינער קיין ענטפֿער ניט געקענט געבען, ניט די חברים, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט מיר אין דער שליסעלבורגער פֿעסטונג געווען פֿארשפּארט און ניט די ביכער, וואָס איך האָב געלייענט.

איך האָב געפֿיהלט, אז עס שטעהט מיר פֿאַר א יום־הדין, א שרעקליכער יום הדין. מען וועט מיך ווידער אריינוואַרפֿען אינ׳ם הר־הא פֿון לעבען, און איך אליין ווייס ניט וואָס פֿאַר א פּנים דאָס לעבען האָט איצט. וואוהין וועל איך געהן? אין וואָס פֿאַר א ריכטונג זאָל איך זיך לאָזען? וואָס קען איך טאָן, אז איך בין אָפּגעריסען פֿונ׳ם לעבען ניט נאָר קערפּערליך, נאָר אויך גייסטיג.

איך האָב געפֿיהלט פּונקט דאָס זעלבע, וואָס איינער, וועמען מען וואַרפֿט אריין אין ים און מען הייסט איהם שווימען, כאָטש ער קען ניט. אמאָל האָט ער יאָ געקענט, אָבער ער האָט שוין פֿארגעסען... די כוואַליעס שלאָגען, דער ים שטורמט און דער מענש קען ניט שווימען. אָבער ער האָט דען אַן אַנדער ברירה? צי ער קען יאָ, צי ער קען ניט — ער מוז שווימען.

אין יענער צייט האָט מען אונז געגעבען לייענען טשעכאָוו׳ס שריפֿטען. דאָס איז שוין געווען נאָך טשעכאָוו׳ס טויט. ווען ער האָט געלעבט, האָט מען אונז זיינע שריפֿטען ניט געגעבען לייענען. איך האָב זיך א כאַפּ געטאָן לייענען טשעכאָוו׳ן, געשלונגען איין בוך נאָכ׳ן אַנדערען. אָבער איבער דעם איז מיר געוואָרען נאָך שווערער אויפֿ׳ן הארצען און איך האָב צו זיך אליין געזאָגט: „גענוג! מעהר וויל איך ניט“.

לייענענדיג טשעכאָוו׳ס שריפֿטען, האָב איך דערזעהן א גאַנצע רייהע פֿון שוואַכע און כאַראַקטערלאָזע מענשען; שלים־מזל׳ניקעס און לא־יצלח׳ס, וועלכע האַלטען אין איין בענקען און קענען זיך בשום אופֿן ניט צופּאַסען צום לעבען. די „דריי שוועסטער“ פּלאָ־גען זיך און מוטשען זיך, און דער גרעסטער אידעאַל זייערער איז — פֿאָהרען קיין מאָסקווא. דאָרטען וועט זיך פֿאַר זיי עפֿענען א נייע

וועלט. אבער איך וויים, אז אין מאסקווע וועלען זיי זיך לאנג־ווייליגען פונקט אזוי ווי אינ'ם קליינעם שטעדטעל, ווייל אומעט און לאנגווייליגקייט קען מען פארטרייבען בלויז דאן ווען מען טוט עפעס, ווען מען האט אין זיך עפעס.

מאדנע מענשען! אנשטאט דעם זיי זאלען עפעס טאן, זיי זאלען ארבייטען פאר א בעסערער אָרדנונג און אנפיהרען א קאמף פאר א שעהנער לעבען, זעצען זיי זיך אַוועק אויף א ווייכער זאפע און זאגען: „לאמיר אביסעל ריידען וועגען דעם, וואס ס'וועט זיין אין צוויי הונדערט יאהר ארום“. זיי פארזייהען גארניט, שניידען גאר ניט און עס געהט זיי ניט אָן צי ס'וועט שפּעטער עפעס וואקסען. זיי טרוימען בלויז וועגען א שעהנער לעבען, גלייך דאס וואלט געווען אזא זאך, וואס קומט אליין, פון זיך, אהן אנ־שטרענגונג און אהן מיה... ארבייטען דארף מען ניט. מען דארף בלויז טרוימען...

געשיקט זיך, אז דער איצטיגער דור איז טאקי אזוי? — האב איך זיך געקלעהרט. געשיקט זיך, אז דאס לעבען איז איצט אזוי גרוי, אזוי לאנגווייליג און אזוי טויט? אויב עס איז אזוי, טא, צו וואס זשע טויג מיר דאס ארויסגעהן אויף דער פרייהייט? אויב דער איצטיגער דור באשטעהט פון אזעלכע מענשען, טא וואס זשע איז דער אונטערשיעד — זיצען אין טורמע אדער זיין פריי? אט לאזט מען מיך ארויס פון דאנען. וואס זשע וועט מיר ארויסקומען דערפון? אנשטאט צו זיין אין א קליינער טורמע, וועל איך זיין אין א גרויסער... וואס זשע טויג דאס מיר?

אמת טאקע, אינ'ם יאהר 1901 האבען מיר געקראגען א ידיעה. קארפאוויטש האט אונז דערצעהלט, אז אונזער פאטער־לאנד לעבט איצט איבער אן אינטערעסאנטע צייט און אז נייע ווינטען טראגען זיך אין דער לופט. ער האט אונז דערצעהלט, אז די רוסישע יונגוואַרג רייסט זיך מיט אלע כוחות צו פרייהייט און פיהרט אן א קאמף פאר א נייע לעבען; אין די שטעדט איז דא אן ארגאניזירטע ארבייטער־באוועגונג און זי איז טהעטיג אויפ'ן פּא־ליטישען געביט אויך; די געבילדעטע יונגוואַרג איז דרייסט און מוטיג און זי האט ארויסגעשטעלט נייע לאזונגען אין דעם קאמף פאר רעכט און פרייהייט. קארפאוויטש האט אונז איינפאך אי־בערראשט מיט ציפערען וועגען ארגאניזירטע ארבייטער אין דעם מערב טייל פון רוסלאנד. אונז האט זיך געדוכט, אז רוסלאנד האט

איצט גאַר אַן אנדער פּנים ; ניטאָ מעהר דאָרטען די גלייכגילטיג־קייט, די פאַרשלאָפענקייט ; דאָס לעבען זידט און קאָכט ווי אין אַ קעסעל... דאָ און דאָרטען פיהלט מען שוין ווי אָט־אָט וועט עפּעס געשעהן און דאָס גאנצע לאַנד וועט ארומגעכאַפּט ווערען פון אַ רעוואָלוציאָנערען פלאַקער... אזוי איז אויסגעקומען פון דעם, וואָס קאַרפּאָוויטש האָט אונז דערצעהלט. „אין פינף יאָהר ארום וועט אין רוסלאַנד אויסברעכען אַ רעוואָלוציע". — האָט ער געזאָגט.

אָבער ווער ווייס צי ער האָט אין זיין באגייסטערונג ניט אריבערגעכאַפּט די מאָס ? אָט זיינען שוין אַוועק צוויי יאָהר זינט ער האָט אונז דעם גוטען גרוס אָפּגעגעבען, און וואָס ? וואו זיינען די רוסישע פּויערים ? פאַר וואָס שלאָפען זיי, די פינף און אכטציג מיליאָן פּויערים ? וואו איז די פּראָווינץ ? טשעכאָוו מאָהלט ווי פאַרשלאָפען זי איז . . . קאַרפּאָוויטש האָט פאַר אונז געשילדערט די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, דאָס לעבען פון די גרויסע שטעדט, פון די אינדוסטריעלע צענטרען, וואו דער דופק פון לעבען קלאַפּט שטאַרק, וואו עס איז דאָ אַן אינטעליגענץ און קלאַסען־באוואוסטע אויפגעקלערטע ארביימער. ער האָט דאָס פאַר אונז געשילדערט אין אלגעמיינע שטריכען... אָבער טשעכאָוו פיהרט ארויס אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּען, אַ גאַנצע גאַלעריע פון מענשען, וואָס ער האָט גענומען פונ'ם לעבען אליין. און אָט די מענשען, די דורכשניטליכע רוסישע מענשען, זיינען גאַר אנדערע, זיי זעצען זיך אוועק אויף אַ ווייכען זאָפקעלע און זאָגען : „לאָמיר אביסעל ריידען וועגען דעם, וואָס עס וועט זיין אין צוויי הונדערט יאָהר ארום".

און ווען מען וועט מיך ארויסלאָזען פון דאַנען, וועט מיר דאַך אויסקומען צו לעבען ניט נאַר אין דער פּראָווינץ, וואָס טשעכאָוו שילדערט, נאַר אין אַ פאַרוואָרפען ווינקעל. מען וועט מיך אוועקשיקען קיין סאַכאַלין, אָדער אינ'ם יאַקוטסקער געגענד, פּונקט ווי מען האָט אוועקגעשיקט די אלע אנדערע חברים, וואָס מען האָט ארויסגעלאָזט פון שליסעלבורגער פעסטונג. איך וועל לעבען צווישען מענשען, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען אלע רעכט, צווישען קרימינעלע פאַרברעכער, ערגיץ אויף אַן אינזעל, וואו מען באגעהט זיך מיט מענשען ווי מיט חיות און באַלד עפּעס גיט מען שמיץ. עס איז דאַך שרעקליך צו לעבען אין אַ אַטמאָספערע, וואו עס הערשט די ווילדקייט פון טשינאָווניקעס און וואו עס געפינען

זיך מענשען, וועלכע זיינען ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון לעבען
דערפאר, וואָס זיי האָבען גע׳גזל׳ט, געשלאָגען און געמאָרדעט...
אָדער איך וועל לעבען פאַרוואָרפען צווישען די האלב־ווילדע יאקר־
טען און וועל ניט האָבען, מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדען...
וואָס זשע טויג מיר די פרייהייט? צוליעב אזא לעבען לוינט
זיך דען ארויסצוגעהן פון שליסעלבורגער פעסטונג? ווי אזוי וועל
איך לעבען און צוליעב וואָס זאָל איך לעבען?

# איין און דרייסיגסטער קאפיטעל.

## די מאמע.




יז דער צייט, וואס מיר איז דער קאפ שיער ניט צושאסען געווארען אויף שטיקלאך, קלערענדיג וועגען דעם וואס מיין מאמע מאכט, האט זי געהאלטען ביים שטארבען.

מיינע שוועסטער האבען אויסגעכלאפאטשעט אז ערלויבניש, מען זאל מיר יעדע דריי־פיער וואכען לאזען וויסען וואס די מאמע מאכט.

געשטארבען איז זי אין נאוועמבער 1903, און אין פארלויף פון צעהן חדשים צייט האט מען מיר אלע מאל צוגעשיקט אן אנדער ידיעה; אט האט מען מיר געלאזט וויסען, אז די מאמע פיהלט זיך בעסער, און אט האט מען מיר צוגעשיקט א קורץ בריוועלע, אז זי פיהלט זיך ערגער. און ביי מיר זיינען די נערוועז געווארען אנגעצויגען ווי די סטרונעס און איך בין שטענדיג ארומגעגאנגען ווי א צומישטע און האב זיך אין ערגעץ קיין פלאץ ניט געקענט געפינען. מיר האט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז זי שטארבט, און דער פארלאנג זי צו זעהן האט אין מיר געברענט ווי א העליש פייער.

צווישען דעם „לעבעדיגען קבר", וואו איך בין געווען פארשפארט און דעם צימער אין פעטערבורג, וואו מיין מאמע איז געלעגען א קראנקע, איז געשאפען געווארען א מין געהיימע פארבינדונג, און איך האב מיר געמאכט מיינע אייגענע סימנים; ווען די שטימונג איז ביי מיר געווארען בעסער, האב איך דערפון געדרונגען, אז מיין מאמע פיהלט זיך בעסער, און ווען איך האב דערפיהלט ווי א בענקעניש נאגט מיין הארץ, בין איך געווען זיכער, אז די מאמע פיהלט זיך ערגער און אז זי האלט ביים שטארבען.

דעם 15טען נאוועמבער איז זי געשטארבען.

דעם בריעף וואס מיינע שוועסטער האבען מיר צוגעשיקט, אז די מאמע איז געשטארבען, האבען מיר די זשאנדארען ניט איבער־געגעבען, און דער תירוץ איז געווען, אז זיי ווילען מיר „ניט אנ־טאן קיין יסורים". די טרויעריגע בשורה וועגען מיין מאמעס טויט האט מיר דער אויפזעהער איבערגעגעבען אזוי, און דערביי האט ער איבערגעדרעהט די יוצרות און האט מיר דערצעהלט א מעשה, אז מען האט זי באערדיגט אין פעטערבורג אויף דעם וואלקאווער בית עלמין.

איך האב געוואוסט, אז דאס קען ניט זיין, ווייל מיין מאמע האט ניט ליעב געהאט די שטאדט פעטערבורג, און ווען ניט די פליכט צו בילדען די קינדער, וואלט זי קיינמאל קיין פעטערבורג ניט געקומען. איהר איז געווען איינגעבאקען אין הארצען דאס אייגענע ווינקעלע אין קאזאנער גובערניע, דאס דערפעל ניקיפא־ראווא, וואו עס איז געשטאנען אונזער „אלטע שטוב", און אלעם איז געווען פול מיט די שעהנע עראינערונגען פון יענע יאהרען ווען מיר זיינען נאך קליינע קינדער געווען. די מאמע פלעגט אלע מאל זאגען, אז אין קבר וויל זי ליגען לעבען טאטען און לעבען דער אלטער ניאניא אונזערער.

צעהן מאנאטען נאכאנאנד האב איך זיך טאג ווי נאכט גע־בראכען דעם מח: „וועל איך זעהן מיין מאמע?"... „וועל איך ניט זעהן מיין מאמע?"... „וועל איך זי יא זעהן?"... „וועל איך זי ניט זעהן?"... „וועט זי דערלעבען ביז'ן 28טען סעפ־טעמבער, 1904, ווען איך וועל ארויס פון דער שליסעלבורגער פעסטונג?"... איצט האב איך זיך מעהר דעם מח ניט געדארפט ברעכען. די מאמע איז געשטארבען. איך וועל זי שוין מעהר קיינמאל ניט זעהן, און זי מיך אויך ניט...

און אפשר איז נאך בעסער אזוי. ווארים ווען זי וואלט מיך דערזעהן פאר'ן טויט, וואלט איך געווען פונקט אין דער זעלבער עלטער וואס זי איז געווען ווען איך האב זיך מיט איהר געזעגענט. גאר אן אנדערע... און ווען איך וואלט זי דערזעהן, וואלט זי איז מיינע אויגען אויך געווען גאר אן אנדערע, ניט דיזעלבע מאמע, וואס איך האב איבערגעלאזט מיט צוואנציג יאהר צוריק...

נאכדעם ווי איך האב שוין געוואוסט דעם אמת, אז מיין מאמע איז טויט, בין איך שוין מעהר ניט געווען אזוי נערוועז. דערפאר אבער בין איך געווארען זעהר שוואך און איך האב גע־

פיהלט, אז איך וויל קיינעם ניט זעהן, איך וויל קיין זאך ניט הערען און מיט קיינעם ניט רעדען. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז מיין קול האט זיך פון מיר אפגעטאן; איך האב ניט קיין ווערטער; איך פארמאג גאר ניט; די כוחות געהען מיר אויס און די נשמה שטארבט אפ...

...עס איז אוועק דער מאנאט דעצעמבער, עס איז אויך אוועק דער מאנאט יאנואר און עס איז געקומען דער מאנאט מארטש.

אין דרויסען איז געווען שעהן. די טעג זיינען געווען ליכ־טיגע און די זון האט העל געשיינט. א גוטער חבר האט פאר מיר אין גארטען געמאכט א בעטעל און שטונדען לאנג פלעג איך דארטען ליגען און טראכטען. קיינער האט מיך ניט געטשעפעט; ארום און ארום איז געווען שטיל און די שטראהלען פון דער זון האבען אזוי ליעבליך געווארימט.

אין מאנאט פעברואר האט מען מיר איבערגעגעבען דעם בריעף, וואס מיינע שוועסטער האבען מיר צוגעשיקט. אינ'ם בריעף האבען זיי מיר געשריבען, אז די גאנצע פאמיליע האט דער מאמעס טויטען קערפער אפגעפיהרט אינ'ם דארף ניקיפאראווא, און דארטען האט מען זי באערדיגט, ווייל אזוי האט זי אנגעזאגט פאר'ן טויט.

דעם 9טען מארטש האב איך אנגעשריבען אהיים אן ענטפער, וואס האט זיך געלייענט אזוי:

„טייערע מיינע! איך וועל אייך איצט ניט שרייבען וועגען דער מאמען, און איך וועל אייך ניט שרייבען וועגען זיך. צו וואס אויפרעגען די נערווען? אויפ'ן הארצען איז מיר איצט זעהר שווער, און דערצו בין איך נאך זעהר מיעד. שווער אויפ'ן הארצען איז מיר דערפאר, ווייל איין און צוואנציג יאהר נאכאנאנד האב איך פון דער מאמען ניט אויפגעהערט קלערען, און איצט איז זי גע־שטארבען. און מיעד בין איך, ווייל א גאנץ יאהר בין איך געשטא־נען ביי איהר אפענעם קבר און דאס הארץ האט מיר געקלאפט, ווייל מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז אט־אט טראגט מען זי. איך טרייסט זיך דערמיט וואס איהר האט איהר זיכער אפגעגעבען דעם געהעריגען כבוד, און אויך דערמיט וואס מען האט זי באערדיגט אין ניקיפאראווא, אין דעם דארף וואס זי האט אזוי ליעב געהאט, וואס מיר האבען אלע אזוי ליעב געהאט — אין דעם דארף וואס

איז ביי אונז נאָך טייערער און ליעבער ווי פריהער. איך האָב אַלע מאָל געדענקט, אַז עס איז אַ גליק פאַר אַ מענשען צו האָבען אַ ווינקעלע, מיט וועלכען עס זאָלען זיין פאַרבונדען די עראינערונגען פון זיינע קינדער־יאָהרען, וואו ער האָט צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען ליעב האָבען די שטראַהלען פון דער זון, די ברייטקייט פון די הימלען און פון די פעלדער; וואו עס זיינען פאַרגעקומען וויכטיגע פּאַסירונגען אין זיין לעבען און אויך אין דעם לעבען פון זיינע אייגענע; וואו עס ליגען באערדיגט די מענשען, וואָס זיינען איהם ליעב און טייער.

„זעהר אָפט טראַכט איך וועגען אייך און איך שטעל זיך פאָר ווי אַזוי איהר זייט געפאָהרען קיין ניקיפאָראָוואָ, און אַלע מאָל, ווען איך טראַכט וועגען דעם, שטעלען זיך מיר די טרערען אין די אויגען. און עס קען זיין, אַז פונקט אין יענער נאַכט, ווען איהר האָט דער מאַמעס טויטען קערפּער געפיהרט אַהיים, האָט זיך מיר גע'חלום'ט דער שרעקליכער חלום, וואָס האָט אויף מיר אַזאַ טיעפען איינדרוק געמאַכט.

„מיר האָט זיך גע'חלום'ט, אַז מיר, אַלע פיער שוועסטער, פאָהרען אויף אַ שליטען. די ערד איז שוואַרץ און נאַס, ווי מען וואָלט פון איהר נאָר וואָס דעם שנעע אַראָפּגעשאַרט; מיר שלעפּען זיך איבער'ן דאָרף באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ; פון ביידע זייטען קליינע שטיבעלאַך, סטעזשקעס פאַר פוסגעהער, נאַקעטע בוימער בלעטער, און פון דער ווייטענס זעהט מען גאָניקלאַך מיט גילדענע דעכער. אין מיטען, אויף אַ הויכען באַרג, שטעהט אַ קלויסטער מיט גילדענע קופּאָלען. איך הויב אויף די אויגען און גיב אַ קוק, דערזעה איך ווי איבער'ן קלויסטער, העט־הויך, ביים הימעל, הענגט אַ חופּה פון קרישטאָל, וואָס פאַרכאַפּט ממש די אויגען מיט איהר שעהנקייט. מיר פאָהרען און פאָהרען, און ווען מיר קומען אַרויס פון דעם דאָרף, דערזעהען מיר מיט אַמאָל ברייטע גרינע פעלדער און אַ שעהנע זון, אַ ליכטיגע. און — אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס — דערמאָן איך זיך אַ בילד, וואָס איך האָב אַמאָל געזעהן: מיעדע וואַנדערער שלעפּען זיך אויף אַ וועג, און פון דער ווייטענס, קוים וואָס מען זעהט, ווייזען זיך שטעדט... אויף דער בילד, געדענק איך, איז געווען אַן אויפשריפט: „גאָט'ס געפונענע שטעדט". און מיט דעם געדאַנק האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אין אַ מאָדנער געהויבענער שטימונג. און איצט, ווען איך האָב דעם

עלפטען פעברואַרי געקראַנגען און איבערגעלייענט די בריעף וואָס איהר האָט מיר צוגעשיקט נאָך אין די מאָנאַטען דעצעמבער און יאַנואַר — די בריעף, אין וועלכע איהר באַשרייבט ווי אַזוי איהר זיינט געפאָהרען און געפיהרט דער מאַמעס טויטען קערפּער, האָב איך זיך דערמאָנט אַז יענעם חלום, און עס ווילט זיך מיר גלויבען, אַז אין יענער נאַכט, ווען איהר האָט די טייערע מאַמע געפיהרט, האָט מיין נשמה אייך אויך באַגלייט...

„אין אייערע בריעף ריהרט איהר אָן אַ סך טעמעס, אָבער איך האָב קיין חשק ניט צו שרייבען. אין מיין לעבען זיינען קיין ענדערונגען ניט פאָרגעקומען; די צייט רוקט זיך פּאַמעלאַך אַלץ ווייטער און ווייטער. די זון בלענדעט מיר די אויגען און ברענט מיר דאָס פּנים ווען איך לעג זיך אַוועק אויף דער באַנק מיט דער פאַרענטשע, וואָס אַ חבר האָט פאַר מיר געמאַכט. איך פיהל זיך אַזוי שוואַך, אַז עס ציהט מיך אַלץ צו ליגען און זיך וואַרימען אַקעגען דער זון..."

## צוויי און דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

**פאַר דער באַפרייאונג.**



י טעג און די וואָכען האָבען זיך גערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער און עס איז שוין געווען נאָהענט די צייט ווען איך וועל דאַרפען ארויסגעהן פריי פון שליסעלבורגער פעסטונג.

און איך מוז זאָגען דעם אמת: איך האָב זיך ניט געפרעהט דערמיט!...

איך האָב געוואָלט וויסען, צי נאָר איך בין אזוי, און איך האָב זיך געווענדעט מיט אַ פראַגע צו אַ חבר, וועלכער האָט געדאַרפט באַפרייט ווערען צוזאַמען מיט מיר.

— זאָגט מיר דעם אמת, — האָב איך איהם געפרעגט, — פרעהט איהר זיך דערמיט וואָס איהר וועט אין גיכען ארויס פריי? פיהלט איהר, אז איצט שטעהט איהר אויפ'ן גרענעץ פון אַ ליכטיגער וועלט?

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — איך פיהל גאָרניט. איך בין איצט אזוי ווי אַ הילצערנער און קען גאָרניט פיהלען.

דאָס זעלבע האָט מיר געענטפערט אַן אנדער חבר, וועלכער איז צוויי און צוואַנציג יאָהר געווען פאַרשפאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג און מען האָט איהם געדאַרפט באַפרייען צוזאַמען מיט מיר. ער האָט זיך אויך ניט געפרעהט מיט דער באַפרייאונג. ער האָט אויך גאָרניט געפיהלט.

צו שפּעט איז זי געקומען, די באַפרייאונג.

מען האָט מיר געפּרואווט איינריידען, אז אויף דער פרייהייט איז דאָ אַ ברייטער הימעל, אַ שעהנע זון און ליכטיגע שטערען. אָבער אין יענער צייט האָב איך וועגען אָט די אַלע זאַכען ניט געטראַכט; זיי זיינען מיר ניט געלעגען אין זינען, וויל מיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט אנדערע זאַכען; איך האָב

אלץ געקלערט וועגען א ציעל אין לעבען, וועגען א זין אין לעבען. וואס טויג דער הימעל און וואס טויגען די שטערען, ווען דו ווייסט ניט מיט וואס צו לעבען און צוליעב וואס צו לעבען?

די ערשטע יאהרען האב איך אזוי געבענקט נאכ'ן הימעל און נאך די שטערען! אבער דערנאך איז דער געפיהל ביסלאכווייז אין מיר אפגעשטארבען. די שטיינערנע ווענט האבען פאר מיר אלעס פארשטעלט; איך האב מעהר די ליכטיגע וועלט ניט געזעהן, און עס האט מיר שוין מעהר ניט געפעהלט די לבנה. עס זיינען מיר מעהר ניט אנגעגאנגען די שטערען, און איך האב מעהר ניט געבענקט נאך דעם רוישען פון די בוימער אין וואלד. אלעס איז, אין פארלויף פון די יאהרען, געווארען טויט פאר מיר.

בלויז איין מאל, איין און איינציג מאל, האט זיך ביי מיר אין הארצען א צאפעל געטאן א געפיהל, זעהר ניט קיין קלארער, א פארשטעלטער; און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס צאפעלט זיך דארטען די פרייד וואס איך וועל באלד זיין פריי.

דאס איז געווען אויף דער נאכט. דער זייגער האט געהאלטען צעהן. איך בין געזעסען אין מיין קאמער ביים טיש, מיט'ן פנים צום פענסטער און מיט דער פלייצע צו דער טיר, וואו דער זשאנדאר האט צו יעדע' צייט געקענט אריינקוקען אין דעם „אויגעל" און זעהן וואס איך טו. געווען איז דאמאלט ענדע יולי און ביז דער באפרייאונג איז מיר נאך געבליבען א זעכציג טעג. דורכ'ן פענסטער האט זיך פון דרויסען אין דעם דושנעם קאמער אריינגעריסען די פרישע לופט. מיט אמאל האב איך דערהערט ווי איבער דער אזערא שווימט א שיף. דאס וואסער רוישט, און באלד דערהערט זיך ווי די שיף גיט א פייף.

אלעס אין מיר האט זיך א צאפעל געטאן. דאס רוישען פון דעם וואסער האט מיר דערמאנט די וואלגא, און איך האב זיך פארגעשטעלט ווי א שיף שווימט אויף דער וואלגא... איך שטעה אויפ'ן דעק פון דער שיף און קוק אין דער פינסטערניש פון דער נאכט. עס איז אזוי פינסטער — כאטש שטעך אויס אן אויג; מען זעהט ניט וואו עס ענדיגט זיך די וואסער און וואו עס הויבט זיך אן דער ברעג. בלויז ווייט־ווייט, ערגעץ אין דער הויך, שימערען פייערלאך אין די פענסטער פון קליינע שטיבעלאך; אויף א הויכען בארג זיינען די שטיבעלאך צוואווארפען... און די שיף שניידט און שניידט די וואלגא, דערנאך שטעלט זי זיך אפ. עס ווערט א טומעל.

מען איילט זיך. מען יאָגט זיך... בוך!... בוך!... מען לאָדעט געהילץ אויף דער שיף...

אַך ווי עס בענקט זיך נאָך יענע פינסטערע נעכט אויף דער וואָלגא!... נאָך דעם גערויש פון דער וואַסער, נאָך די פייערלאַך וואָס שימערירען אויפ׳ן באַרג, ניט ווייט פון ברעג!... פרייהייט... לעבען אויף דער פרייהייט!...

עס דערמאָנען זיך זאַכען פון דער פאַרגאַנגענהייט און פאַר די אויגען שטעלט זיך אַוועק די צוקונפט... איך קלער וועגען דער פרייהייט, און אויפ׳ן האַרצען איז מיר אי פרעהליך, אי אומעטיג. אַ מאָדנער געפיהל. דאָס האַרץ צאַפּעלט זיך, און איך וויים אליין ניט צי דאָס איז פאַר פרייד, אָדער פאַר טרויער. דערנאָך ווערט אַלעס אין מיר ווידער טויט. איך פיהל גאָרניט... עס איז גאָרניט געווען און עס איז גאָר נישטאָ...

אין מאָנאַט יולי האָב איך פון מיינע שוועסטער געקראָגען דעם לעצטען בריעף.

„און כאָטש דאָס איז דער לעצטער בריעף אָהער, — האָב איך זיי אין מיין ענטפער געשריבען, — איז מיר דאָך, פּונקט ווי אַלע מאָל, געוואָרען שווער אויפ׳ן האַרצען נאָכדעם ווי איך האָב איהם איבערגעלייענט... איהר שרייבט, אַז דער לעצטער בריעף מיינער האָט אייך פאַרשאַפט יסורים. אָבער גלויבט מיר, אַז איך בין ניט שולדיג. וואָס האָב איך זיך געקענט העלפען? ווען איך וואָלט איינגאַנצען ניט געשריבען, וואָלט איהר געווען זעהר אומרוהיג, און דאַן וואָלט איהר זיכער אָנגעהויבען מאַכען אָפיציעלע אָנפראַגען. דאַריבער האָב איך געמוזט שרייבען. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין — עס איז פאַרפאַלען.

„אין בריעף שרייבט איהר מיר וועגען אַ מצבה אויף דער מאַמעס קבר. מיר געפעלט דאָס ניט. בעסער וואָלט געווען אַוועקצושטעלען אויף איהר קבר אַ צלם און איהם אַרומרינגלען מיט אַ פאַרקען, און דער עיקר — באַפּוצען מיט בוימער און פלאַנצונגען.

„אין די ווינטער־נעכט קוקט אָפּטמאָל אַריין צו מיר די לבנה, און דאָס ברענגט מיך אַריין אין אַ גוטער שטימונג און איך דערמאָן זיך אָן יענע צייטען, ווען איך פלעג צוזאַמען מיט מיינע חבר׳טעס און חברים שפּאַצירען אויף די ווייטע ברייטע וועגען אין דאָרף... היינטיגען ווינטער אָבער האָט זיך אַלעס געביטען. און ווען די לבנה האָט אַריינגעקוקט צו מיר אין פענסטער האָט זיך מיר גאָר

פאַרגעשטעלט דער בית־עלמין אין אונזער דאָרף ניקיפאַראָווא ; אַלע מצבות זיינען פאַרשנעעט, און עס בלאָזט אַ שטאַרקער ווינט. עס איז קאַלט און פּוסט אַרום און אַרום . . . דאַן איז מיר איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען גוט ווען מען וואָלט ביי דער מאַמעס קבר פאַרפלאַנצט אַזעלכע ביימער, וואָס זיינען גרין זומער און ווינטער.

„דאָ ניט לאַנג צוריק האָב איך געלעזען טשעכאָוו׳ס אַן ערצעהלונג, און עס איז מיר זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען ווי אַזוי ער מאַכט חוזק פון זיינעם אַ העלד און איז איהם מבטל דערפאַר וואָס ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבען קיין ביימעל ניט פאַרפלאַנצט און קיין גרינס ניט פאַרזייעט. אין דעם פּרט שטעהט אונזער מאַמע זעהר הויך ; זי האָט אַלעמאָל באַפּוצט די ערד מיט ביימלאַך און פלאַנצונגען.

„איהר ווערט זיך אודאי וואונדערען פאַרוואָס איך דערמאָן ניט אַ וואָרט וועגען דעם וואָס איך ווער אין גיכען באַפרייט. אָבער גלויבט מיר, אַז איך בין דערפון אַזוי צוטומעלט, אַז איך וויים ניט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר, און שרייבען דערפון, קען איך אודאי ניט. ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגען דעם, דוכט זיך מיר אויס, אַז איך בין פּונקט ווי אַ שטעהענדיג וואַסערל, וואוהין מען האָט אַריינגעוואָרפען אַ שטיין און עס צורודערט . . . ווען מען איז אַזאַ לאַנגע צייט אָפּגעריסען פון דער וועלט, ווערט דאָס לעבען איינגעהילט אין אַ געהיימניס און עס דוכט זיך אויס, אַז עס איז עפּעס אַזאַ פלאַנטער, אַז מען קען דאָרטען גאָר קיין טאָלק ניט דערגעהן . . . איך וויל טרעפען וואָס ס׳וועט שפּעטער זיין מיט מיר. איך וויל אַרויסקריגען אַן ענטפער ביי דער צוקונפט, וואָס שטעהט מיר איצט פאָר, אָבער עס איז אוממעגליך. טויזענדער פראַגען באַמבלען זיך ביי מיר אין קאָפּ און דער ענטפער אויף זיי איז איינגעהילט אין אַ טומאַן.

„איך גרייט זיך צו עפּעס נייעס, אָבער וואָס ווייס איך אַליין ניט.

„נו זייט מיר געזונד. איך קוש אייך אַלעמען, די גרויסע און די קליינע.

„זאָל זיין וואָס ס׳וועט זיין !“

# דריי און דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

**פאַרברענטע בריעף.**



אַך פיער טעג דאַרף איך זיין אין שליסעלבורגער פעסטונג. זיץ איך אין מיין קאַמער ביים טיש און וויין, און אינמיטען דערינען הויב איך אָן שמייכלען, כאָטש די טרערען גיסען זיך מיר פון די אויגען. אויפ'ן טיש ליגען מיינע העפטען; פון 1887 ביז איצט האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבען אַ היבש ביסעל פאַרשיעדענע העפטען; אויך איינציגע בלעטלאַך פּאַפּיר באַשריבען און אַהן אַ שיעור צעטעלאַך.

דער קאָמענדאַנט יאַקאָוולעוו האָט מיר נאָר־וואָס געזאָגט, אַז אויב איך וויל מיטנעמען מיט זיך פּאַפּירען און מאַנוסקריפּטען, מוז איך זיי פריהער אָוועקשיקען קיין פּעטערבורג, אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, מען זאָל זיי דאָרטען פריהער איבערקוקען. „אָבער אין אייערע פּאַפּירען טאָר ניט דערמאָנט ווערען קיין וואָרט וועגען שליסעלבורג, — האָט ער מיר געזאָגט, — קיין איין וואָרט ניט. אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט וועט מען זיי איבערקוקען און דערנאָך וועט מען זיי אייך אָפּגעבען צוריק.“

זיץ איך אַזוי ביים טיש און קוק איבער די העפטען, די פּאַפּירלאַך און די צעטעלאַך, וואָס זיינען ביי מיר זעהר טייער. איך מעק און קלעק, און עס טוט מיר אַזוי באַנג פאַרוואָס איך דאַרף אויסמעקען דוקא דאָס וואָס איך וויל ניט. די בעסטע ווערטער וואָס גוטע חברים האָבען מיר אַמאָל אָנגעשריבען, — ווערטער, וואָס האָבען מיר אונטערגעגעבען מוט די צרות אַריבערצוטראָגען, מוז איך אויסמעקען. איך לייען די צעטעלאַך און וויים, אַז דאָס לייען איך זיי צום לעצטען מאָל; איבערגעלעזען, צוריים איך זיי אויף שטיקלאַך, זיי צו פאַרברענען. ס'טוט מיר וועה דאָס האַרץ;

עס איז מיר אַ בזיון, איך שעהם זיך, עס דוכט זיך מיר, אַז איך פֿאַרשוועך אַ גרויסע הייליגקייט.

אַ מאַסע מיט צעטעלאַך! ערנסטע, שפּאַסיגע און ריהרענדע. אין זיי שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס לעבען פֿון דער טורמע, די ליידען און אויך די פֿריידען. יעדער צעטעלע דערמאָנט מיר אָן עפּעס אַנדערש. אָט איז די שעהנע קיילעכדיגע האַנדשריפֿט פֿון לאָפּאַטין'ען. אין איין צעטעל געפֿין איך דאָס וויציגע ליעדעל, וואָס ער האָט אָנגעשריבען אויף דעם חשבון וואָס איך אַרבייט אַ זאָק פֿאַר מיין פֿריינדין לודמילאַ וואָלקענשטיין. דאָס ליעדעל לייענט זיך אַזוי:

„אויפ'ן פֿענסטער בין איך אַרויף
שעפּען פֿרישע לופֿט.
זעה איך ווי ווערא אַרבייט אַ זאָק,
און דער זאָק איז אַזאַ לאַנגער,
אַז איך קען שווערען אַפּילו ביי גאָט,
אַז אַזאַ לאַנגער פֿוס איז גאָר נישטאָ."

לעז איך דאָס ליעדעל און לאַך... און אָט איז לוקאַשעוויטש; דער ליעבער לוקאַשעוויטש! אַזאַ גרויסער און אַזאַ גוטער, און אַ האַנדשריפֿט האָט ער אַ קינדערשע. דעם 17טען אָקטאָבער האָט ער מיר צוגעשיקט אַ באַגריסונג מיט אַ לאַנדקאַרטע, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט. און אָט איז נאָך אַ צעטעלע, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט אין מאָנאַט מאַרטש, 1902. אַזאַ טייער צעטעלע. עס האָט אויף מיר דאַן אַזוי גוט געווירקט. געשיקט זיך, אַז דאָס וועל איך אויך דאַרפֿען פֿאַרברענגען?! עס שטעלען זיך מיר אַזש טרערען אין די אויגען. און אָט איז אַ צעטעלע פֿון פֿאָכיטאָנאָוו'ן. ער האָט דאָס מיר צוגעשיקט נאָך איידער ער איז אַרונטער פֿון זינען; אַ צעטעלע פֿון וואַסילי איוואַנאָוו'ן. ער האָט דאָס מיר צוגעשיקט אין יענער צייט ווען איך בין אויף איהם געווען ברוגז דערפֿאַר וואָס ער האָט געמאַכט אַ שפּאַס אויף לאַגאָווסקי'ס חשבון. ווידער אַמאָל לאָפּאַטין, — זיינע אַ צייכענונג: אַ סלופּ. אויפ'ן סלופּ אַ מייזעל (איך), אונטען אַ לייב (לאָפּאַטין), און אַן אויפֿשריפֿט, וואָס לייענט זיך אַזוי: „פֿאַלגען פֿאָלג איך טאַקע, אָבער קיין שקלאַף בין איך ניט." דער שטאָלצער לייב, לאָפּאַטין! און אָט איז ווידער לוקאַשעוויטש; אַ צעטעלע מיט אַן אויסגעמאָהלטע פֿויגעלע. אַ גאַנץ פּעקעל מיט צעטעלאַך און ליעדער פֿון נאָוואָרוסקי'ן. אַן ענגליש

צעטעלע פון פאפאוו׳ן. איך לייען עס איבער און איך לאך, ווייל עס קלעפט זיך ניט א ווארט צו א ווארט. אויף ענגליש דאנקט ער מיר פאר די יאגדעס, וואס איך האב פאר איהם צונויפגעקליבען. ליעדער פון מאראזאוו׳ן און פון אנדערע חברים. יעדער צעטעלע און יעדע ליעד איז מיר טייער און איך קען זיך דערמיט ניט שיידען.

איך לייען ווידער איבער די צעטעלאך און די ליעדער און א געפיהל פון אומעט און דאנקבארקייט פילט אן מיין הארץ. איך בין דאנקבאר די חברים פאר דער ליעבע וואס זיי האבען מיר די גאנצע צייט ארויסגעוויזען. און עס איז ווירקליך א וואונדער! לעבענדיג אין אזא אטמאספערע, וואו מען קען ווערען שרעקליך פארביטערט און בייז אויף דער גאנצער וועלט, האבען זיי דאך ניט פארלארען די ווארימקייט פון הארצען, און ביי יעדער גע־לעגענהייט האבען זיי מיר ארויסגעוויזען אזוי פיעל ליעבע און אזוי פיעל פריינדשאפט. טייערע, גוטע און ליעבע חברים מיינע! ניט ווילענדיג מאך איך א פארגלייך צווישען מיר און זיי, און עס קומט אויס, אז איך קען זיך צו זיי ניט פארגלייכען; איך האב ניט אין זיך אזוי פיעל גוטסקייט. ניט איינמאל בין איך אומזיסט און אומנישט געווען אין כעס אויף זיי, און דאן האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך האב זיי אלעמען פיינט.

... אלעס איבערגעלעזען. צוריסען אויף קליינע שטיקעלאך. אנגעצונדען א שוועבעלע. די פאפירלאך ברענען. באלד וועט פון זיי ווערען א הויפען אש.

איך פיהל, אז איך האב פארלארען זעהר א טייערע זאך. ניין — א טייערען מענשען, וועלכען מען האט בלויז מיר אליין פארטרויט...

זייט געזונד, טייערע און ליעבע חברים מיינע! איך געזעגען זיך מיט אייך, שורות און שורה׳לאך. עס וועט אוועק א יאהר אדער צוויי, און איך וועל זיך מעהר ניט קענען דערמאנען, וואס אין די צעטעלאך איז געשטאנען. איך וועל בלויז פיהלען די דאנק־בארקייט, וואס זיי האבען אין מיין הארצען אנגעקריצט, אבער די ווערטער אליין וועל איך פארגעסען.

זייט געזונד, איהר אלע חברים מיינע! איך דאנק אייך פאר דעם פארגעניגען, וואס איהר האט מיר פארשאפט, און איך בעט אייך, איהר זאלט מיר מוחל זיין דערפאר וואס איך האב אייך ניט פארשאפט אזוי פיעל פארגעניגען ווי איהר מיר.

## פיער און דרייסיגסטער קאפיטעל.

„פּאָלונדרא".



עם 28טען סעפּטעמבער, אין דעם יאהר 1904, איז געוואָרען צוואַנציג יאהר זינט מען האָט מיך פאר־משפּט צום טויט, און פּונקט אין דעם זעלבען טאָג, דעם 28טען, האָב איך געדאַרפט ארויס פון דער שליסעלבורגער פעסטונג.

אָבער מיט א טאָג פריהער האָבען מיר די באַאמטע אָנגעזאָגט, אז ארויספיהרען פון דאַנען וועט מען מיך ניט דעם 28טען, נאָר מיט א טאָג שפּעטער.

פונדעסטוועגען האָב איך זיך מיט מיינע חברים אָנגעהויבען געזעגענען דעם 27טען סעפּטעמבער. ארום און ארום זיינען אין שליסעלבורגער פעסטונג געבליבען נאָך 9 מענשען.

ביים געזעגענען זיך זיינען מיר אלע געווען צוריקגעהאלטען. צופיעל פרייהייט די געפיהלען האָט מען ניט געטאָרט געבען. פונ־דעסטוועגען האָבען זיך אייניגע חברים צוואויינט, און איך האָב זיי געדאַרפט באַרוהיגען: „מען דאַרף ניט!... מען דאַרף ניט וויינען!" און האָב זיך אליין אויך שיער ניט צוואויינט.

„ווען איהר וועט ארויס פון שליסעלבורגער פעסטונג, וועט איהר אודאי וויינען!" — האָט מיר א חבר געזאָגט נאָך מיט עט־ליכע טעג צוריק.

„עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! — האָב איך געענטפערט. — וויינען גאָר!"

איך האָב אָבער געהאַט א גרויסען טעות. ווען מען האָט מיך ארויסגעפיהרט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג האָב איך טאַקי ניט געוויינט. אָבער ווען איך בין שוין געווען אויף דער שיף און די קיילעכדיגע טהורעמס און די ווייסע ווענט פון דער פעסטונג האָבען אָנגעהויבען פארשוואונדען ווערען, האָבען זיך מיר גע־

שטעלט די טרעהרען אין די אויגען און איך האב זיך שטארק פאר־נאנדערגעוויינט.

ווען איך האב גערעדט מיט די חברים, האב איך בלויז גע־טראכט פון דעם „שטיינערנעם זאק" און פון דעם „לעבעדיגען קבר", וואו איך בין געווען פארשמאכט אזוי פיעל יאהרען; דאן האב איך ניט געקלעהרט פון די לעבעדיגע מענשען, וועלכע בלייבען דארטען איבער; איך האב ניט געקלעהרט וועגען די חברים, וועלכע איך האב געמוזט פארלאזען געגען מיין אייגענעם ווילען; און ווען איך האב יא אנגעהויבען קלעהרען וועגען זיי, האט מיך פאר־קלעמט ביים הארצען. און עס האט מיר באנג געטאן פארוואס איך האב זיי פארלארען. צוואנציג יאהר זיינען זיי געווען די איינציגע מענשען, וועלכע זיינען מיר געווען נאהענט. צוואנציג יאהר זיי־נען מיר געווען באפריינדעט; זיי האבען מיר געגעבען כחות די צרות אריבערצוטראגען; זיי האבען מיר פארשאפט א סך פארגע־ניגען. די גאנצע וועלט איז פון מיר געווען אפגעשניטען; און זיי, מיינע חברים, זיינען פאר מיר געווען אלעם — די פאמיליע, די געזעלשאפט, די פארטיי, דאס פאטערלאנד און די גאנצע מענש־הייט. מיר זיינען געווען ווי צוגעוואקסען איינער צום אנדערען, און מיט אמאל האט מען אונז צושיידעט.

יא, עס איז געווען פאר וואס צו וויינען!

יענע, די ליעבע חברים מיינע, זיינען געבליבען דארטען פאר־שפארט. אפשר וועלען זיי דארטען שטארבען און מיך האט מען פון זיי אפגעריסען; הייסען הייסט עס, אז מען באפרייט מיך, אבער אין דער אמת'ען פיהל איך גאר, אז מען נעמט און מען ווארפט מיך אריין אין א שטראם, כאטש איך האב שוין פארגעסען ווי אזוי צו שווימען.

דעם 29טען סעפטעמבער, פיער אזייגער בייטאג, האט דער וואכמייסטער געעפענט די טהיר פון מיין קאמער און איך האב אריבערגעטראגען די שוועל דאס לעצטע מאל. מיט אן ערנסטער מינע אויפ'ן פנים, אין גאנצען פארטיעפט אין זיך, אהן פרייד און אהן טרויער, בין איך געגאנגען איבער'ן קארידאר. אריבערגע־שפאנט דאס „בריקעל פון זיפצען", וואו איך בין געגאנגען טויזענטער מאל.

ווי עס וואלט קיין אויסערגעוועהנליכעס ניט געשעהן, געה איך אויף די ערטער, וואו איך בין שוין אפשר טויזענט מאל געגאנגען.

מיר דוכט זיך גאָר, אַז מען פיהרט מיך אויף שפּאַציר, שעפּען פרישע לופט; איך טראַכט כמעט ניט וועגען דעם וואָס מען באַפרייט מיך, און ווען איך טראַכט יאָ, פיהל איך ניט דאָס וואָס איך וואָלט גע־דאַרפט פיהלען אין אַזאַ מאָמענט, ווען מען גיט מיר ווידער די מעגליכקייט צו זעהן די ליכטיגע וועלט.

אָבער אַזוי שנעל ווי איך טרעט אריבער די שוועל פון׳ם טהויער און דערזעה פאר זיך אַ נייע וועלט, ווערט מיר ניט גוט. אין די אויגען הויבט מיר אָן שווינדלען; מיר דוכט זיך, אַז דער באָדען אונטער מיינע פיס איז עפּעס צו ווייך. גלייך ווי דאָס וואָלט גאָר ניט געווען קיין ערד, נאָר וואַטע, און די וואַנט, אָן וועל־כע איך וויל זיך אָנהאַלטען, רוקט זיך אַוועק פון מיר, פּונקט ווי אַ דעקאָראַציע אין אַ טעאַטער. „איך קען ניט געהן! — שריי איך אויס מיט אַ געוויין. — איך קען ניט געהן — די וואַנט רוקט זיך אַוועק!“

די זשאַנדאַרען נעמען מיך אָן אונטער׳ן אָרעם און לאָזען מיך ניט פאַלען. „דאָס האָט די פרישע לופט אויף אייך אַזוי גע־ווירקט“ — באַרוהיגט מיך דער וואַכמייסטער.

מען פיהרט מיך ווייטער. איך דרעה זיך אויס מיט׳ן פּנים צו דער טורמע און געזעגען זיך ווידער מיט מיינע ליעבע חברים. איך זעה ווי זיי האָבען צוגעשפּאַרט זייערע פּנים׳ער צו די פענס־טער און באַגלייטען מיך מיט די אויגען. אייניגע מאַכען אין דער לופטען מיט די פּאַטשיילעכלאַך: „זייט געזונד! זייט געזונד!“

די שיף וואָס דאַרף מיך אַוועקפיהרען קיין פּעטערבורג, איז נאָך נישטאָ און איך מוז וואַרטען אין דער דושנער און שטויביגער קאַנצעלאַריע, וואו דער קאָמענדאַנט און זיינע אונטערטאַנען דרע־הען זיך אַהין און אַהער.

— ווערא ניקאָלאַיעוונאַ, — ווענדעט זיך צו מיר דער קאָ־מענדאַנט, — איהר ווילט אפשר אַ גלאָז טהע?

„ווערא ניקאָלאַיעוונאַ“. ווי גוט דאָס קלינגט!

צוואַנציג יאָהר נאַכאַנאַנד האָב איך ביי זיי גאָר קיין נאָמען ניט געהאַט. זיי האָבען מיך גערופען „נומער עלף“, לויט דעם נו־מער פון דעם קאַמער, וואו איך בין געווען פאַרשפּאַרט. ערשט מיט צעהן מינוט צוריק האָט מיך דער קאָמענדאַנט גערופען „נומער עלף“, און מיט אמאָל גאָר — „ווערא ניקאָלאַיעוונאַ!“

ניין! איך בין זיי מוחל די גוטסקייט! איך וויל ניט קיין טהע!...

עס געהט אוועק א שטונדע און אפשר מעהר. ענדליך קומט אריין דער אויפזעהער, א קליין מענשעלע און א גרויסער עקשן, וועלכען מיר האבען אלע פיינט געהאט. „זייט אזוי גוט און קומט!“ מאכט ער צו מיר גאנץ העפליך און מיר לאזען זיך געהן צום טויער. נאך א פאר שפאן — און דער טויער וואו מיינע חברים בלייבען פארשפארט, וועט אינגאנצען פארשווינדען פון מיינע אויגען... אבער איך דרעה זיך מעהר ניט אוים מיט'ן פנים אהין. איך האב מורא, און חוץ דעם וויל איך ניט געבען צופיעל פרייהייט מיינע געפיהלען...

פון יענער זייט טויער, רעכטס, געפינט זיך די לאדאזשעסקע אזערא. די שטראהלען פון דער זון שפיגלען זיך אפ אין דער וואסער און פון דער ווייטענס דוכט זיך אוים, אז קוועקזילבער לויפט דארטען ארום.

ביים ברעג פונ'ם אינזעל איז די וואסער אביסעל קלויציג. אט זעה איך דעם טייך נעווא און באמערק ווי די וואסער מינעט זיך. פון דער ווייטען שטעהט א שיף, און דורך דעם רויך וואס שלענגעלט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, זעהט מען קוים־קוים א דערפעל.

אלעס ארום איז אזוי שעהן! איך וויים, אז עס איז שעהן, אבער פיהלען פיהל איך דאס ניט. איך פרעה זיך ניט. איך ווער ניט באגייסטערט, און איך וויים אליין ניט פארוואס איך בין אזוי גלייכגילטיג און כאפ ניט קיין התפעלות פון דער שעהנקייט פון דער נאטור.

די זון שיינט. ארום און ארום איז ליכטיג, פריי און ברייט. אבער וואס געהט עס מיך אן!

אין מערב זייט האט זיך פארשפרייט א פאס פון וואלקענס. גאנץ שעהן! — קלעהר איך מיר, און באלד באשטים איך וואס פאר א קאליר די וואלקענס האבען און עס פאלט מיר איין, אז אין דעם זשורנאל „ניווא“ וואלט דאס געווען א גאנץ פיינע אילוס־טראציע.

אין א קליין שיפעל פיהרט מען מיך צו צו דער גרויסער שיף. דער קאמענדאנט און דער אויפזעהער באגלייטען מיך. אויף דער גרויסער שיף איז קיינער נישטא.

„פּאַלונדרא“ — לייען איך איבער דעם אויפשריפט אויף דער שיף און דער מאָדנער נאָמען קריצט זיך מיר איין אין זכרון.

וואָס „פּאַלונדרא“ מיינט ווייס איך ניט. ערשט מיט עטליכע טעג שפּעטער, ווען איך האָב זיך געזעהן מיט מיין ברודער ניקאָ־לאַי, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אויף דעם זשארגאָן פון די מאַטראָ־סען מיינט „פּאַלונדרא“ — „היט זיך“!

דערנאָך איז מיר דאָס וואָרט „פּאַלונדרא“ שטענדיג געשטאַ־נען פאר די אויגען. איך האָב אין דעם געזעהן אַ געהיימניספולען צייכען און אַ מאָדנע וואָרנונג; איך געה אָנהויבען אַ ניי לעבען און מען באַגעגענט מיך מיט אַ וואָרנונג „היט זיך“!...

האָט דער אויפשריפט מיך געוואָלט אויסהיטען פון געפאַהר? „בריה זיך ניט מעהר און פאַרגעס אָן דיינע חלומות!“ אָדער האָט ער מיר אפשר געוואָלט זאָגען: „דאָס איז נאָך גאָר ניט. וועסט נאָך האָבען קאַלטס און וואַרעמס“.

די וואָרנונג איז מיר קיינמאָל פון׳ם קאָפּ ניט ארויס. איך האָב געהאַלטען אין איין קלערען וועגען דעם.

אויף דער שיף, ניט ווייט פון פּעטערבורג, האָב איך געפרעגט וואוהין מען פיהרט מיך.

דארויף האָט מיר דער אויפזעהער געענטפערט:

— צוויי חברים אייערע, וואַסילי איוואַנאָוו׳ן און אַשענברע־נער׳ן, האָב איך נעכטען אָפּגעפיהרט פון שליסעלבורג אין דער פּעטערבורגער טורמע, וואו מען האַלט אַרעסטאַנטען איידער מען פאַרשיקט זיי, און אייך דאַרף איך אָפּפיהרען אין פּעטראָפּאַוו־לאָווסקער פעסטונג.

עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים הארצען. ווידער אין אַ פעס־טונג!

דער גאַנצער ברעג פון׳ם טייך נעווא איז געווען באַלויכטען מיט פייערלאַך ווען די „פּאַלונדרא“ האָט זיך ארום צעהן אַ זייגער אויף דער נאַכט אָפּגעשטעלט ביי דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעס־טונג.

„געהט ארונטער,“ — זאָגט מיר דער זשאַנדאַר, און ווייזט מיר אָן אויף דעם אָרט, וואו מען לעגט געוועהנליך אַוועק אַ טרעפּ ארונ־טערצוגעהן פון דער שיף.

אָבער איך האָב קיין טרעפּ ניט געזעהן, ווייל עס האָט מיר

געשווינדעלט אין די אויגען, און דעריבער האָב איך זיך ניט גע־ריהרט פון אָרט.

„נו, פאַרוואָס געהסט איהר ניט?“ פרעגט מיך דער אויפזעהער.

„ווייל איך זעה דאָ ניט קיין טרעפּ“, ענטפער איך.

„אָט זיינען דאָך די טרעפּ“, ווייזט ער מיר מיט’ן פינגער.

איך זעה אָבער פאָרט גאָר ניט, און איך זאָג:

„וואו טרעפּ, ווער טרעפּ? דאָ איז דאָך וואַסער“.

דאַן האָבען מיך צוויי זשאַנדאַרען אָנגענומען אונטער’ן אָרם און האָבען מיך אַראָפּגעפיהרט אויפ’ן ברעג. דאָרטען האָט שוין אַ קאַרעטע געוואַרט אויף אונז.

ווידער אייזערנע גראַטעס. ווידער דער טויער פון דער פּעטראָ־פּאַװלאָװסקער פעסטונג. איך געדענק איהם נאָך זעהר גוט, דעם טויער. מיט צוואַנציג יאָהר צוריק האָט מען מיך פון דאַנען אַרויסגעפיהרט, און איך געדענק נאָך ווי דער גוטער סאָלדאַט, וואָס איז דאָרטען געשטאַנען, האָט מיך באַגלייט מיט אַ בליק פון מיט־לייד.

איך דערקען אויך די טרעפּ, וואָס פיהרען אַרויף אין דעם לאַנ־גען קאָרידאָר. דאָרטען פלעג איך געהן איינמאָל אין צוויי וואָכען, ווען מען האָט מיך געפיהרט זיך זעהן מיט דער מאַמען און מיט דער שוועסטער.

און אָט איז די קאַמער נומער 43. דאָרטען בין איך געוועזען פאַרשפּאַרט קנאַפּע צוויי יאָהר, ביז’ן פּראָצעס. איצט איז זי פאַר־נומען און מיך פיהרט מען אַריין אין אַן אַנדער קאַמער.

די קאַמער, וואו מען פאַרשפּאַרט מיך איצט איז גרויס, אָבער די סטעליע איז נידעריג. עס ברענט שוין דאָרט ניט קיין קעראָסין־לעמפּעל, נאָר אַן עלעקטריש לעמפּעלע.

עפּעס פיהל איך זיך זעהר ניט גוט אויף דעם נייעם פּלאַץ! עס איז מיר אומעטיג און שרעקליך שווער אויפ’ן האַרצען. אָבער איידער איך אוספּייע זיך אַוועקצוזעצען אויפ’ן בעטעל, שליסט מען אויף דיר טיר און עס קומט אַריין אַ הויכער מאַן, אין די מיטעלע יאָהרען, אָנגעטאָן אין אַן אָפיצערסקען מונדיר. דאָס פּנים איז ביי איהם אַ מאָגערס, אָהן אַ ברעקעל אויסדרוק, און די אויגען זיינען ביי איהם גרויע, באַלעכאַטע און ניט קיין אַנגענעמע.

— ביי אונז וועט אייך זיין גוט. — זאָגט ער מיר, מאַכענדיג אַ וואַזשנעם אָנשטעל און ווייזט אַז מיט דער האַנט אויפ’ן קאַ־

מער — גאר אנדערע צייטען איצטער. די פעטראפאוולאווסקער פעסטונג האט איצט גאר אן אנדער פנים — עלעקטרישע באלייכ־טונג, באקוועמליכקייטען.

וואס איז דאס פאר א מין? — בין איך געווארען אומרוהיג. ווי עס שיינט, דענקט ער, אז מיר וועט דא אויסקומען א לאנגע צייט צו געניסען פון זיין „גאסט־פריינדליכקייט“. געשיקט זיך, אז אנשטאט צו פארשיקען מיך אין סיביר, וועט מען מיך גאר האלטען פארשפארט דא? הייסט עס, אז מען האט פשוט אויסגע־ביטען איין פעסטונג אויף אן אנדערער? און דא ווערט „ער“ מיט מיר א גאנצער „פאני בראט“ און פארווארפט מיך מיט פראגען וועגען שליסעלבורג; ווי אזוי איך האב דארטען געלעבט? צי האט מען מיר געגעבען געווג ביכער? און צי האב איך געהאט די גע־לעגענהייט זיך צו זעהן מיט מיינע אייגענע?

און טאמער איז מיר דאס וועניג, זעצט ער זיך אוועק לעבען מיר אויפ'ן בעטעל און פארבויגט איין פום הינטער זיך, גלייך ער וואלט געווען מיינער אן אלטער פריינד א נאהענטער. אזא חוצפה קען איך שוין ניט אריבערטראגען. און דערצו הויב איך טאקע אן מורא צו האבען פאר איהם... וואס וויל ער פון מיר, אט דער אונ־באקאנטער מענש, און וואס האט ער זיך אוועקגעזעצט לעבען מיר אויפ'ן בעטעל, פארבויגענדיג א פוס הינטער זיך?

„ארויס פון דאנען!“ — ווער איך אין כעס און גיב זיך א הויב פונ'ם בעטעל.

דער אויפזעהער האט זיך, אפנים, ניט געריכט אויף אזא קבלת פנים, און ער איז שנעל ארויס.

ענדליך בין איך אליין, אבער איך בין אזוי צוטראגען, אז איך קען זיך בשום אופן ניט בארוהיגען. וואס וועט זיין? וועט מען מיך אוועקפיהרען פון דאנען, אדער מען וועט מיך דא האלטען פארשפארט? און ווען וועט מען מיר געבען די מעגליכקייט זיך צו זעהן מיט מיינע אייגענע? די מאמע איז געשטארבען, און מיך האט זי ניט געזעהן. דאס איז גראד בעסער. וואס פאר א נחת וואלט זי געהאט ווען זי וואלט מיך יא געזעהן? פונקט דאן ווען זי האט געהאלטען ביים שטארבען, וואלט מען מיך געבראכט צו איהר אין דער באגלייטונג פון זשאנדארען... וואס וואלט איך איהר געזאגט, און וואס וואלט זי מיר געזאגט? ווי קען מען בכלל רעדען ווען א מאמע האלט ביים שטארבען און א טאכטער איז

צוואנציג יאהר געווען פארשפארט אין טורמע? דאס הארץ קען פלאצען ביי אזא באגעגעניש!...

איך קען זיך ניט בארוהיגען. ווי אזוי אנטלויפט מען פון די אייגענע געדאנקען? ווען איך האב א בוך, וואלט איך זיך פאר־טיעפט אין לייענען, און מיר וואלט אפשר גרינגער געווארען; מיט די פרעמדע געדאנקען וואלט איך דערשטיקט מיינע אייגענע.

הויב איך אן קלאפען אין טיר:

„וועכטער, זייט אזוי גוט און גיט מיר עפעס צו לייענען. איך קען ניט שלאפען."

„די ביבליאטעק איז פארמאכט. — ענטפערט דער וועכ־טער — אבער יוארט, איך וועל א פרעג טאן."

עם געהט אוועק א פערטעל שטונדע און א שלאנקער אונטער־אפיציער מיט א רויטען, אינטעליגענטען פנים, טראגט מיר אריין א בוך. איך נעם איהם אין די הענט אריין און עס פאלט ארויס א בילד. איך הויב זי אויף און דערזעה — נאדסאן.

איך הויב אן צו לייענען נאדסאנ'ס ליעדער און איך בין ניט צופריעדען. אין נאדסאנ'ען פיהל איך דעם מענשען פונ'ם ווארט און ניט דעם מענשען פון טהאט. און דאס איז מיר ניט צום הארצען. איך האב ליעב א מענשען וואס טוט און ניט א מענשען וואס רעדט. אבער מיין שטימונג בייט זיך; נאדסאנ'ס שוואכער ווילען רופט אין מיר ארויס מיין קראפט.

מעהר האב איך שוין קיין מורא ניט. דער פחד איז אינ־גאנצען אוועק. היינט ועט שוין, הייסט עס, קיין בייז ניט גע־שעהן. און מארגען — וועגען דעם דארף מען ניט קלערען.

איך נעם נאדסאנ'ס בילד און שטעל עס אוועק אויפ'ן טיש, אנגעשפארט אן דער קווארט. איך בין מעהר ניט אליין. א פריינד איז מיט מיר.

די קוראנטען פון דער פעטראפאוולאווסקער פעסטונג זינגען, פונקט ווי מיט צוואנציג יאהר צוריק... איך הויב אן איינשלאפען.

די כוואליעס פונ'ם טייך נעווא רוישען. די ווייסע שיף „פאלונדרא" גליטשט זיך אויפ'ן וואסער און פיהרט מיך ערגעץ ווייט־ווייט און וואוהין ווייס איך אליין ניט. איך ווייס אויך ניט אז „פאלונדרא" הייסט „היט זיך!"

## פינף און דרייסיגסטער קאפיטעל.

### די ערשטע באגעגעניש.



ס זיינען אוועק דריי טעג און מען האט מיר אלץ ניט געגעבען די מעגליכקייט זיך צו זעהן מיט מיינע אייגענע.

— איהר וועט זיי זעהן אין דעם זעלבען טאג ווען באזוכער קומען געוועהנליך אהער, — האט מיר דער אויפזעהער געזאגט.

מיך האט דאס שטארק פארדראסען, אבער אין דערזעלבער צייט האב איך פארשטאנען, אז עס איז בעסער אזוי.

מיין אונגעדולד צו זעהן די אייגענע האט זיך איינגעשטילט. אויפ'ן פערטען טאג האב איך זיך שוין ניט געערגערט. איך האב זיך פארטיעפט אין קארלייל'ס ווערק „העלדען און העלדישקייט".

אויפ'ן פערטען טאג, ארום איינס אזייגער, איז צו מיר ארייני געקומען דער אויפזעהער.

— גרייט זיך צו, — האט ער געזאגט — אייער ברודער און אייערע שוועסטער זיינען געקומען זיך זעהן מיט אייך. באלד וועט מען אייך ארויספיהרען צו זיי.

און ווען ער האט דערזעהן ווי איך בין בלאס געווארען, האט ער צוגעגעבען:

— איך האב זיי אנגעזאגט, אז זיי זאלען זיך האלטען אזוי גלייך קיין זאך וואלט ניט געשעהן.

„גלייך קיין זאך וואלט ניט געשעהן."

דאס איז געוועזען ברוטאל, און דאך זעהר קלוג.

דאס האט מען פאר אונז אזא פראגראם אויסגעארבייט — שפיעלען טעאטער, און די פיעסע זאל הייסען „גלייך קיין זאך וואלט ניט געשעהן"... פשוט גערעדט: זיך ניט ווארפען איינער דעם אנדערען אויפ'ן האלז, זיך ניט שלאגען קאפ אן דער וואנט

און ניט וויינען... אנטאן א מאסקע און דערשטיקען אלע גע־פיהלען!

... מען האט מיך גענומען פיהרען איבער קארידארען און טרעפ. עס האט מיר ווידער אנגעהויבען שווינדלען אין די אויגען און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז אט־אט פאל איך.

די טיר האט זיך געעפענט.

איך האב אויפגעהויבען די אויגען און האב דערזעהן מיין ברודער פיאטער און מיינע שוועסטער:

אבער גאר אנדערע.

אויף א באנק איז געזעסען א מאן אין די מיטעלע יאהרען, א דיקער, א מאסיווער, א שעהנער אינזשעניר, וואס האט זיך אויסגעבעט א פיין ווינקעלע אין לעבען. דאס איז געווען מיין ברודער, וועלכען איך האב געדענקט אלס א אינגעל מיט רויטע בעקלאך.

לעבען איהם זיינען געזעסען דאמען, מאמעס פון קינדער, און דאס זיינען געווען מיינע שוועסטער, וועלכע איך האב געדענקט אלס קליינע מיידעלאך.

און איך בין געשטאנען א צוטומעלטע און האב קיין ווארט ניט געקענט ארויסרעדען, פונקט ווי יענע אין דיקענס׳עס ראמאן, וועלכע האט מיט יאהרען צוריק אפגעשטעלט דעם זייגער ביי צוועלף, אין דעם טאג ווען איהר באשערטער האט געדארפט קומען און איז ניט געקומען.

מיין לעבען האט זיך אויך אפגעשטעלט מיט צוואנציג יאהר צוריק, און איך בין אלץ געווען אונטער׳ן איינדרוק, אז דאס גאנצע לעבען האט זיך אפגעשטעלט און געהט ניט ווייטער.

מיין ברודער האט זיך אוועקגעזעצט לעבען מיר און האט אריינגענומען מיין האנד אין זיינער, און אזוי איז ער מיט מיר געזעסען די גאנצע צייט.

איך האב מורא געהאט זיך א ריהר צו טאן, האב איך די גאנצע צייט געקוקט אויף איהם און זיך אלץ געוואלט פארשטעלען דעם אמאליגען פעטיא מיט די רויטע בעקלאך. איך האב אויף איהם געקוקט אזוי לאנג ביז איך האב אין זיין פנים געפונען דאס וואס איך האב געזוכט, דאס אייגענע, דאס נאהענטע, און דאן האב איך דערפיהלט, אז ס׳ווערט מיר א ביסעל גרינגער אויפ׳ן הארצען; איך קען צונויפבינדען די פארגאנגענהייט פון צוואנציג

יאָהר צוריק, מיט עפּעס וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם איצטיגען מאָמענט, ווען איך ביז אַזוי אומגליקלאַך...

...פון וואָס מיר האָבען דאַן גערעדט? איך געדענק ניט. ווערטער, וואָס קלעפּען זיך ניט איינס צום אַנדערען. פּוסטע קלאַנגען, פאַלשע, פּונקט ווי מען וואַרפט פאַלשע מטבעות אויף אַ מאַרמאָרנעם טיש... אויסגעלאָשען די פייערען און געשפּיעלט טעאַטער, און די פּיעסע האָט געהייסען „גליידך קיין זאַך וואָלט ניט געשעהן".

„ענדיגט!" — האָט אויסגערופען דער בעאַמטער.

...אין יענער נאַכט האָב איך זיך עטליכע מאָל אויפגעכאַפּט, און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אָט־אָט געה איך אַרונטער פון זינען. אין קאָפּ האָט זיך ביי מיר אַרומגעדרעהט אַ גאַנצע מחנה פון ווערטער, וואָס קלעפּען זיך ניט איינס צום אַנדערען. גלאַט ווערטער. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיי שיטען זיך ווי צו־קנייטשטע פּאַפּירלאַך פון אַ זאַק און פאַלען פּונקט ווי פונקען פון די אויגען, ווען מען כאַפּט אַ שטאַרקען קלאַפּ...

„וואָס איז דאָס?" האָב איך זיך אַליין געפרעגט.

געשיקט זיך, אַז אַזוי וועט עס שוין בלייבען און איך געה אַרונטער פון זינען?...

ע נ ד ע.